אליהו שולמאַן

# געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע

1900–1870

פאַרלאַג א. וו. בידערמאַן

ניו־יאָרק 1943

# אינהאַלט

די „געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע 1870—1900״ האָב איך געשריבן אין ווילנע במשך 1935—1936, ווי אַן אַספּיראַנט פֿון ערשטן טורנוס פֿון דער ד״ר צמח שאַבאַד־אַספּיראַנטור בײַ דעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט.

איך באַנוץ זיך דאָ מיט דער געלעגנהייט אויסצודריקן אַ דאַנק ד״ר מאַקס ווײַנרײַך, דעם אָנפֿירער פֿון דער אַספּיראַנטור, זעליג קלמנאָוויטש, זלמן רייזען, ד״ר י. שאַצקי און מ. שטאַרקמאַן פֿאַר זייערע עצות און אָנווײַזונגען.

אין טיפֿן טרויער דערמאָן איך אויך די פּריצײַטיק אומגעקומענע חבֿרים אַספּיראַנטן מ. נאַטיש און מנחם לינדער, און די אַנדערע אַספּיראַנטן און חבֿרים פֿון דער הערלעכער גרופּע „יונג ווילנע״, וואָס האָבן מיט אַזוי פֿיל מי און מסירת־נפֿש געאַרבעט פֿאַר דער ייִדישער וויסנשאַפֿט און ייִדישער ליטעראַטור, און וואָס האָבן אויף אַזאַ חבֿרישן אופֿן אָנגענעם געמאַכט מײַן ווײַלן אין ווילנע. ווער ווייסט, ווו און אויף וועמענס באַראָט זיי געפֿינען זיך איצט?

איך דאַנק דאָ אויך מײַן חבֿר, דעם דיכטער אליעזר גרינבערג, פֿאַר דורכלייענען דעם מאַנוסקריפּט און פֿאַר זײַנע קריטישע סוגעסטיעס.

א. ש.

ניו־יאָרק, 1943.

## קאַפּיטל איינס

# ייִדן אין אַמעריקע אין 19טן יאָרהונדערט

אין די לעצטע דרײַ צענדלינג יאָר פֿון 19טן יאָרהונדערט הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען די ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע. אין די יאָרן איז געלייגט געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿאַר דער אַמעריקאַניש־ייִדישער ליטעראַטור וואָס האָט זיך דאָ שפּעטער פֿונאַנדערגעבליט אין ערשטן פֿערטל פֿון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט.

דער ערשטער פּעריאָד פֿון דער אַמעריקאַניש־ייִדישער ליטעראַטור — די עפּאָכע וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט — צייכנט זיך ניט אויס מיט גאָר קיין גרויסע דערגרייכונגען. די פּראָזע איז אַ גאַנץ באַשיידענע — און אַפֿילו די דיכטונג קאָן זיך אויך ניט באַרימען מיט גאָר גרויסע אויפֿטוען, — אָבער אָן דעם פֿונדאַמענט וואָס איז דעמאָלט געלייגט געוואָרן פֿון די פּיאָנירן וואָלט ניט אויפֿגעקומען אַזאַ ליטעראַטור, ווי עס איז דאָ אויפֿגעקומען אין די שפּעטערע יאָרן.

די ייִדיש־אַמעריקאַנישע ליטעראַטור פֿון ערשטן פּעריאָד צייכנט זיך אויס מיט איר רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער. דאָס איז איר הויפּטשטריך. די ליטע־ראַטור איז מערסטנס אַן אַרבעטער־ליטעראַטור — אין דעם זין וואָס דער הויפּט־העלד און דער הויפּטמאָטיוו זײַנען דער אַרבעטער און דער שטאַנד פֿון אַרבע־טער. די מער באַגאַבטע שרײַבערס און דיכטערס האָבן זייער גאַנצן טאַלאַנט און זייער גאַנצע ענערגיע געווידמעט דעם ייִדישן אַרבעטער. די ייִדישע שרײַבערס שילדערן דאָס זייער שווערע און פּײַנפֿולע לעבן פֿון דעם ייִדישן אימיגראַנט אין דעם נײַעם לאַנד — וואָס איז געוואָרן אַ נײַע היים פֿאַר אַ גרויסן פּראָצענט פֿון ייִדישן פֿאָלק. די אַמעריקאַניש־ייִדישע ליטעראַטור פֿון ערשטן פּעריאָד איז אַן אימיגראַנטישע ליטעראַטור. די שרײַבערס פֿילן זיך נאָך ניט אַקלימאַטיזירט אין דער נײַער היים. זיי פֿילן זיך נאָך פֿרעמד אין אַמעריקע. זיי בענקען נאָך אַ היים, — זיי שרײַבן דערפֿאַר מערסטנס אויף היימישע טעמעס און דריקן אויס אויף אַזאַ אופֿן זייער בענקשאַפֿט, זייער אומרו און די שוועריקייטן אײַנצולעבן זיך אין אַ נײַער סבֿיבֿה.

אָבער דאָס איז ניט מער ווי נאַטירלעך, — ווײַל ליטעראַטור איז שטענדיק אַ פּראָדוקט פֿון דער צײַט און פֿון דער סבֿיבֿה, ווו זי ווערט באַשאַפֿן; און אויך אין דער דאָזיקער ליטעראַטור האָבן מיר אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דעם לעבן, קאַמף און אידעען פֿון ערשטן דור ייִדישע אימיגראַנטן.

## קאַפּיטל איינס

כּדי בעסער צו פאַרשטיין די ייִדישע ליטעראַטור (1870—1900) — מוזן מיר זיך באַקענען מיט דעם הינטערגרונט, מיט די סיבות פון דער ייִדישער אימיגראַציע קיין אַמעריקע, מיט דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע און מיט דעם אופן ווי אַזוי די ייִדישע מאַסן האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַמעריקע.

ניט צוליב ווילטאָג פאַרלאָזן פּלוצים מחנות מענטשן זייערע היימען; און ניט צוליב פאַרגעניגן וועגן האָבן גרויסע מאַסן רוסישע, פּוילישע און רומענישע ייִדן פאַרלאָזט זייערע ווינערטער און זיך איבערגעקליבן אין דער ווייטער אַמעריקע. געטריבן פון נויט, הונגער, דחקות, פּאָגראָמען, שרעק און פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען, האָבן הונדערטער טויזנטער ייִדן פאַרלאָזט זייערע היימען, ווו זיי זיינען געווען איינגעוואָרצלט פאַר הונדערטער יאָרן — און זיך באַזעצט אין דער נייער היים. די ייִדישע מאַסן האָבן אויסגעקליבן אַמעריקע און ניט קיין אַנדער לאַנד, ווייל אין דער נייער וועלט האָבן זיי זיך בעסער געקאָנט איינאָרדענען. אין אַמעריקע האָבן זיי געהאַט מעגלעכקייטן צו געפינען, מער אָדער ווייניקער, עקאָנאָמישע זיכערהייט און פּאָליטישע פרייהייטן.

שווער און ביטער איז געווען די לאַגע פון די ייִדן אין רוסלאַנד אין 19טן יאָרהונדערט. 94% פון אַלע ייִדן האָבן געוווינט אין תּחום־המושב. 11.6% פון דער באַפעלקערונג אין תּחום איז באַשטאַנען פון ייִדן, און בלויז 2.5% פון דער ייִדישער באַפעלקערונג איז געווען באַשעפטיקט ביי לאַנדווירטשאַפט. 31.5% ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל און 36% מיט אינדוסטריע. ייִדן זיינען אַלע מאָל געווען אָפּהענגיק פון די פּויערים, און די שווערע לאַגע פון די פּויערים האָט שווער געדריקט אויפן לעבן פון ייִדן. (1)

בלויז מיט אַ הונדערט יאָר פריִער האָבן נאָך די מערסטע ייִדן פון רוסלאַנד געלעבט אין די דערפער. זיי זיינען ניט געווען קיין ערד־אַרבעטער, זיי האָבן אָבער אויסגעפילט אַ וויכטיקע עקאָנאָמישע פונקציע. זיי האָבן אין יענע יאָרן געהאַנדלט מיט די פּויערים, נאָר צוליב די מלחמות, קאָזאַקן־אויפשטאַנדן און מהומות איז דער האַנדל שטאַרק געפאַלן. די פּויערים זיינען פאַראָרעמט געוואָרן, און דאָס האָט שלעכט געווירקט אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון ייִדן. דער ייִדישער אַרבעטער שטעלט צונויף אַ קליינעם פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, בעת דער ניט־ייִדישער בעל־מלאָכה האָט זיך אַלע מאָל אין אַ שווערער צייט געקאָנט אומקערן אין דאָרף, און ווי ניט איז זיך דערנערן. אָבער פאַרן ייִדישן בעל־מלאָכה איז ניט געווען קיין וועג צוריק; ער האָט ניט געהאַט וווהין און צו וואָס זיך אומצוקערן, ער האָט געמוזט בלייבן אין שטעטל.

די ייִדישע שטעט און שטעטלעך פון תּחום־המושב זיינען געווען פול מיט אָרעמע ייִדן. אין 1808 האָבן זעכציק טויזנט ייִדישע פאַמיליעס, לערך אַ האַלבער מיליאָן מענטשן, געמוזט פאַרלאָזן די דערפער. די רעגירונג האָט

געוואָלט אַריבערפֿירן די ייִדן אויף נײַע פּרנסות. די זעלביקע רעגירונג האָט אָבער ניט אַסיגנירט קיין געלט אויף צו פּראָדוקטיוויזירן די ייִדישע מאַסן — און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז צו די אָרעמע שטעטלשע ייִדן זײַנען צוגעקומען נײַע קבצנים און אָרעמע לײַט. אין 1803 האָט מען אָנגעהויבן אַרויסטרײַבן מאַסן ייִדן פֿון די דערפֿער פֿון וויטעבסקער גובערניע. און די נויט אין די ייִדישע שטעטלעך איז געוואָרן נאָך גרעסער ווי פֿריִער. דחקות, עפּידעמיעס און הונגער האָבן געהערשט אין די שטעטלעך. און ייִדן זײַנען געווען געצוווּנגען צו זוכן נײַע היימען. אין די ווײַסרוסישע שטעט האָבן זיך דעמאָלט פֿאַרשפּרייט לעגענדעס וועגן אַ נײַער געגנט, וואָלין (דער פּעריִאָד ווערט געשילדערט פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרים). אין 1822 האָבן 6,598 ייִדישע נפֿשות אויסגעוואַנדערט קיין נײַרוסלאַנד. די לעגענדע וועגן וואָלין האָט אָבער גיך געפּלאַצט — ווײַל אויך דאָרטן האָט געהערשט אָרעמקייט צווישן די ייִדישע מאַסן, און די איבערוואַנדערונג האָט ניט געקאָנט לייזן זייערע ספּעציפֿישע נויטן. ביז אין 1827 איז געקומען די נײַע פֿאַראָרדענונג צו נעמען ייִדישע רעקרוטן. ייִדן האָבן ווידער גענומען וואַנדערן און לויפֿן, כּדי צו ראַטעווען זייערע קינדער. מען האָט פֿאַרלאָזן היימען און געשעפֿטן און מ'איז געלאָפֿן ווּ עס האָט זיך נאָך געלאָזט. אין דעם זעלביקן פּעריִאָד האָט מען אויך גענומען טרײַבן ייִדן פֿון די גרענעצשטעט, און דאָס האָט זיי נאָך מער פֿאַראָרעמט. די לאַגע פֿון ייִדן איז געווען אַזוי שווער און טרויעריק, אַז זיי זײַנען געווען אַפֿילו גרייט צו פֿאָרן קיין סיביר. אין 1835 האָבן זיבן הונדערט ייִדישע פֿאַמיליעס, וואָס זײַנען באַשטאַנען פֿון 2,500 נפֿשות געמעלדעט, אַז זיי זײַנען גרייט צו עמיגרירן פֿון זייערע היימען קיין סיביר. די נײַ געגרינדעטע ייִדישע קאָלאָניעס אין דרום־רוסלאַנד האָבן אָבער אויך ניט פֿאַרגרינגערט זייער שווערע לאַגע. דאָס ביסל ייִדן וואָס האָבן געוווינט אין די גרויסרוסישע שטעט האָבן שטאַרק געליטן פֿון די רוסישע סוחרים וואָס האָבן געפֿירט אַ קאַמף קעגן זייערע ייִדישע קאָנקורענטן. מען דאַרף אָבער צוגעבן, אַז עס האָט זיך אויך געפֿונען אַ קליינע צאָל פֿאַרמעגלעכע ייִדן, וועמען ס'האָט זיך געלעבט גאַנץ גוט אין רוסלאַנד. אָבער די לאַגע פֿון די מערסטע ייִדן איז געווען אַ מיזערנע, און מיט דעם דערקלערט זיך וואָס קיין אַמעריקע זײַנען געפֿאָרן די אָרעמע שיכטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. (2)

אין צווייטן העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען דער קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד. די אינדוסטריע, דער האַנדל צעוואַקסן זיך, אָבער בלויז אַ קליינער טייל פֿון די רוסישע ייִדן האָט זיך אַרײַנגעפּאַסט אין דער נײַער אינדוסטריעלער אָרדענונג. דער תּחום איז געוואָרן פֿול מיט באַפֿרײַטע פּויערים וואָס זײַנען געקומען זוכן אַרבעט. אין דער צײַט וואָס געציילטע ייִדן זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין דער נײַ אַנטוויקלטער אינדוסטריע, זײַנען אָבער די מערסטע ייִדן געבליבן קבצנים און דלפֿנים. (3)

אַחוץ דעם איז די אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד אַנגעגאַנגען לאַנגזאַם און עס זײַנען געווען פֿיל אײַנגעפֿונדעוועטע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט צופּאַסן צום קאַפּיטאַליזם. „דאָס האָט געמאַכט שווערער די לאַגע פֿון די קאַפּיטאַליסטן און פּראָדוצירער: זיי האָבן געליטן סײַ פֿונעם קאַפּיטאַליזם, סײַ פֿון דער ניט־גענוגיקער אַנטוויקלונג פֿון קאַפּיטאַליזם”. (4)

אונטער די אומשטאַנדן האָבן יידן באַזונדער שטאַרק געליטן פֿון דעם, וואָס זיי זײַנען אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון זייערע אַלטע פּאָזיציעס — און האָבן זיך ניט געקאָנט לײַכט אַרײַנפּאַסן אין די נײַע. די לאַגע פֿון יידן אין רוס־לאַנד איז געווען אַ שווערע, סײַ פֿאַרן אָנהייב פֿון קאַפּיטאַליזם, סײַ נאָך דעם ווי דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין רוסלאַנד.

די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד, געטריבן פֿון עקאָנאָמישער נויט און פּאָלי־טישער רעכטלאָזיקייט, האָבן גענומען זוכן נײַע וווין־ערטער, אַ נײַע היים — און אונטער די אומשטאַנדן האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע אויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע. רוסישע און פּוילישע יידן האָבן שוין פֿון פֿריִער געהאַט אַנטדעקט אַמעריקע. שוין אין דער צײַט פֿון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע (1776), שוין דעמאָלט, האָט אַ מיזרח־אייראָפּעיִשער ייד געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין דעם אַמעריקאַנער קאַמף פֿאַר אומאָפּהענגיקייט. נאָך אין 1827, ווען עס איז אין רוסלאַנד אַרויס די פֿאַראָרדענונג וועגן נעמען יידן אין דער אַרמיי, זײַנען שוין יידן געלאָפֿן קיין אַמעריקע; און שפּעטער, ווען דער געזעץ איז אָנגעווענדט געוואָרן אויך אין פּוילן, האָט זיך די עמיגראַציע קיין אַמעריקע פֿאַרגרעסערט. דער דורכגעפֿאַלענער פּוילישער אויפֿשטאַנד פֿון 1863 און דער הונגער פֿון 1869 האָבן געצוווּנגען מאַסן יידן אויסצוּוואַנדערן אין דער נײַער וועלט. (5)

אַרום 1870 זײַנען שוין אין אַמעריקע געווען 7,500 רוסיש־פּוילישע יידן. מחמת דער געענדערטער עקאָנאָמישער לאַגע אין רוסלאַנד האָט זיך די יידישע אימיגראַציע פֿאַרגרעסערט — און אין די יאָרן 1870—1880 זײַנען שוין אָנגע־קומען קיין אַמעריקע 41,051 יידן פֿון רוסלאַנד — אַ דורכשניט פֿון 4,000 אַ יאָר.

נאָך איידער די גרויסע מאַסן אימיגראַציע האָט זיך אָנגעהויבן, איז שוין אין ניו־יאָרק געווען אַ יידישע סבֿיבֿה; אין 1872 זײַנען שוין געווען אין ניו־יאָרק נײַן און צוואַנציק שולן. די ערשטע אימיגראַנטן האָבן דאָ אײַנגעפֿירט דעם אַלטן יידישן לעבנס־שטייגער. מען האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון אייראָפּע חזנים, רבנים און דיינים. די ערשטע יידישע אימיגראַנטן האָבן דאָ וואַרעם אויפֿגענומען די נײַ אָנגעקומענע. די לעצטע האָבן זיך שוין ניט געפֿילט אַזוי איינזאַם אין דער נײַער סבֿיבֿה ווי די ערשטע אימיגראַנטן. מיט דער צײַט האָט זיך דאָ גענומען אויסקריסטאַליזירן אַ יידישער שטייגער וואָס איז געווען אַ געמיש פֿון פֿרומער יידישקייט און ביליקן אַמעריקאַניזם. ווען אַב. קאַהאַן איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע (1882), האָט ער שוין דאָ געפֿונען אָט די נײַע יידישקייט, וואָס איז

מערסטנטייל באַשטאַנען פֿון פֿרומקייט און פֿלאַכן אַמעריקאַניזם. דער יידישער קוואַרטאַל איז געווען קליין און אָרעם און פֿיל מיט פּראָסטע יידן. (6)

די יידישע גרויסע מאַסן־אימיגראַציע קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1881, ווען 5692 יידן האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. די דירעקטע סיבה פֿון דער מאַסן־אימיגראַציע זײַנען געווען די פּאָגראָמען, אָבער די הויפּט־סיבות זײַנען געווען עקאָנאָמישע. די אימיגראַציע האָט זיך פֿון דעמאָלט אָן פֿאַרגרעסערט פֿון יאָר צו יאָר. די פֿריִער אָריבערגעקומענע האָבן מיט דער צײַט אַריבערגענומען זייערע קרובֿים און באַקאַנטע. יעדער מאָל ווען אַ נײַער פּאָגראָם איז אויסגעבראָכן, האָבן גרעסערע מאַסן יידן זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. די אימיגראַציע האָט זיך נאָך מער פֿאַרגרעסערט ווען מען האָט אין 1891 גענומען אַרויסשיקן יידן פֿון מאָסקווע און ווען מען האָט זיי אין 1893 געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן די דערפֿער. די שטעטלעך אין תּחום זײַנען נאָך יעדן גירוש געוואָרן פֿול מיט נײַע, היימלאָזע יידן, וואָס האָבן פֿאַרגרעסערט די ענגשאַפֿט אין די שוין אַזוי אויך איבערגעפּולטע שטעט און שטעטלעך, און דאָס האָט נאָך שווערער געמאַכט די לאַגע פֿון יידן און זיי געצוווּנגען צו אימיגרירן. (7)

פֿאַר די נײַנצן יאָר, צווישן 1881 און 1900, איז העכער אַ האַלבער מיליאָן יידן אָנגעקומען קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין זייער נײַער היים. אַ שטודיע פֿון דער יידישער עמיגראַציע באַווײַזט ווי אין די יאָרן פֿון שפֿע אין אַמעריקע איז די אימיגראַציע געשטיגן און אין יאָרן פֿון קריזיס איז די אײַנוואַנדערונג געפֿאַלן. די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד רעגולירט און באַשטימט דעם וווּקס פֿון דער יידישער אימיגראַציע. אַזוי זעען מיר, אַז אין יאָר 1881 זײַנען אָנגעקומען קיין אַמעריקע 5,692 יידן, אין 1882 — 13,202, און אין 1887 דערגרייכט שוין די צאָל אַריבערגעקומענע יידן 33,044.

אין די פֿינף יאָר פֿון 1881 ביז 1886 זײַנען אָנגעקומען קיין אַמעריקע בלויז 77,105 יידן, און אין די יאָרן 1887—1892 — 243,687 יידן. צוליב דעם אינדוסטריעלן קריזיס פֿון 1893—1898 איז די אימיגראַציע ווידער געפֿאַלן. אין די זעקס יאָר זײַנען אַרײַנגעקומען אין לאַנד 167,566 יידן. צוזאַמען זײַנען אין די יאָרן 1881—1900 אָנגעקומען קיין אַמעריקע 580,000 יידן. אין די יאָרן 1881—1890 האָבן יידן אויסגעמאַכט בלויז 3.7% פֿון דער אַלגעמיינער אימיגראַציע קיין אַמעריקע, אָבער אין די יאָרן 1890—1900 איז דער פּראָצענט יידישע אײַנוואַנדערער געשטיגן ביז 10.7. (8)

עס איז געשטיגן ניט נאָר די יידישע אימיגראַציע, נאָר אויך די אַלגעמיינע אימיגראַציע. אַחוץ יידן האָבן אויך אויסגעוואַנדערט אַהער אין גרויסע מאַסן דײַטשן, ענגלענדער און אירלענדער. אין 1882 זײַנען אָנגעקומען קיין אַמעריקע 788,992 אימיגראַנטן. שפּעטער האָט זיך צוליב דעם קריזיס אין אַמעריקע די אײַנוואַנדערונג אַ ביסל פֿאַרקלענערט. אָבער אין 1892 שטײַגט ווי־

דער די צאָל אימיגראַנטן: 623,084 מענטשן זײַנען דאָס יאָר אַרײַנגעקומען אין לאַנד. (9)

פֿון דעם איז לײַכט צו זען, אַז די יידישע אימיגראַציע קיין אַמעריקע איז ניט געווען קיין איזאָלירטע געשעעניש. זי איז געווען ניט בלויז אַן אויסוועג פֿון אַ ספּעציפֿיש יידישער לאַגע, נאָר אַן אַלגעמיינער אויסוועג. פֿאַרפֿאָלגטע און הונגעריקע מאַסן פֿון גאָר דער וועלט האָבן זיך געצויגן קיין אַמעריקע, און אַמעריקע איז גרייט געווען אויפֿצונעמען און אַרײַנצונעמען די אַלע געפּלאָגטע, ווײַל זי האָט זיי געוואָלט האָבן און האָט זיך אויך שטאַרק געניייטיקט אין זיי. די אויסגעקריצטע ווערטער אויף דער „סטאַטוע פֿון פֿרײַהייט", גענומען פֿון אַ ליד פֿון דער צאַרטער יידיש־פּאָרטוגעזישער דיכטערין עמאַ לאַזאַרוס, גיבן איבער ריכטיק דאָס געמיט פֿון דער דעמאָלטיקער אַמעריקע:

*Give me your tired, your poor,*
*Your huddled masses yearning to breathe free,*
*The wretched refuse of your teeming shore.*
*Send these, the homeless, tempest-tost to me,*
*I lift my lamp beside the golden door.*
—Emma Lazarus, "The New Colossus".

אין די יאָרן 1820—1893 זײַנען אַרײַנגעקומען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן 16 מיליאָן אימיגראַנטן און העכער אַ דריטל פֿון דער צאָל זײַנען אָנגעקומען אַהער צווישן די יאָרן 1880 און 1890. (10)

אין צווייטן העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך שוין אין אַמעריקע אָנגעהויבן אַ ראַשיקער פּראָצעס פֿון אינדוסטריאַליזאַציע — ספּעציעל איז זיך די אינדוסטריאַליזאַציע פֿונאַנדערגעוואַקסן נאָכן בירגערקריג (1861—1865). מען האָט אָנגעהויבן דורכפֿירן גרויסע אינדוסטריעלע פּראָיעקטן. אין 1869 האָט מען פֿאַרענדיקט בויען די אײַזנבאַן־ליניע צווישן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן און דעם פּאַסיפֿיק. אין יענעם פּעריאָד איז דערפֿונדן געוואָרן גאַז, עלעקטרישע באַלײַכטונג און טעלעפֿאָן. עס זײַנען אויך אָוועקגעלייגט געוואָרן די טעלעגראַפֿישע דראָטן צווישן אַמעריקע און אייראָפּע. מען דאַרף אויך ניט פֿאַרגעסן, אַז ביז 1856 איז בלויז אַ קליינע צאָל מענטשן געקומען אַהער אויף דאַמפֿשיפֿן. די מערסטע זײַנען ביז דעמאָלט אָנגעקומען אויף זעגלשיפֿן. אָבער פֿון 1865 אָן איז שוין די מערהייט אָנגעקומען אויף דאַמפֿשיפֿן.

צווישן די יאָרן 1865—1873 זײַנען אויף יעדן געביט פֿון אינדוסטריע פֿאָרגעקומען ריזיקע פֿאַרשריטן. דער היימישער מאַרק איז אויסגעברייטערט און פֿאַרגרעסערט געוואָרן. צוליב דעם טאַריף (שטײַער־אָפּצאָל) האָט זיך אָנ־געהויבן אַנטוויקלען אַ ברייטע פֿאַבריקאַציע. אין 1859 זײַנען אין אַמעריקע געווען 140,000 פֿאַבריקן, אָבער צען יאָר שפּעטער האָט שוין זייער צאָל דער־

גרייכט 250,000. אין 1865 איז אינוועסטירט געוואָרן אין פֿאַבריקאַציע אַ קאַפּיטאַל פֿון אַנדערטהאַלבן ביליאָן דאָלאַר, און אין 1878 איז די סומע פֿאַרטאָפּלט געוואָרן. די פּראָפֿיטן זײַנען געוואַקסן ווי אויף הייוון. אין די דאָזיקע יאָרן איז געלייגט געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿאַר אַמעריקעס גרויס־קאַפּיטאַל און פֿאַר אירע לעגענדאַריש־ריזיקע פֿינאַנץ־דינאַסטיעס.

אויך די שטאָל־אינדוסטריע צעבליט זיך שטאַרק אין יענע יאָרן. ס'ווערן דערפֿונדן מאַשינען וואָס פּראָדוצירן פּראָדוקטן אויף גרויסע מאַסשטאַבן. ס'קומען אויף פֿינאַנסירן און פֿינאַנץ־געשעפֿטן פֿון גרויסן פֿאַרנעם. אין 1864 זײַנען אין גאַנצן לאַנד געווען בלויז 584 בענק, און אין 1875 איז די צאָל באַנקהײַזער געשטיגן ביז 1566. אין די זעלביקע יאָרן איז די צאָל שפּאָרבענק אין ניו־יאָרק פֿאַרגרעסערט געוואָרן פֿון 74 ביז 158. די אינדוסטריע האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און אין דער זעלביקער צײַט איז אויך געוואַקסן דער מאַנגל אין אַרבעטער. האָבן זיך די פֿאַבריקאַנטן אַן עצה געגעבן, און האָבן אַוועקגעשיקט אַגענטן קיין אייראָפּע, פֿון וואַנען זיי זאָלן אימפּאָרטירן גרויסע מאַסן אַרבעטער, און דאָס האָט נאַטירלעך נאָך מער פֿאַרגרעסערט די אימיגראַציע.

אין די יאָרן נאָכן בירגערקריג איז דאָ אָנגעגאַנגען אַ פֿיבערהאַפֿטע טעטיקייט. מען האָט געלינען געלט, מען האָט ספּעקולירט, פֿאַרמשכּונט און געפֿירט געשעפֿטן אויף אַ גרויסן שטייגער. אָבער געווונען פֿונעם האַנדל און פֿון דער עקספּאַנסיע האָבן הויפּטזאַכלעך די קאַפּיטאַליסטן און די פֿינאַנסירן. די אַרבעטער האָבן פֿון דער גאַנצער שפּע געהאַט גאַנץ ווייניק. עס איז אמת, אַז זינט 1860 האָבן זיך די שכירות פֿון די אַרבעטער פֿאַרגרעסערט אויף זעכציק פּראָצענט, דערפֿאַר האָבן אָבער די פּרײַזן אויף לעבנס־מיטלען זיך פֿאַרגרעסערט אויף נײַנציק פּראָצענט. דירה־געלט איז געשטיגן נאָך מער ווי דאָס; אַרבעטער האָבן געוווינט אין ערגערע דירות ווי פֿאַרן בירגערקריג. די אַרבעטער זײַנען אויך געשפּײַזט געוואָרן מיט שלעכטע שפּײַזן, און בכלל איז די לאַגע פֿון די אַרבעטער אין 1870 געווען שווערער ווי אין 1860. (11) דאָס ווײַזט, אַז מיט דער אינדוסטריאַליזאַציע האָט זיך די לאַגע פֿון די אַרבעטער ניט פֿאַרבעסערט, נאָר פֿאַרערגערט. אַרבעטער האָבן געווייינטלעך געאַרבעט צען שעה אַ טאָג און פֿאַרדינט ניט מער ווי צוויי דאָלאַר. אַ טייל אַרבעטער האָבן געאַרבעט בײַ נאָך שווערערע באַדינגונגען. זיי האָבן געאַרבעט פֿון צוועלף ביז זעכצן שעה אַ טאָג פֿאַר די זעלביקע שכירות. די לאַגע פֿון דער אַרבעטער־פֿרוי איז געווען נאָך ערגער. די פֿרויען האָבן געאַרבעט לאַנגע שטונדן בײַ שווערער אַרבעט און האָבן פֿאַרדינט אַרום פֿינף דאָלאַר אַ וואָך.

די מערסטע נײַ אָנגעקומענע ייִדן זײַנען געווען באַשעפֿטיקט בײַ דער נאָדל־אינדוסטריע, אַ שווער פֿאַך, וואָס האָט זיך דערצו אַמווייניקסטן באַצאָלט. די לאַגע בײַ דער אינדוסטריע איז געווען אַ שווערע און אַ פּלאָגנדיקע. מיר וועלן זיך אויף דעם געניי און באַזונדער אָפּשטעלן אין דער ווײַטערדיקער אַרבעט.

## קאַפּיטל איינס

אָבער זאָל דאָ דערוויַיל באַמערקט ווערן, אַז ייִדן זיַינען דאָ ניט אַריַינגעפאַלן ווי אין אַ גן־עדן, ווי מאַנכע פון זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט, נאָר אין אַ לאַנד, ווו דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ברוטאַל און ראַשיק צו אַנטוויקלען. די אימיגראַנטן האָבן דאָ געדאַרפט דורכגיין דעם זעלביקן שווערן עטאַפּ ווי די מערסטע אַרבעטער אין דער צײַט פון דעם אָנהייב פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע. אָבער ווי שווער עס איז ניט געווען די לאַגע פון די ייִדישע אימי־גראַנטן אין דער ניַיער היים, איז זי אַלץ נאָך געווען בעסער ווי אין זייערע היימען אין מיזרח־אייראָפּע. אין אַ ייִדישער בראָשור, וואָס איז אַרויס אין אָדעס אין 1891, האָט ג. מ. פּרײַס געשריבן, אַז אַ פאַמיליע פון 5־6 פּערזאָן קאָן אין ניו־יאָרק מאַכן אַ לעבן פאַר אַכט דאָלאַר אַ וואָך. די זעלביקע פאַמיליע קאָן לעבן ליַיטיש פאַר צוועלף דאָלאַר אַ וואָך, און גאַנץ פיַין פאַר אַכצן דאָלאַר. און אַ צווייטער שריַיבער פון יענער צײַט (ניט קיין ייִד) האָט געשריבן, אַז די ייִדישע אימיגראַנטן האָבן געלעבט בעסער און געגעסן טיַיערערע שפּיַיזן ווי די ניט־ייִדישע אימיגראַנטן. (12)

ג. מ. פּרײַס ווערט באַטראַכט פאַר דעם ערשטן היסטאָריקער פון דער רוסיש־ייִדישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע. ער האָט אין אַ צאָל גלענצנדע קאָרעס־פּאָנדענצן אין דעם ייִדיש־רוסישן זשורנאַל „וואָסכאָד" (1891) דער ערשטער געשילדערט די שווערע ליַידן און יסורים פון די ייִדישע אימיגראַנטן אין אַמע־ריקע אין די ערשטע אַכציקער יאָרן. ער האָט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין קאָלאָניזירן ייִדישע אַרבעטער דאָ אין לאַנד. אין די לעצטע יאָרן איז ד"ר פּרײַס געווען דער גרינדער און הויפּטדאָקטאָר פון דעם „געזונט־צענטער" בײַ דער „אינטערנעשאָנעל לײדיס גאַרמענט וווירקערס יוניאָן". לויט די מיינונגען פון די, וואָס האָבן אים געקאָנט פּערזענלעך, איז ער געווען אייגער פון די מערק־ווערדיקסטע אידעאַליסטן און געלערנטע, וואָס זײַן דור האָט אַרויסגעגעבן. (ג. מ. פּרײַס איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, אין 1942).

אין 1890 האָט דער באַראָן הירש־פאָנד דורכגעפירט אַ פאָרמעלן צענזוס אין דרײַ רײַן אימיגראַנטישע, פּראָלעטאַרישע קוואַרטאַלן. די אונטערזוכונג האָט אַרומגענומען 111,690 ייִדישע נפשות. דערפון זײַנען 1967 געגאַנגען אין די אַלגעמיינע שולן, באַשעפטיקטע פּערזאָנען זײַנען געווען 21,979; פון די באַשעפ־טיקטע זײַנען געווען 16,813 אַרבעטער (די איבעריקע זײַנען געווען משרתים, פּעדלער און קרעמער). פון דער צאָל אַרבעטער זײַנען דרײַ פערטל געווען באַשעפטיקט בײַ נאָדל־אַרבעט. (13) דער פריִער דערמאָנטער ג. מ. פּרײַס האָט אָנגעגעבן, אַז 20% פון אַלע באַשעפטיקטע אימיגראַנטן האָבן געאַרבעט בײַ העמדער. (14) די שפּעטער אָנגעקומענע אימיגראַנטן זײַנען אויך אַרײַנגע־צויגן געוואָרן אין דער נאָדל־אינדוסטריע. עס איז דעריבער נייטיק צו באַקע־נען זיך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער נאָדל־אינדוסטריע, כדי צו זען אונטער

וואָס פֿאַר אַ באַדינגונגען די ערשטע יידישע אימיגראַנטן האָבן דאָ געלעבט, געאַרבעט און געבויט.

די אינדוסטריע פֿון פֿרויענקליידער, ביי וועלכע די נייע יידישע אימיגראַנטן האָבן געאַרבעט, האָט זיך שטאַרק פֿאַרגרעסערט אין לעצטן פֿערטל פֿון 19טן יאָרהונדערט. אין 1860 זיינען ביי אָט דער אַרבעט געווען באַשעפֿטיקט 5,739 אַרבעטער, אָבער צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין 1880, האָט שוין די צאָל אַרבעטער אין דער אינדוסטריע דערגרייכט 25,192. אין 1880 איז אין דער אינדוסטריע געווען אינוועסטירט אַכט מיליאָן דאָלאַר און אין 1890 האָט שוין דער אינוועסטירטער קאַפּיטאַל דערגרייכט איין און צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר. אין 1880 איז פּראָדוצירט געוואָרן סחורה פֿאַר צוויי און דרייסיק מיליאָן דאָלאַר און אין 1890 איז די פּראָדוקציע געשטיגן אויף אַכט און זעכציק מיליאָן דאָלאַר. די צאָל פֿון פֿאַבריקן האָט זיך, אין דעם זעלביקן פּעריאָד, פֿאַרגרעסערט פֿון 562 אויף 1,224 און די צאָל אַרבעטער האָט שוין אין 1890 דערגרייכט 39,149. גאָר אין די ערשטע צייטן פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע זיינען ביי דער אַרבעט געווען באַשעפֿטיקט מערסטנס פֿרויען, אָבער מיט דער דערפֿינדונג פֿון אַ נייעם צושנייד־מעסער (1876) האָט זיך די צאָל פֿרויען אַרבעטער שטאַרק פֿאַרקלענערט, און זייערע ערטער זיינען פֿאַרנומען געוואָרן פֿון מענער.

אין יענע יאָרן איז די פּראָדוקציע פֿון פֿרויענקליידער געלעגן אין די הענט פֿון דייטשע יידן. אַרום 1880 איז אַנטשטאַנען די קאָנטראַקט־סיסטעם, ד״ה מענטשן וואָס האָבן פֿאַרמאָגט אַ קליינעם קאַפּיטאַל האָבן אָנגענומען קאָנטראַקטן פֿון פֿאַרטיקע פֿרויענקליידער, און די „קאָנטראַקטאָרס״ פֿלעגן דערנאָך אַרויסגעבן די אַרבעט צו די ניי אָנגעקומענע אימיגראַנטן, וואָס פֿלעגן פֿאַרטיק מאַכן די קליידער ביי זיך אין דער היים. אָט די סיסטעם פֿון אַרבעטן אין דער היים איז געווען צוגעפּאַסט פֿאַר די אימיגראַנטן, וואָס האָבן פֿריער קיין מאָל ניט געאַרבעט אין אַ פֿאַבריק. די אָרעמע, ענגע וווינונגען זיינען דעמאָלט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין „פֿאַבריקן״, אין „שוויצשעפּער״, וואָס זיינען שפּעטער אַזוי פֿיל מאָל געשילדערט געוואָרן פֿון יידישע שרייבערס און דיכטערס. אין אָט די „פֿאַבריקן״ האָט מען געאַרבעט לאַנגע שעהען, אונטער שלעכטע סאַניטאַרישע באַדינגונגען און פֿאַר מיזערנע שׂכירות. מען האָט געאַרבעט, אין סעזאָן פֿון זעכצן ביז אַכצן שעה אַ טאָג. אַן אַרבעטוואָך איז באַשטאַנען פֿון זעכציק ביז פֿיר און אַכציק שעה. צווישן די יאָרן 1883 און 1885 זיינען צוליב דעם אויפֿקום פֿון די „שוויצשעפּער„ די שׂכירות געפֿאַלן פֿון פֿופֿצן דאָלאַר אַ וואָך אויף זיבן דאָלאַר. די בעסטע אַרבעטער פֿלעגן פֿאַרדינען צען דאָלאַר אַ וואָך, און די לאַנגזאַמערע האָבן פֿאַרדינט ניט מער ווי זעקס און זיבן דאָלאַר אַ וואָך.

דער געדיכטסטער יידישער קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק איז אין יענע יאָרן געווען דער צענטער באַצירק. פֿון יעדע דריי מענטשן איז איינער געשלאָפֿן אין צימערן אָן ווענטילאַציע. און אָט די ענגע און שלעכטע דירות זיינען נאָך דורך

די טעג פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין „פֿאַבריקן". פֿון דעם אַלעם קאָן מען זיך לײַכט פֿאָרשטעלן ווי אַזוי ס'האָבן געלעבט אין יענער צײַט די ייִדישע אַרבעטער. מען האָט געאַרבעט בײַ טאָג און בײַ נאַכט אין שמוציקע, ענגע צימערן, אָן לופֿט און אָן ליכט. אַ גרויסער פּראָצענט פֿון די אַרבעטער איז דעמאָלט קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט, ווי אַ רעזולטאַט פֿון די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען. די הײַזער זײַנען געווען מער ענלעך אויף פֿײַער־„פּאַסטקעס" ווי אויף וווינהײַזער, און אָפֿט מאָל האָבן טאַקע דאָ אויסגעבראָכן שׂריפֿות, און ניט איין מאָל זײַנען דאָ צענדליגער אַרבעטער־לעבנס געפֿאַלן קרבנות און אומגעקומען אין פֿײַער. דאָס שפּעטערדיקע „טרײַענגל־פֿײַער" איז געבליבן אַ טרויעריקע דאַטע אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אימיגראַציע אין אַמעריקע, און מאָריס ראָזענפֿעלד האָט שפּעטער אין זײַן באַרימט ליד „די רויטע בהלה" געשריבן אויפֿן טויט פֿון „די פֿאַרברענטע פֿאַבריק־מיידלעך אין ניו־יאָרק" און ער האָט אויסגעלאָדן זײַן גאַנצן צאָרן אין די פֿאָלגנדע פֿערזן:

אויף דײַן געוויסן, רײַכער, אונדזער טרויער,
אויף דײַן געוויסן אונדזער קלאָג.
עס זאָל דורך נאַכט און טאָג
דיך שרעקן דער פֿאַרברענטער מויער,
און אונדזערע טעכטער אין די פֿלאַמען
זאָלן דײַן לעבן פֿאַרסמען!
בײַ די שׂימחות פֿון דײַנע קינדער
זאָלסטו פֿילן די קללה
פֿון דער רויטער בהלה!

איז ניט קיין חידוש וואָס די אימיגראַנטן, וועלכע האָבן געאַרבעט בײַ אָט די באַדינגונגען זײַנען געווען אַנטוישט אין זייער נײַער היים, הגם — ווי מיר האָבן פֿריִער געזען — האָט זיך זיי דאָ געלעבט ניט ערגער ווי אין דער „אַלטער" היים, און אפֿשר נאָך בעסער. (15)

אַ סך פֿון די אַרבעטער האָבן אָבער אָנגעהויבן האַסן זייער אַרבעט און די קלאָגעדיקע אומשטענדן און געזוכט אַלערליי אויסוועגן ווי אַזוי פּטור צו ווערן פֿון זייער מיזערנעם שטאַנד. די וואָס האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט זײַנען אַליין געוואָרן „קאָנטראַקטאָרס" און פֿאַבריקאַנטן. אַנדערע זײַנען געוואָרן פּעדלער און קרעמער. אָט דער עלעמענט האָט אָנגעהויבן צו האַסן די פֿאַבריק, די אַרבעט, און ער איז געווען גליקלעך, ווען אים איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיך פֿון דעם גיהנומשן „סוועט שאַפּ". פֿון דעם עלעמענט האָט זיך אַנטוויקלט דער ייִדישער מיטלקלאַס און די ייִדישע בורזשואַזיע, וואָס האָבן זיך שפּעטער אָפּגעקערט מיט פֿאַראַכטונג פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג. דער דאָזיקער עלעמענט האָט שפּעטער באַשאַפֿן אַן אייגענע פּרעסע און אויך אַ ליטע־

ראַטור, וואָס האָט אויסגעדריקט איר געמיט, אירע פֿאַרלאַנגען און אירע אידעען. דאָס ייִדישע קליינבירגערטום און די רײַכערע עלעמענטן פֿון יענע יאָרן האָבן דאָ באַשאַפֿן די סבֿיבֿה, ווו עס זײַנען אויפֿגעקומען כּלערליי „ראָמאַניסטן" און ראָמאַנען־שרײַבערס, דיכטערס און פּאָליטיקערס, אויף וועלכע מיר וועלן זיך שפּעטער געניי אָפּשטעלן.

אויך יענע וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אַרבעטן האָבן געהאַסט דעם שוויצשאַפּ. זיי זײַנען געווען אומצופֿרידן מיט די באַדינגונגען, בײַ וועלכע זיי האָבן געאַרבעט. זיי זײַנען פֿון דעסט וועגן ניט אַנטלאָפֿן, זיי זײַנען געבליבן אויף די ערטער און האָבן אָנגעפֿירט אַ קאַמף פֿאַר בעסערע באַדינגונגען און פֿאַר אַ בעסערן לעבן. די דאָזיקע אַרבעטער האָבן דאָ באַשאַפֿן אַ סבֿיבֿה, ווו עס איז געלייגט געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. די דאָזיקע אַרבעטער האָבן דערמעגלעכט דעם אויפֿקום פֿון אַ ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט פּראָגרעסיווע, ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע אידעען. אין דער צײַט וואָס די „אידעאַלן" פֿון דעם ייִדישן קליינבירגערטום זײַנען אויסגעדריקט געוואָרן אין די שונדראָמאַנען, איז אַנטשטאַנען אַ ייִדישע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, וואָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון די אידעען און שטרעבונגען פֿון דעם ייִדישן באַוווסטזיניקן אַרבעטער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין דער נײַער היים — אין אַמעריקע.

די ייִדישע אינטעלעקטואַלן וואָס זײַנען אַראָפּגעקומען קיין אַמעריקע אין די אַכציקער יאָרן האָבן דאָ געפֿונען אַן אַרבעטער־סבֿיבֿה, אַ מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס איז שוין געווען גרייט זיך צוצוהערן צו זיי און אויפֿצונעמען זייערע פֿרײַהייט־אידעען.

צוזאַמען מיט די פּשוטע ייִדישע מאַסן וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין די אַכציקער יאָרן זײַנען אויך געקומען עטלעכע צענדליגע אינטעליגענטן. אָט די אינטעליגענטן האָבן ניט אויסגעוואַנדערט, ווי די מאַסן, צוליב הונגער, נאָר צוליב פּאָליטישע און אידעיִשע סיבות. די גרעסטע צאָל פֿון זיי איז געקומען אין דער נײַער וועלט, כּדי צו גרינדן דאָ און באַזעצן זיך אין אייגענע קאָמוניסטישע קאָלאָניעס. אָט די אינטעליגענטן וואָס האָבן אין רוסלאַנד אָרגאַניזירט די „עם עולם"־אָרגאַניזאַציע האָבן אויך מיטגעבראַכט קיין אַמעריקע זייער ערלעכן אידעאַליזם און ריינעם גלויבן. עטלעכע פֿון זיי האָבן שוין געהאַט גענומען אַן אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד; אַנדערע — אין מערבֿ־אייראָפּע. זיי אַלע האָבן אָבער געחלומט פֿון אָנהייבן פֿירן אַ נײַ לעבן אין דער נײַער היים. אַ טייל פֿון די אָנגעקומענע גרופּעס אינטעליגענטן האָבן טאַקע געגרינדעט אַזוינע קאָלאָניעס אין קענזאַס, אָרעגאָן, לויִזיאַנאַ און אין אַנדערע שטאַטן. די גרעסטע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן אין אָרעגאָן, און זי האָט עקסיסטירט פֿון 1883 ביז 1887. צווישן די דאָזיקע האָבן זיך געפֿונען באַזונדערע אידעאַליסטן מיט פֿאַנטאַסטישע פּלענער, ווײַל אין אָט דער קאָלאָניע האָבן

# קאַפּיטל איינס

די נאַיווע קאָלאָניסטן געפּלאַנט צו בויען שיפן וואָס זאָלן אָפּגיין קיין סיביר און אַרויסראַטעווען פון די צאַרישע תּפיסות דאָרטן די פּאָליטישע אַרעסטירטע. די וואָס האָבן זיך ניט באַזעצט אין די אַגריקולטורעלע קאָלאָניעס האָבן געגרינדעט קאָמונעס אין ניו־יאָרק גופא. אָבער סיי די קאָלאָניעס, סיי די קאָמונעס זײַנען מיט דער צײַט אונטערגעגאַנגען. עס זײַנען געווען פיל סיבות, פאַר וואָס די קאָלאָניעס האָבן לאַנג ניט געקאָנט עקסיסטירן. דער שווערער קלימאַט, די שווערע אַרבעט און דוחק אין געלט האָבן געמוזט פירן צום אונטערגאַנג פון די קאָלאָניעס. (16) און סיי ווי סיי האָבן ניט אַלע אינטעליגענטן זיך באַזעצט אין די קאָמונעס. אייניקע פון זיי האָבן באַלד באַגריפן, אַז מען קאָן ניט בויען קיין קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אַנדערע ווי־דער האָט געצויגן צוריק אין שטאָט אַרײַן, און אַ טייל פון זיי זײַנען פון אָנהייב אָן געבליבן וווינען אין ניו־יאָרק. (17)

ניט געקוקט אויף זייער אידעאַליזם האָבן אויך די אינטעליגענטן ניט גע־האַט קיין אויסגעקריסטאַליזירטע און פעסט באַשטימטע מיינונגען. עטלעכע פון זיי זײַנען שנעל באַאײַנפלוסט געוואָרן פון ד״ר פעליקס אַדלער — דעם גרינ־דער פון דער „עטישער קולטור־געזעלשאַפט“. ד״ר פעליקס אַדלער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ פּראָפעסאָר אין קאָלאָמביאַ־אוניווערסיטעט, איז אין יענע יאָרן געווען אַ ייִדיש־רעפאָרמישער קהל־טוער. ער האָט אַ סך אַגיטירט פאַר בעסערע „טענעמענט־הײַזער“, ער האָט געגרינדעט אַ קאָמיסיע, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אונטערזוכן די סאַניטאַרישע באַדינגונגען און מיט פאָרשן דאָס לעבן פון די ייִדישע אימיגראַנטן. ער איז אין אַלגעמיין געווען פאָראַינטע־רעסירט אין מעסיקע און גראַדועלע אויסבעסערונגען פון אַרבעטער און איז זיך ראַדיקאַל צעגאַנגען מיט די עקסטרעמע מיינונגען פון די ערשטע סאָציאַליס־טישע און אַנאַרכיסטישע ייִדישע אימיגראַנטן אין אַמעריקע. אַנדערע ווידער זײַנען געוואָרן אָנהענגערס פון דעם רוסישן פּאָזיטיוויסט וויליאַם פריי, — אָבער די גרעסטע צאָל פון זיי זײַנען געוואָרן אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אָדער אָנ־הענגערס פון דײַטשן אַנאַרכיסט יאָהאַן מאָסט. (18).

די אינטעליגענטן וואָס זײַנען פון אָנהייב אָן פאַרבליבן אין ניו־יאָרק און יענע וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אַרײַן האָבן גענומען טאָן פּראַק־טישע אַרבעט צווישן די ייִדישע מאַסן. אמת, קיין גרויס צוטרוי צו די ראַדי־קאַלן האָט די ייִדישע מאַסע ניט געהאַט. די מאַסע איז דעמאָלט מערסטנס באַשטאַנען פון אומוויסנדיקע, רויע מענטשן. נישט אַלע ייִדישע אַרבעטער זײַנען שוין געווען גרייט אויפצונעמען די אידעאַלן, וואָס די אינטעליגענטן האָבן געפּריידיקט. די מאַסע האָט ניט געקאָנט אונטערשיידן צווישן אַ ראַדיקאַל און אַ מיסיאָנער. גיין שבת אין ייִדישן קוואַרטאַל מיט אַ ציגאַרעט אין מויל איז געווען אַ געפאַר: די בעל־הבתישע צײַטונג „די יודישע גאַזעטען“ האָט דערצו נאָך אָנגעפירט אַ קאַמפּאַניע קעגן די ראַדיקאַלן, און דאָס האָט נאָך מער פאַרגרע־

סערט דעם תהום צווישן די ראַדיקאַלן און דער אַרבעטער־מאַסע. די צײַטונג פֿלעגט אַטאַקירן די ראַדיקאַלן, פֿאַר וואָס אויף זייערע מיטינגען זיצן מענער און פֿרויען צוזאַמען, און אויך דערפֿאַר וואָס מען פֿלעגט אויף מיטינגען רויכערן אום שבת. די זעלביקע צײַטונג האָט ניט אונטערגעשיידט צווישן ראַדיקאַלן און מיסיאָנערן.

אָבער די קינסטלעכע וואַנט, וואָס איז אויפֿגעבויט געוואָרן צווישן די ראַדיקאַלן און די מאַסן, האָט ניט אָנגעהאַלטן אייביק. מיט דער צײַט איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרשטענדעניש צווישן די ראַדיקאַלן און די מאַסן. דורך לאַנג־זאַמער, געדולדיקער אַרבעט און פּראָפּאַגאַנדע האָבן די ראַדיקאַלן געוווּנען דעם צוטרוי פֿון די מאַסן. די ראַדיקאַלן האָבן זיך באַקענט מיט די נויטן פֿון די אָרעמע, גרויע יידישע מאַסן, און ביסלעכווײַז זיי אויפֿגעקלערט און זיי געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז די לאַגע איז ניט אין גאַנצן האָפֿענונגסלאָז, און אַז עס זײַנען פֿאַראַן מעגלעכקייטן, דורך וועלכע זיי קאָנען פֿאַרגרינגערן זייער שווער און אָרעם לעבן.

די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ האָט זיך דערנעענטערט צו דער מאַסע, זי דערצויגן, זי געלערנט, און אַזוי אַרום געוווּנען איר צוטרוי. און עס איז צום קרעדיט פֿון דער יעניקער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, וואָס אין יאָר 1886 איז איר געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ ליגע צו קעמפֿן קעגן דער שוידערלעכער שוויצ־סיסטעם. (19) דער אַרבעטער האָט ביסלעכווײַז דערפֿילט, אַז ער האָט אין דער אינטעליגענץ געפֿונען אַ צד, צו וועמען ער האָט זיך געקאָנט ווענדן אין אַן עת־צרה. דער יידישער אַרבעטער איז דאַנקבאַר געווען דער אינטעליגענץ, ווען אַ שטרײַק איז געוווּנען געוואָרן. און מיט דער צײַט זײַנען די אַרבעטער ביסלעכווײַז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג. (20)

די אימיגראַנטן האָבן זיך גראַדועל אַקלימאַטיזירט און זיך אָנגעהויבן אײַנצולעבן מיט דעם געדאַנק, אַז אַמעריקע איז און בלײַבט זייער היים; און עס אַנטשטייט בהדרגהדיק אַ באַוווּסטזיניקע אַרבעטערשאַפֿט. די אידעע פֿון סאָציאַליזם ווערט אַזוי פּאָפּולער, אַז עס דערפֿילט זיך אַ פֿאָדערונג פֿאַר אַ יידישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן — און אין 1886 ווערט געגרינדעט, דורך פּריוואַ־טער איניציאַטיוו און אויף פּריוואַטע פֿאָנדן, אַ סאָציאַליסטישע צײַטונג. (21)

די יידישע ראַדיקאַלן וואָס האָבן גענומען זוכן אַ וועג צו די יידישע אַרבע־טער־מאַסן האָבן דערוויל גענומען אָרגאַניזירן קלובן און פֿאַראייגען. אין יולי 1882 איז געגרינדעט געוואָרן דער „פּראָפּאַגאַנדע־פֿאַראיין" מיטן צוועק צו אָרגאַניזירן יוניאָנס און אָנצופֿירן אַ רעוואָלוציאָנערע אויפֿקלערונג־אַרבעט צווישן די יידישע מאַסן. די פּראָפּאַגאַנדע איז אָנגעפֿירט געוואָרן אויף רוסיש — די שפּראַך פֿון דער אינטעליגענץ, וואָס איז אָבער געווען פֿרעמד די גרויסע יידישע מאַסן. צו די יידישע אַרבעטער האָט מען געדאַרפֿט רעדן אויף זייער אייגענער שפּראַך, אויף יידיש. די ראַדיקאַלן, מערסטנס רוסיפֿיצירטע אינטע־

ליגענטן, האָבן בײַם אָנהייב ניט געגלייבט, אַז עס איז מעגלעך אָנצופֿירן אַ סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע אָדער וועלכע עס איז קולטור־אַרבעט אויף ייִדיש. אָבער ביסלעכווײַז איז בײַ זיי רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז נאָר דורך ייִדיש קאָן מען דערגרייכן די ייִדישע אַרבעטער. אב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פֿון איצטיקן „פֿאָרווערטס", האָט אַרײַנגעבראַכט אַ פֿאָרשלאָג, אַז מען זאָל אָנהייבן צו פֿירן די אַרבעט אויף ייִדיש. די ערשטע ייִדישע לעקציע איז טאַקע געהאַלטן געוואָרן פֿון אב. קאַהאַן דעם 26טן יולי 1882. דער אויסערגעוויינטלעך גרויסער דערפֿאָלג פֿון דער דאָזיקער ערשטער לעקציע אויף ייִדיש האָט דעמאָלט באַשטימט, אַז ייִדיש זאָל ווערן די שפּראַך פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. (22) דורך ייִדיש איז געשלאָסן געוואָרן דער בונד צווישן דער מאַסע און דער אינטעליגענץ.

אין יוני 1884 איז געגרינדעט געוואָרן דער „רוסישער אַרבעטער־פֿאַראיין" און אין 1885 — דער „רוסישער לייבאָר לײַסעום" (אַרבעטער־ליציי), און אין פֿעברואַר פֿון זעלביקן יאָר איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „רוסיש־ייִדישער אַרבעטער־פֿאַראיין" — מיטן ציל אָנצופֿירן פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין ייִדיש.

אַרום יענער צײַט האָט זיך שוין געפֿילט אַ שטאַרקע נייטיקייט פֿאַר אַ ייִדישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן. אין מאַרץ 1885 האָט אַ גרופּע אונגערישע און גאַליציאַנער ייִדישע סאָציאַליסטן גערופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג כּדי צו באַהאַנדלען די פֿראַגע וועגן גרינדן אַ ייִדיש־סאָציאַליסטישע צײַטונג. אויף יענעם מיטינג איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָאָפּעראַטיווע פֿאַרלאַגס־געזעלשאַפֿט. מיט אַ חודש שפּעטער האָט די געזעלשאַפֿט זיך פֿאַראייניקט מיט דעם „רוסיש־ייִדישן אַרבעטער־פֿאַראיין" און עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „ייִדישער אַרבעטער־פֿאַראיין". (23) דער נײַער פֿאַראיין האָט ניט אויסגעפֿילט זײַן אויפֿגאַבע אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע סאָציאַליסטישע צײַטונג, דער פֿאַראיין האָט אָבער געשפּילט אַ ראָלע אין אָרגאַניזירן נײַע יוניאָנס און אָנפֿירן מיט די שוין דעמאָלט עקסיסטירנדיקע יוניאָנס — און מיט אַ שטאַרקער פּראָפּאַגאַנדע פֿאַרן סאָציאַליזם. שפּעטער, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער קאַמף צווישן די אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן, איז דער פֿאַראיין אונטערגעגאַנגען. (24)

אין די אַכציקער יאָרן פֿון 19טן יאָרהונדערט איז געלייגט געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿאַר דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. אויך די גרויסע יוניאָנס זײַנען געגרינדעט געוואָרן אין יענע יאָרן. דאָס איז דער פּעריאָד פֿון „שטורעם און דראַנג" פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. יוניאָנס, קלובן, אָרגאַניזאַציעס ווערן געגרינדעט, עקסיסטירן אַ קורצע צײַט, און צעפֿאַלן זיך. מען האָט געפּלאַנט אייגענע אַרבעטער־אָרגאַנען, מען האָט אַרויסגעגעבן פּריוואַטע סאָציאַליסטישע צײַטונגען. עס איז אָנגעפֿירט געוואָרן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן די פֿאַרשיידענע ריכטונגען אין דער באַוועגונג. עס האָט געפֿלאַקערט אַ קאַמף צווישן אַנאַרכיסטן און סאָציאַליסטן, צווישן

די אָנהענגערס פֿון פּאָזיטיוויזם און זייערע קעגנערס. מען האָט דעבאַטירט וועגן דעם כאַראַקטער פֿון רעליגיע. מען האָט דיסקוטירט וועגן דער מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך אויף אַ קאָמוניסטישן אופֿן אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעל־שאַפֿט. ביז בײַם סוף פֿון די אַכציקער יאָרן האָבן זיך אויסגעקריסטאַליזירט צוויי קלאָרע שטרעמונגען — די אַנאַרכיסטישע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, און געזיגט האָט די לעצטע ריכטונג. די ערשטע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע עקסטרעמע אַרויסטריטן קעגן קאַמף פֿאַר באַלדיקע אויסבעסערונגען און מיט זייערע שטאַרקע, אומקאָמפּראָמיסלעכע, אָפֿט מאָל לעסטערנדיקע, אַנטי־רעליגיעזע קאַמפּאַניעס, ביז וואַנען זיי האָבן ביסלעכווײַז פֿאַרלוירן זייער אײַנפֿלוס אויף די גרויסע ייִדישע מאַסן; און די צווייטע, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, מיט זייער מעסיקערן קאַמף פֿאַר באַלדיקע פֿאַרבעסערונגען, מיט זייער ראַשי־קער אָרגאַניזירונג פֿון יוניאָנס, זײַנען געוואָרן די דאָמינירנדיקע גרופּע אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער וווקס און די אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע איז ניט געווען קיין איזאָלירטער פּראָצעס — דאָס אַלץ איז געווען פֿאַר־בונדן מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד, און דערפֿאַר איז וויכטיק צו באַקענען זיך דאָ אין קורצן מיט דער אַלגע־מיינער לאַגע פֿון לאַנד.

מיר האָבן שוין פֿריִער געזען ווי די אינדוסטריאַליזאַציע האָט זיך אָנגעהויבן גלײַך נאָכן בירגערקריג. עס איז אָבער וויכטיק צו געדענקען, אַז די אינדוס־טריאַליזאַציע איז דאָ ניט אָנגעגאַנגען גראַדיק. פֿון צײַט צו צײַט זײַנען פֿאָר־געקומען פּאַניקעס, וואָס האָבן אַרײַנגעבראַכט פֿאַרוויסטונג אין דעם עקאָנאָמישן לעבן פֿון לאַנד. עס איז שפּעטער אַנטשטאַנען אַ דוחק אין געלט, און קיין נײַע פּאַפּירגעלט איז ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן. די רעגירונג האָט יעדער יאָר אַרויסגעפֿירט פֿון לאַנד אַכציק מיליאָן דאָלאַר אין גאָלד, כּדי צו באַצאָלן די פּראָצענטן אויף די ריזיקע חובֿות, און דאָס האָט געמוזט פֿירן צו דעם, אַז פּרײַזן זאָלן פֿאַלן. אין אייראָפּע האָט זיך דורך די יאָרן פֿאַרשפּרייט די נײַס וועגן דער מוראדיקער קאָרופּציע און שווינדל, וואָס גייען אָן אין לאַנד, און די אייראָ־פּעער האָבן מורא געהאַט צו אינוועסטירן נײַע געלטער אין אַמעריקע. אין דער זעלביקער צײַט זײַנען פֿאָרגעקומען גרויסע שׂריפֿות אין שיקאַגאָ און באָסטאָן וואָס האָבן פֿאַראורזאַכט ריזיקע פֿאַרלוסטן — און דאָס האָט נאָך שווערער גע־מאַכט די לאַגע אין לאַנד. דערצו האָט די פֿרײַסיש־פֿראַנצייזישע מלחמה פֿאַר־קלענערט דעם געלטמאַרק אין אייראָפּע, און דאָס אַלץ האָט זיך שלעכט אָפּגערופֿן אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע אין אַמעריקע און דאָ פֿאַראורזאַכט אַ שווערן קריזיס. באַנקהײַזער האָבן זיך צוגעמאַכט, די בערזע האָט געקראַכט און עס האָבן זיך געשלאָסן אַ סך אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. פֿון סעפּטעמבער 1873 ביזן סוף יאָר זײַנען פֿאָרגעקומען פֿינף טויזנט באַנקראָטן אויף דער סומע

פון צוויי הונדערט און אַכט און צוואַנציק מיליאָן דאָלאַר. מען האָט געמוזט אָפּשטעלן דאָס בויען באַנען, און אַ האַלבער מיליאָן אַרבעטער האָבן פאַרלוירן זייער אַרבעט. די לאַגע פון די אַרבעטער איז געוואָרן שווערער און שווערער. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט הונגער, נויט, קראַנקייטן און פּראָסטיטוציע. עס וואַקסט אויך די צאָל באַנקראָטן, און אין 1878 — ערבֿ דער גרויסער יידישער אימיגראַציע — זיינען פאַרגעקומען איבערן לאַנד 10,500 באַנקראָטן אויף דער סומע פון 234 מיליאָן דאָלאַר. אָבער אין דעם זעלביקן יאָר האָט זיך די לאַגע אָנגעהויבן צו פאַרבעסערן, און די יידישע אימיגראַציע האָט נאָך דעם גרויסן קריזיס ווידער אַ מאָל אָנגעהויבן צו שטייגן.

אין אָט די יאָרן פון אויפֿבלי און קריזיס פון קאַפּיטאַליזם האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַן אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. ביים אָנהייב פון קאַפּיטאַליזם איז די לאַגע פון אַרבעטער דאָ אין לאַנד געווען ווייט פון גוט. די נויט האָט זיי אָבער געצוווּנגען און זיי באַוויזן די וויכטיקייט פון אָרגאַניזירן זיך. עס ווערט געשאַצט, אַז אין אויגוסט 1869 זיינען שוין געווען 170 טויזנט אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין לאַנד. אין 1872 האָט די צאָל דערגרייכט אַרום דריי הונדערט טויזנט, און אין 1886 האָט שוין די „נעשאַנעל לייבאָר יוניאָן" געקעמפט פאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג. דער קאַמף איז געווען אַ ביטערער און האָט געפאָדערט גרויסע קרבנות. עס קומען פאָר אָפטע שטרייקן, קאַמפן און הריגות. אַזוינע שטרייקן און הריגות זיינען פאַרגעקומען אין 1877 און אין 1886. עס זיינען פאַרגעקומען קאַמפן און דעמאָנסטראַציעס וואָס האָבן דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט אין דער שיקאַגער טראַגעדיע (4טן מיי 1886), ווען אימעצער האָט פּלוצים אַ וואָרף געטאָן אַ באָמבע, פון וועלכער עס זיינען אומגעקומען אַ פּאָר צענדליג מענטשן, און וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן שפּעטערדיקן פאַרמישפּטן צום טויט 4 אַנאַרכיסטן. אַ פינפטער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד פאַרן אויספירן די טויטשטראָף. דריי פון זיי האָט מען פאַרביטן דעם פּסק אויף לעבנלאַנגער געפענגעניש, כאָטש זייער שייכות צו דער פאַרזאַמלונג און צום וואַרפן די באָמבע איז קיין מאָל ניט באַוויזן געוואָרן. אין די דאָזיקע יאָרן באַווייזט זיך די פיגור פונעם שפּעטערדיקן באַרימטן אַמעריקאַנער קעמפער און סאָציאַליסט יודזשין וויקטאָר דעבס.

אין 1894 זיינען ווידער פאַרגעקומען ריזיקע שטרייקן אין פּענסילווייניע, וואָס האָבן אַריינגעצויגן 130,000 אַרבעטער אין קאַמף. אַ גרויסער שטרייק איז אויך פאַרגעקומען ביי דער פּולמאַן אייזנבאַן־קאָמפּאַניע, אין וועלכן עס האָבן אָנטיילגענומען צענדליגער טויזנטער אַרבעטער, און עס קומען פאָר שאַרפע קאָנפליקטן צווישן אַרבעטער און סאָלדאַטן. אין דעם זעלביקן יאָר האָבן פיל אַרבעטלאָזע, אונטער דער פירערשאַפט פון קאָקס, מאַרשירט פון אַלע טיילן לאַנד קיין וואַשינגטאָן און געפאָדערט הילף פון דער צענטראַלער רעגירונג. (25)

די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, אַז מען מוז אָנפֿירן אַ קאַמף ניט נאָר פֿאַר עקאָנאָמישע אויסבעסערונגען, נאָר אויך פֿאַר פּאָליטישע — און אַז מיט פּאָליטישן קאַמף אַליין וועט דער אַרבעטער ניט דערגרייכן קיין פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פֿרײַהייטן. שוין אין 1876 איז געגרינדעט געוואָרן „די אַרבעטער־פּאַרטיי פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן", און אין 1877 איז דער נאָמען געענדערט געוואָרן אויף „סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פֿון אַמעריקע". אין 1879 האָט די פּאַרטיי פֿאַרמאָגט צען טויזנט מיטגלידער, פֿון וועלכע 90% זײַנען געווען אויסלענדער. די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע עלעמענטן האָבן זיך פֿאַראייניקט מיט דער „סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי", און שפּעטער — מיט דער „סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פֿון אַמעריקע". (26)

אין אָט די יאָרן פֿון אינדוסטריעלן אויפֿשטײַג און קריזיס, ווען די אַלגעמיינע אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע מאַכט דאָ אירע ערשטע אָרגאַניזירטריט, — דורך די יאָרן — שמידט אויך דער נײַ געשאַפֿענער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט זײַנע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס דאָ אין לאַנד. אין יאָר 1888 זײַנען שוין געווען אַזוי פֿיל ייִדישע יוניאָנס, אַז עס איז שוין יענעם יאָר באַשאַפֿן געוואָרן אַ צענטראַלע קערפּערשאַפֿט, „די פֿאַראייניקטע ייִדישע געווערקשאַפֿטן", וואָס נעמט אַרײַן און פֿאַראייניקט אַלע יוניאָנס.

די ייִדישע אַרבעטערשאַפֿט האָט זיך באַלד אָרגאַניזירט מיטן צוועק צו קעמפֿן ניט נאָר פֿאַר בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, נאָר אויך פֿאַר פּאָליטישער טעטיקייט. און אין דער וואַל־קאַמפּאַניע פֿון 1886, ווען הענרי דזשאָרדזש, דער פֿירער פֿון דער „סינגל טעקס פּאַרטיי", האָט אַרויסגעשטעלט זײַן קאַנדידאַטור פֿאַרן מעיאָר־אַמט אין ניו־יאָרק — האָבן זיך שוין די ניו־יאָרקער ייִדישע אַרבעטער און די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ אַקטיוו באַטייליקט אין דער דאָזיקער וואַל־קאַמפּאַניע.

מיר האָבן זיך דאָ דער הויפּט אָפּגעשטעלט אויף דער אַנטוויקלונג פֿון ייִדישן אַרבעטער און אַ ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאַנד. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די ייִדישע באַפֿעלקערונג איז דאָ באַשטאַנען נאָר פֿון אַרבעטער. אַחוץ די רײַכערע אונטערנעמער און פֿאַבריקאַנטן, פֿאַר וועמען די ייִדישע פּראָלעטאַריער האָבן געאַרבעט, זײַנען אין אַמעריקע דעמאָלט געווען מאַסן ייִדישע אָרעמע קרעמער און פּעדלער, וואָס האָבן געפֿירט אַ געמאַטערטן לעבן. עס זײַנען שוין פֿריִער געבראַכט געוואָרן ציפֿער וועגן דעם צענזוס וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין ניו־יאָרק פֿון דעם באַראָן הירש־פֿאָנד אין 1890. פֿון דער אַלגעמיינער צאָל באַשעפֿטיקטע זײַנען געווען 16.813 אַרבעטער און 4,890 קרעמער, פּעדלער און שענקער. לויט דער סטאַטיסטיק פֿון ג. מ. פּרײַס זײַנען 25% פֿון אַלע באַשעפֿטיקטע אימיגראַנטן געווען פֿאַבריק־אַרבעטער. (27) עס זײַנען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן געאַרבעט פֿאַר זיך אַליין. זייער

שטאַנד איז אָבער געווען דער זעלביקער ווי פֿון אַן אַרבעטער. פֿון דעם אַלעם קאָן מען זען, אַז אַחוץ אַרבעטער זײַנען אויך געווען פּראָפֿעסיאָנאַלן, קרעמער און פּעדלער. מען מוז אָבער אין זינען האָבן, אַז דער אויבן דערמאָנטער צענזוס האָט אַרײַנגענומען בלויז דרײַ קוואַרטאַלן, וואָס זײַנען דער הויפּט באַשטאַנען פֿון אַרבעטער. אין אַנדערע געגנטן פֿון ניו־יאָרק איז די פּראָפּאָרציע פֿון הענדלער, קרעמער און פּעדלער געווען אַ גרעסערע. אַחוץ די דאָזיקע עלעמענטן זײַנען אין ניו־יאָרק געווען פֿיל קבצנים און אָרעמע לײַט וואָס זײַנען געווען געצוווּנגען אָנצוקומען נאָך צדקה און שטיצע. די לאַגע פֿון די פּעדלער איז געווען זייער אַ שווערע. זיי האָבן שווער געאַרבעט און ווייניק פֿאַרדינט. פּעד־לער האָבן זיך אַרומגעשלעפּט מיט זייערע פּעק אויף די פּלייצעס און זיך שטאַרק געמאַטערט צו פֿאַרדינען אויף חיונה. (28)

אין דער זעלביקער צײַט וואָס די ייִדישע אַרבעטער האָבן געבויט זייערע קלובן און יוניאָנס האָבן אויך די אָרטאָדאָקסישע ייִדן געבויט זייערע פֿאַראיינען און אינסטיטוציעס. אין 1872 זײַנען אין ניו־יאָרק געווען בלויז נײַן און צוואַנציק שולן, אָבער אין יאָר 1888 האָט זיך די צאָל שולן פֿאַרגרעסערט אויף צען מאָל. די ייִדן האָבן דאָ געבויט שולן און אָנשטאַלטן אויפֿן זעלביקן שטייגער ווי אין דער אַלטער היים. אין 1888 איז געגרינדעט געוואָרן אַ צענטראַלע קערפּערשאַפֿט פֿון פֿופֿצן שולן, און די דאָזיקע פֿאַראייניקונג האָט אַראָפּגעבראַכט קיין אַמע־ריקע דעם ווילנער מגיד ר׳ יעקבֿ יוסף אַלס רבֿ־הכּולל. די אָרטאָדאָקסישע ייִדן האָבן אַריבערגעבראַכט פֿיל רבנים וואָס האָבן פֿאַרשפּרייט פֿרומקייט צווישן די ייִדישע מאַסן אין אַמעריקע. דער קאָנסערוואַטיווער שרײַבער פּ. ווינערניק באַרימט זיך, אַז אין 1888 האָט די צאָל שולן פֿיל איבערגעשטיגן די צאָל יוניאָנס און אַרבעטער־קלובן. (29)

ביידע קלאַסן, דער אַרבעטער־קלאַס און דאָס קליינבירגערטום, האָבן זיך

דאָ אײַנגעבירגערט. ביידע האָבן דאָ באַשאַפֿן אַ סבֿיבֿה און אַ באָדן וואָס האָבן דערמעגלעכט די אַנטוויקלונג פֿון אַ ייִדישער ליטעראַטור. די דאָזיקע צוויי פֿאַרשיידענע קלאַסן האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף דער ליטעראַטור און אויף דער פּרעסע. די ליטעראַטור וואָס איז געווען דער אויסדרוק פֿון פּראָלע־טאַריאַט איז קינסטלערישער, אימפּעטיקער און אינטערעסאַנטער ווי די ליטע־ראַטור וואָס טראָגט דעם חותם פֿון קליינבירגערטום. די ייִדישע אַרבעטער־פּרעסע איז געווען בעסער, רײַכער, לעבעדיקער און אינטערעסאַנטער ווי די פּרעסע וואָס איז אין יענע יאָרן דאָ אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון פּריוואַטע פֿאַר־לעגער. אין דער ייִדישער אַרבעטער־פּרעסע האָבן זיך אַנטוויקלט אַזוינע טאַלאַנטן ווי באָווּשאָווער, עדעלשטאַט, קאָברין, ליבין און פֿיל אַנדערע; אין דער צײַט וואָס אין דער בירגערלעכער פּרעסע האָבן זיך אַנטוויקלט די יאָהאַן פּאַלייס און די זעליקאָוויטשעס. די שאַפֿונגען פֿון באָווּשאָווערן, עדעלשטאַטן און ליבינען

## ייִדן אין אַמעריקע אין 19טן יאָרהונדערט

האָבן אויסגעדריקט די אידעען פֿון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט אויף אַן עכט קינסטלערישן אופֿן און זיי זײַנען דערפֿאַר פֿאַרבליבן די ווירדיקע פּיאָנירן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע; אָבער די „אידעאַלן" פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע האָבן אויסגעדריקט יאָהאַן פּאַליי, זעליקאָוויטש, שמר און י. ראַבי־נאָוויטש. דאָס שרײַבן פֿון די לעצטע איז געווען מערסטנס סענטימענטאַל, פֿלאַך און אויבן אויפֿיק און האָט דערפֿאַר ניט איבערגעלאָזט קיין טיפֿע שפּורן.

עס באַדאַרף אָבער ניט פֿאַרשטאַנען ווערן, אַז אַלע ייִדישע אַרבעטער זײַנען געווען באַוווסטזיניק און אַז בלויז די ייִדישע בורזשואַזיע האָט געלייענט די שונד־ליטעראַטור פֿון יענער צײַט. אויך אַ גרויסער טייל פֿון די אַרבעטער זײַנען געווען גוטע קאָנסומענטן פֿון דער שונד־ליטעראַטור, — הגם אָט די ליטע־ראַטור האָט אויסגעדריקט די אינטערעסן פֿון די רײַכערע ייִדן און ניט די אינ־טערעסן פֿון די אָרעמע ייִדישע אַרבעטער.

אָט אַזוי איז אַנטשטאַנען אַ ייִדיש געזעלשאַפֿטלעך לעבן אין אַמעריקע אין לעצטן פֿערטל פֿון 19טן יאָרהונדערט. די צוויי אויבן דערמאָנטע ריכטונגען האָבן ביידע געלייגט זייער שטעמפּל אויף דעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און אויף די נײַ עטאַבלירטע אינסטיטוציעס. דער לעבנס־שטייגער פֿון די מערסטע ייִדישע גבירים הײַנט צו טאָג שטאַמט אָפּ דירעקט פֿון לעבנס־שטייגער פֿון די פֿאַרמעגלע־כע עלעמענטן פֿון דער נאָר וואָס באַשריבענער עפּאָכע. און דאָס זעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן דעם שטייגער פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער. די אַרבעטער־פֿירער פֿון יענע יאָרן האָבן שטאַרק באַאײַנפֿלוסט דאָס לעבן פֿון ייִדישן אַרבע־טער, און זייער אײַנפֿלוס פֿילט זיך נאָך אַפֿילו הײַנט צו טאָג. פֿון די פֿאַרשיידענע אינטעליגענטן וואָס זײַנען געקומען קיין אַמעריקע אין די אַכציקער יאָרן האָט זיך אַ קלײנער טייל אַקטיוו באַטייליקט אין לייגן דעם גרונט־שטיין פֿאַר דער שפּעטערדיקער אָנגעזעענער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. די פֿירער גופֿא האָבן נאָך דעמאָלט אַליין ניט געהאַט קיין קלאָרע פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע איבערצײַגונגען. זיי האָבן זיך געוואָרפֿן פֿון סאָציאַליזם צו אַנאַרכיזם, צום פּאָזיטיוויזם און צו דער עטישער קולטור־געזעלשאַפֿט, וואָס איז אָנגעפֿירט גע־וואָרן פֿון ד״ר פֿעליקס אַדלער. די מערסטע אָנפֿירער פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג זײַנען געווען אַסימילאַטאָרן, קאָסמאָפּאָליטן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער וויכטיקייט פֿון אַ פּראָגרעסיווער ייִדישער קול־טור. זיי האָבן אָפֿן געפּריידיקט אַסימילאַציע, און פֿאַר אַ סך פֿון זיי איז געווען אַ סימן פֿון אַ גרויסער דערגרייכונג דער פֿאַקט, וואָס אייניקע פֿון זיי האָבן זיך אויסגעלערנט ענגליש און אָפּגעדרוקט פֿון צײַט צו צײַט אַן אַרטיקל אין דער בורזשואַזער ענגלישער פּרעסע. אויך די מאַסע איז אין איר רויקייט געווען אינדיפֿערענט צו דער ייִדישער מאַסן־קולטור, — אַזוי אַז הגם עס איז דאָ באַשאַפֿן געוואָרן אַ קינסטלערישע ייִדישע ליטעראַטור, קען מען זי פֿון

דעסט וועגן ניט באַטראַכטן ווי אַ פּראָגראַמאַטישע דערגרייכונג. די גרינדער פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־פּרעסע האָבן זיך אַזאַ ציל און אַזאַ אויפֿגאַבע דעמאָלט ניט געשטעלט. דער גײַסט פֿון אַסימילאַציע און קאָסמאָפּאָליטיזם וואָס האָט אַ לאַנגע צײַט דאָמינירט די ייִדישע ראַדיקאַלע געזעלשאַפֿט האָט אָפּגעשפּיגלט דעם גײַסט פֿון די ערשטע ייִדישע אינטעליגענטן און ראַדיקאַלן אין אַמעריקע.

עס באַדאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז צוליב די קריגערײַען, שפּאַלטונגען און קאַמפֿן וואָס זײַנען נאָך אַנאַנד אָנגעגאַנגען אין דער ייִדישער אַרבעטער־סבֿיבֿה האָבן אַ סך פֿון די שטילערע עלעמענטן זיך דערווײַטערט פֿון אַקטיווער אַרבעט, און געבליבן זײַנען די מער אַגרעסיווע עלעמענטן, די יעניקע וואָס האָבן אַרײַנגעבראַכט אַסימילאַציע און אַ היפּש ביסל דעמאַגאָגיע אין דער ייִדישער ראַדיקאַלער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

די געשיכטע האָט זיך אָבער, ווײַזט אויס, ווייניק גערעכנט מיט זיי, און זיי אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. די בויטן פֿאַר אַ ייִדישער ליטעראַטור און ייִדישער פּרעסע זײַנען געווען אַזוי שטאַרק, אַז ניט ווילנדיקערהייט איז די פּרעסע און די ליטעראַטור דאָ גראָד געשאַפֿן געוואָרן פֿון די זעלביקע אַסימילאַטאָרן און קאָסמאָפּאָליטן, וואָס האָבן זיך באַוווסטזיניקערהייט ווייניק וואָס מתעסק געווען מיט דער פּראָבלעם. מען קאָן זיך אָבער לײַכט פֿאָרשטעלן ווי אַנדערש עס וואָלט אויסגעקוקט סײַ די אַרבעטער־באַוועגונג, סײַ די קולטור און די ליטעראַטור, ווען אין יענע יאָרן וואָלטן געשטאַנען בײַם רודער אַנדערע מענטשן — מענטשן, וואָס וואָלטן געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציִונג צו דער שאַפֿונג פֿון אַ מאָדערנער ייִדישער קולטור אין אַמעריקע; מענטשן — מיט ערבֿות פֿאַר דער קעגנוואַרט, מיט חשיבֿות צו דעם עבֿר און מיט זאָרג פֿאַר דער צוקונפֿט!...

דער שריפֿטשטעלער יואל ענטין, וואָס איז אַליין געשטאַנען בײַם וויגעלע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע אין אַמעריקע, טרײַבט גאָרניט איבער, ווען ער האָט אין „מאָרגן־זשורנאַל" פֿון 22טן נאָוועמבער 1942 אונטערגעפֿירט אַ סך־הכּל פֿון יענעם פּעריאָד און איז געקומען צום שלוס:

„ווילט איר וויסן דעם אָנהייב פֿון ייִדישן סאָציאַליזם אין אַמעריקע, זוכט אים צווישן די „עם־עולמניקעס" (די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן פֿון די אַכציקער יאָרן). ווילט איר זיך באַקענען מיט איינעם אָדער מער פֿון די ערשטע ייִדישע יוניאָן־גרינדערס און יוניאָן־טוערס — זײַנען זיי אין „עם־עולם". ווילט איר געפֿינען די שפּור פֿונעם אָנהייב פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע אין אַמעריקע — זי ליגט אָפֿן צווישן די נאָך לעבעדיקע (און אויך טויטע) „עם־עולמניקעס". ווילט איר וויסן, ווער עס זײַנען געווען אייניקע פֿון די שענסטע געלערנטע קולטור־טוערס און כּלל־טוערס פֿון

# ייִדן אין אַמעריקע אין 19טן יאָרהונדערט

**דער אמת ייִדישער אַמעריקע — לייענט די אויפֿשריפֿטן אויף די מצבֿות פֿון די „עם־עולמניקעס".**

**יעדער איינער, וואָס וועט זיך ערנצט פֿאַראינטערעסירן און פֿאָרשן דעם פּעריִאָד, וועלכע ענטין דערמאָנט, וועט מוזן קומען צום זעלביקן שלוס.**

---

(1) **ל. הערש**, ייִד׳ עקאָנאָמישע לאַגע פֿון ייִדן אין רוסלאַנד, סוף 19טן יאָרהונדערט, אין דער „ייִדישע ליטעראַטור־כרעסטאָמאַטיע", רעד׳ פֿון נ. אויסלענדער, וואָלקנשטיין, לוריע און פֿינינבערג. ערשטער טייל. קיִעוו **1928**.

(2) **י. סאַסיס**, די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע פֿון די רוסלענדישע ייִדן אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט. **פּעטערבורג 1919**.

(3) **י. לעשטשינסקי**, דער עקאָנאָמישער לעבן פֿון די ייִדן אין רוסלאַנד אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט, **אין דער פֿריִער ציטירטער כרעסטאָמאַטיע**.

(4) **לעניִן**, אויסגעוויילטע ווערק, **ערשטער באַנד. מאָסקווע 1933. זייט 262** (ייִדיש).

(5) **י. ליפֿשיץ**, די ערשטע רוסיש־ייִדישע מאַסן־עמיגראַציע און די אַמעריקאַנער ייִדן, אין „ייִוואָ־בלעטער", **1937, באַנד IV, זייט 312**.

(6) **אַב. קאַהאַן**, בלעטער פֿון מײַן לעבן, **צווייטער באַנד, קאַפּיטל 4. וואַרשע 1928**.

(7) **ש. דובנאָוו**, נײַסטע געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק. **וואַרשע 1938. באַנד III, זייט 141**.
*Jewish Encyclopedia,* volume VIII, pp. 854.

ציטירט לויט:

(8) Joseph, S., *Jewish Immigration in the United States;*

*The Women's Garment Workers Union,* by Louis Levine. New York 1934, Chapter III.

(9) **פּ. וויערניק**, די געשיכטע פֿון ייִדן אין אַמעריקע. **ניו־יאָרק 1914, זייט 302**.

(10) *A History of the United States,* by Allenc. Thomas, New York 1916, volume II. p. 460.

(ייִדיש און ענגליש.)

(11) **הלל ראָגאָף**, די געשיכטע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. **ניו־יאָרק. באַנד V, קאַפּ׳ 37**.

(12) **ד"ר י. ק. פֿאָרנבערג**, ייִדן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן צוריק מיט פֿערציק יאָר, **ווילנע 1932. „ייִוואָ־בלעטער", פֿערטער באַנד, זייטן 310—311**.

(13) **ד"ר פֿאָרנבערגס ציטירטער אַרטיקל.**

(14) **דאָס זעלביקע אַרטיקל.**

(15) *The Women's Garment Workers Union,* by Louis Levine, pp. 1—55.

(16) **הערץ בורגין**, די געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. **ניו־יאָרק. זייטן 84—85**.

(17) **אַב. קאַהאַן**, בלעטער פֿון מײַן לעבן. **וואַרשע־ווילנע 1928. צווייטער באַנד, זייט 84**.

(18) **ד"ר לעווינס פֿריִער ציטירטער בוך, זייטן 27—30.**

**אַב. קאַהאַן**, בלעטער פֿון מײַן לעבן. **באַנד II, זייטן 123—131.**

**ה. בורגין**, געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. **זייטן 30—31.**

## קאַפּיטל איינס

(19) ה. בורגין, געשיכטע פון דער יודישער אַרבעטער־באַוועגונג. זייטן 94, 95.

(20) לעווינס פריער ציטירטער בוך. זייטן 29—31.

(21) יודישע פאָלקסצייטונג, 1886—1889.

(22) אב. קאַהאַן, בלעטער פון מיין לעבן. באַנד II, זייטן 123—131.

ב. ווייַנשטיין, פערציק יאָר אין דער יודישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. ניו־יאָרק 1924. זייטן 43—45.

(23) לעווינס בוך, זייטן 28, 29. בורגין, געשיכטע, זייטן 98, 99. ב. ווייַנשטיין, זייטן 49—52. אַב. קאַהאַן, באַנד II, זייטן 238—239.

(24) בורגין, זייטן 98—100. ווייַנשטיין, זייטן 50—53.

(25) *A History of the United States,* by Allenc. Thomas, volume II, pp. 423, 439, 473.

(26) הלל ראָגאָף, די געשיכטע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ניו־יאָרק 1928. באַנד V, קאַפּיטל 44.

(27) ד"ר ק. פאָרנבערג, יודן אין די פאַראייניקטע שטאַטן מיט 40 יאָר צוריק. „יִוואָ־בלעטער", באַנד IV, 1932, זייטן 308—310.

(28) דער לייענער וואָס וויל זיך באַקענען מיטן לעבן פון אַ פעדלער קאָן געפינען אַ סך מאַטעריאַל אין י. קאָפּעלאָוויץ א מאָל אין אַמעריקע, וואַרשע 1928. קאָפּעלאָוו איז אַליין געווען אַ פעדלער און איז דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום. אין זיינע מעמואַרן שילדערט ער זיינע איבערלעבענישן — אַ געטריי בילד פון די ליידן פון די יידישע פעדלערס.

(29) פ. וויערניק, די געשיכטע פון די יודן אין אַמעריקע. ניו־יאָרק 1914. קאַפּיטל 30

## קאַפּיטל צוויי

# דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע

דער נאָמען פֿון דעם קאַפּיטל קאָן קלינגען פֿאַרפֿירעריש, ווײַל די ראָם פֿון דער דאָזיקער אַרבעט איז אין זיך ניט כּולל די געשיכטע פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע. דאָס געהערט צו דעם היסטאָריקער פֿון דער ייִדישער פּרעסע, און די דאָזיקע אַרבעט גיט זיך הויפּטזאַכלעך אָפּ מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. די ייִדישע פּרעסע איז אָבער אַלע מאָל געווען און איז אויך איצטער אַזוי ענג פֿאַרקנופּט און פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער ליטעראַטור און אירע שאַפֿער, אַז עס איז אוממעגלעך אין אַזאַ שטודיע זי אין גאַנצן אויסצולאָזן. און דערפֿאַר געפֿינען מיר פֿאַר נייטיק צו געבן דאָ — פֿאַרבײַגייענדיק — עטלעכע כאַראַקטער־שטריכן פֿון דער פּרעסע פֿון יענע יאָרן. עס איז אויך וויכטיק דאָ אָפּצושטעלן זיך אויף אַ פּאָר וויכטיקע זשורנאַליסטן פֿון יענעם פּעריאָד. ווײַל אומדירעקט איז די ייִדישע פּרעסע געווען די געווינערין פֿון דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליטעראַטור. אין דער פּרעסע האָט די ליטעראַטור געפֿונען אַ היים, אַן אָרעמע היים — אָבער פֿאָרט אַן אייגן ווינקל. די פּרעסע האָט אויך שטאַרק באַווירקט די ליטעראַטור מיט דעם, וואָס די ליטעראַטור האָט זיך געמוזט צופּאַסן צו איר. די דערציילונגען און סקיצן וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן אין יענע יאָרן פֿאַר דער צײַטונג האָבן געמוזט זײַן הן אין טעכניק הן אין אינהאַלט צוגעפּאַסט צו איר. די דערציילונגען האָבן ניט געטאָרט זײַן צו לאַנג — און צוליב דעם דאָמינירט די קורצע דערציילונג אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור פֿון יענע יאָרן. די ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע איז אויך געווען דער וועגווײַזער און לערער פֿון די אימיגראַנטן. די פּאָפּולערע וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור, די סאָציאַליסטישע, די פּאָליטיש־עקאָנאָמישע, איז אויפֿגעקומען אין דער פּרעסע. די ערשטע איבערזעצונגען פֿון דער קלאַסישער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור האָבן זיך באַוויזן אין די ייִדישע צײַטונגען. עס איז דעריבער אוממעגלעך צו שרײַבן וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע און אויסלאָזן די פּרעסע.

אין די סוף זעכציקער און אָנהייב זיבעציקער יאָרן האָט שוין ניו־יאָרק פֿאַרמאָגט אַ קליינע מיזרח־אייראָפּעיִשע קהילה. עס זײַנען שוין דעמאָלט געווען עטלעכע ייִדישע אינסטיטוציעס, עס איז שוין געווען אַן אָנהייב פֿון אַ ייִדיש געזעלשאַפֿטלעך לעבן. מיט דעם איז געוואַקסן די נייטיקייט פֿאַר אַ צײַטונג וואָס זאָל זיי דערציילן אויף ייִדיש וועגן דעם לעבן אין זייער

נײַער היים, און אויך זיי ברענגען נײַס פֿון דער וועלט און פֿון דער אַלטער היים. ווען עס האָט אויסגעבראָכן אין 1870 דער פּרײַסיש־פֿראַנ־צייזישער קריג, האָט דאָס אַרויסגערופֿן אַ גוואַלדיקע פֿאַראינטערעסירונג צווישן יידן. אינעם זעלביקן יאָר האָבן דאָ טאַקע אָנגעהויבן צו דערשײַנען צוויי יידישע צײַטונגען — „די יידישע צײַטונג" און „די פּאָסט". אַלכּסנדר האַרקאַווי וויל האָבן, אַז די ערשטע יידישע צײַטונג אין אַמעריקע איז געשאַפֿן געוואָרן כּדי צו דערציילן וועגן דעם רובינשטיין־מאָרדפּראָצעס, מיט וועלכן די יידישע באַפֿעלקערונג האָט זיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט. (1) עס האָט זיך נאָך דער־ווײַל ניט אײַנגעגעבן אויסצוגעפֿינען די דאַטע ווען דער דאָזיקער מאָרד און פּראָצעס זײַנען פֿאָרגעקומען. אַב. קאַהאַן דערציילט, (2) אַז ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע (1882), האָט זיך נאָך שטאַרק געטומלט מיט דעם דאָזיקן פּראָצעס. דער מאָרדפּראָצעס איז, ווי עס זעט אויס, פֿאָרגעקומען שפּעטער ווי אין 1870 — ווען די ערשטע יידישע צײַטונגען זײַנען אַרויס. מיר זײַנען גיכער געניייגט צו גלייבן, אַז די סיבה, וואָס עס באַווײַזן זיך דאָ צוויי צײַטונגען מיט אַ מאָל, איז פּשוט געווען אַן אויסדרוק פֿון נויטווענדיקייט. אין משך פֿון די דרײַסיק יאָר צווישן 1870 און 1900 זײַנען אַרויסגעגאַנגען אין אַמעריקע אַרום 90 יידישע צײַטונגען, (3) און די מערסטע האָבן עקסיסטירט בלויז אַ קורצע צײַט. פֿון אייניקע זײַנען אַפֿילו ניט פֿאַרבליבן קיין איינצלנע עקזעמפּלאַרן. (4) דער ערשטער נומער פֿון דער „יידישער צײַטונג" איז אַרויס דעם 1טן מאַרץ 1870, און דער אַרויסגעבער איז געווען י. ק. בוכנער, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען מיט פֿיל געשעפֿטן, און בתוכם מיט פֿאַרלעגערײַ.

די „יידישע צײַטונג" איז ניט געווען געדרוקט, נאָר ליטאָגראַפֿירט. טייל פֿאָרשערס מיינען, אַז די צײַטונג איז ליטאָגראַפֿירט געוואָרן, ווײַל עס זײַנען נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין יידישע דרוקערײַען אין ניו־יאָרק. (5) אַלכּסנד האַר־קאַווי דערציילט, (6) אַז אין ניו־יאָרק האָבן זיך געפֿונען העברעיִשע דרוקע־רײַען וואָס האָבן זיך באַגרענעצט מיט אַרויסגעבן רעליגיעזע ספֿרים. מ. שטאַרק־מאַנס היפּאָטעזע, אַז עס זײַנען נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין יידישע דרוקע־רײַען אין ניו־יאָרק, שײַנט צו זײַן ניט ריכטיק. אַחוץ אַן אַנדער מיינונג — לויט אַ. האַרקאַוויס זכרונות — איז אונדז באַקאַנט דער פֿאַקט, אַז שוין אין 1860 איז אין ניו־יאָרק אַרויס אַ העברעיִש בוך. (7) מען קאָן דעריבער פֿון די דאָ־זיקע פֿאַקטן אַרויסדרינגען, אַז אָדער אין די דרוקערײַען איז טעכניש ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו דרוקן אַ צײַטונג, אָדער דעם פֿאַרלעגער האָט זיך בעסער געלוינט צו ליטאָגראַפֿירן די צײַטונג ווי צו דרוקן זי.

פֿון דער „יידישער צײַטונג" זײַנען פֿאַרבליבן עטלעכע נומערן, פֿון וועלכע מען קאָן זיך שאַפֿן אַ באַגריף וועגן דער ערשטער יידישער צײַטונג אין אַמעריקע. (8)

# דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

די צײַטונג איז באַשטאַנען פֿון פֿיר זײַטן און איז גאַנץ וואַרשײַנלעך געווען ליטאָגראַפֿירט. די שפּראַך איז געווען שטאַרק דײַטשמעריש, געמישט מיט העברעיִשע ווערטער און אויסדרוקן. די נײַעס, פֿעליעטאָנען און אַרטיקלען זײַנען געווען פּראָווינציעל, קליינשטעטלדיק, פּרימיטיוו און בטלנותדיק. די צײַטונג האָט געפּריידיקט פּאַטריאָטיזם און האָט געלערנט די אימיגראַנטן אַמעריקאַניזם. דער אַרויסגעבער איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פֿון ניו־יאָרק און האָט בײַ יעדער געלעגנהייט אַגיטירט פֿאַר דער פּאַרטיי. די צײַטונג פֿלעגט טאַקע מערסטנס דערשײַנען ערבֿ די וואַלן, כּדי בעסער צו ווירקן אויפֿן ייִדישן וויילער. מיר ברענגען דאָ אַלס מוסטער דעם לייט־אַרטיקל פֿון נומער 10 פֿון דער צײַטונג, וואָס איז אַרויס דעם 14טן פֿעברואַר 1873:

„קוה לשלום ואין טוב, לצדקה והנה צעקה. מיר האָבן די הערויס־גאַבע אונזערע צײַטונג פֿיר איינציקע צײַט דאָס האַלב ווײַל מיר ווינטשן אונזערע לעזער מיט גוטע נאַכריכטן צו ערפֿרייען, אָבער לײדער וועלן אונז אונזערע ווינשע ניט געלינגען אין דער אַלטן און נײַען וועלט איז נור שטאַרבן אונד פֿאַרדאַרבן פֿאַרברענען אונד איבערשוועמען, ערמאָרדונגען אונד שווינדלערײַען צו פֿערנעמען, דיזער קליינער רוים אין אונזער צײַטונג ערלויבט ער אונז וועניגע דער אָרט מיטצוטיילן די פֿאָן וויכטיקסטן אין ענגלאַנד שטאַרב דער קײַזער לואיס נאַפּאָלעאָן. אין עסטרײַך די פֿריערע קײַזערין די מיטער דעם קײַזער פֿראַנץ. אין רוסלאַנד ערקראַנקע שווער דעם קײַזער אַלעקסאַנדערס אַלטעסטער זאָן אונד אין פּרײַסן דער פֿירסט ביסמאַרק, הי אין ניו־יאָרק שטאַרב אינזער געליבטער פֿרײַנד האָריים גרילי דעם צום פּרעזידענטן דער פֿאַראייניקטן שטאַטן פֿין די גערעכט עסן אונ ערלעכסטן מאָנער אינזער פֿאָלקעם ערוועלט ווערדן איזט. זאָ שטאַרב אויך דער פֿריערער שטאַטס מיניסטער גענעראַל סואַרד.

„אויך מיר יידן האָבן פֿילע געאַכטעטע מענער דורך דעם טאָדט פֿאַרלאָרן. אין אַלסינע שטאַרב דער ראַבינער ר״ה עטלינגער ז״ל, אין לאָנדאָן דער הויפּט דער דיקס פּליים זינאַגאָגע ר׳ שמעון חזן נ״ע. אויך היר אין אַמעריקע זינד מערערע חזנים פּרעזידענטן אין מערערע רײַכע פֿון אינז געשידן. זאָ שטאַרב אים פֿאָריגעם מאָנאַט איש תם זקן ונכבד ר׳ מנחם גאָלדשמיד ז״ל. ה״י ימלאה חסרוננו וישמיר אותנו מכל צרה ויגון אמן.״

די צײַטונג איז געווען פֿול מיט ידיעות וועגן תּלמוד־תּורות, שולן, חזנים, מלמדים און שוחטים, — אַ פּנים אַז זי האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין קהילישן לעבן. די צײַטונג האָט געבראַכט ידיעות פֿון דעם ייִדישן לעבן, סײַ דאָ אין לאַנד, סײַ אין אויסלאַנד. די צײַטונג האָט אויך געהאַט די שטענדיקע אינסטיטוציע פֿון דער ייִדישער פּרעסע — דעם בריווקאַסטן.

שוין אין אָט דער צײַטונג פֿאַרנעמט ליטעראַטור אַן אָנגעזעען אָרט. כּמעט אַ העלפֿט פֿון דער צײַטונג איז אָפּגעגעבן פֿאַר אַ דערציילונג, פֿאַר אַ הומאָריס־טישן געשפּרעך און פֿאַר אַ ליד. דער הומאָריסטישער געשפּרעך חוזקט אָפּ אויף אַ געמיטלעכן אופֿן פֿון חזנים און אַנדערע כּלי־קודש. דער אײַנדרוק איז, אַז די צײַטונג האָט אויף אַ בטלנישן אופֿן אָפּגעשפּיגלט דאָס דעמאָלטיקע יידישע לעבן אין ניו־יאָרק.

אין דעם זעלביקן נומער איז אויך אָפּגעדרוקט אַ ליד — און אַזוי ווי דאָס ליד איז מסתּמא איינס פֿון די גאָר ערשטע יידישע שאַפֿונגען, וואָס איז גע־שריבן און געדרוקט געוואָרן אין אַמעריקע — ציטירן מיר עס דאָ אין גאַנצן:

## די וואַל

אין ניו־יאָרק אַם פֿינפֿטן
נאָוועמבער שנת התרלג
איין געשיקט פֿון ה׳ מאיר
אויף איינען פֿעסטן גרונד
שטאַנדן צוויי פֿייגל
איינער האָט ביטער אין מונד
דער צווייטער אין בייגל.
איין גרויסער פֿוקס איזט געקומען
אונד האָט נאָך געדאַכט
אינען דיזעס אָבצונעמען
וואָסטע ער ניכט ווי מענס מאַכט.
ניכט גיט איז דער בייגל
אָנע בוטער צו עסן
איר האָטס ליבע פֿייגל
מאגליך גאָר צו פֿאַרגעסן.

אויך בלויזע בוטער
פֿיר איין פֿויגלס מאָגן
זאָגט עס מיינע מוטער
עס איז ניכט צו ערטראַכטן
אויף מיינע נאמנות
גלויבט מיר ליבע פֿייגעלעך
איך האָב איבער אייך רחמנות
איר פֿאַרדאַרבט אייער מעגליין.
איך וויל אייך געבן איין ראַט
ליבע אונד טייערע פֿייגל

## דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

איך וויל אייך טיילן גראָד
די בוטער מיט דעם בייגל.
די פֿייגל האָבן געדאַכט
עס איז איין גוטע ראַט
זיי האָבן די דינגע געבראַכט
דעם פֿוקס צו טיילן גראָד
דער פֿוקס האָט היבש צוגענומען
אונד האָט זיך אויסגעלאַכט
די פֿייגל זינד אים אַלעס געקומען
בלייבן באַשאמט אונד פֿאַראַכט.

ווען אין יולי 1870 איז אויסגעבראָכן די פּרײַסיש־פֿראַנצייזישע מלחמה האָט זי, ווי שוין פֿריִער אָנגעמערקט, אַרויסגערופֿן אַ גרויסע פֿאַראינטערעסירונג בײַ די ייִדן אין ניו־יאָרק. דער הויפּט זײַנען אין דער מלחמה געוואָרן פֿאַראינ־טערעסירט די ייִדן וואָס זײַנען געקומען פֿון די געגנטן אַרום דער פּרײַסישער גרענעץ. מען האָט זיך געניטיקט אין אַן אָרגאַן וואָס זאָל דערציילן אויספֿיר־לעך וועגן דער מלחמה — און אַלס רעזולטאַט איז געבוירן געוואָרן די צווייטע ייִדישע צײַטונג אין אַמעריקע „די פּאָסט". די צײַטונג איז שוין געווען גע־דרוקט, אַזוי אַז זי איז געווען די ערשטע געדרוקטע ייִדישע צײַטונג אין אַמע־ריקע. דער אַרויסגעבער פֿון דער „פּאָסט" איז געווען צבֿי הירש בערנשטיין (1846—1907) און דער רעדאַקטאָר איז געווען צבֿי גרשוני (1844—1897). גרשוני איז געווען אַ מערקווערדיקער טיפּ, אַ כּל־בו — אַ משׂכּיל, אַ משומד, אַ פּריידיקער אין אַ רעפֿאָרמיסטישן טעמפּל, אַ ייִדישער זשורנאַליסט, אַן איבער־זעצער פֿון די רוסישע קלאַסיקערס אויף ענגליש און אַ קאָרעספּאָנדענט. (9) גרשוני איז שפּעטער אַרויסגעשטויסן געוואָרן פֿון דער צײַטונג, און „די פּאָסט" האָט זיך פֿאַראייניקט מיט דער „היברו ניוס", אַ צײַטונג וואָס איז אַרויס אין פֿיר שפּראַכן — אין ייִדיש, ענגליש, העברעיִש און דײַטש. דער אַרויסגעבער, יעקבֿ קאָהן, האָט זיך געמישט אין פּאָליטיק און האָט אַליין קאַנדידירט פֿאַר אַ פּאָליטישן אַמט. ער איז געווען פֿאַראינטערעסירט צו דערגרייכן אַלע ייִדן פֿון ניו־יאָרק און דעריבער האָט ער די צײַטונג געדרוקט אין פֿיר שפּראַכן. אָבער צו דעם אַמט איז ער ניט דערוויילט געוואָרן, און באַלד נאָך די וואַלן איז די צײַטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן. ווען ניט די פֿאַראייניקונג פֿון דער „פּאָסט" מיט דער „היברו ניוס", וואָלט די ערשטע עקסיסטירט אויך ווײַטער, ווײַל די „פּאָסט" איז געווען גאַנץ גוט פֿאַרשפּרייט, און ס'איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָרט פֿאַר אַ ייִדישער צײַטונג. פֿון דער „פּאָסט" איז ניט פֿאַרבליבן קיין איין עקזעמפּלאַר. די שפּראַך פֿון דער „היברו ניוס" איז געווען מער דײַטש ווי ייִדיש, און געמישט מיט העברעיִשע ווערטער. (10)

## קאַפּיטל צוויי

אין 1872 האָט כתריאל צבי שׂרהזאָן (1835—1905), דער שפּעטערדיקער אַרויסגעבער פֿון „יודישעס טאַגעבלאַט", געגרינדעט די „יודישע צײַטונג", וועלכע איז געווען אין „שיין דײַטש געשריבן, און די מערסטע אַבאָנענטן, דײַטשע און פּױלישע ייִדן, האָבן עס גערן געלעזן". (11) די צײַטונג האָט אָבער אויך ניט לאַנג עקסיסטירט, און דער אַרויסגעבער האָט צו איר דערלייגט הע־כער טויזנט דאָלאַר.

די ערשטע סטאַבילע ייִדישע צײַטונג איז געגרינדעט געוואָרן פֿון דעם זעלביקן כתריאל צבי שׂרהזאָן אין 1874. „יודישע גאַזעטן" האָט די דאָזיקע צײַטונג געהייסן, און זי איז דאָס געווען די ערשטע ייִדישע צײַטונג וואָס האָט זיך אײַנגעוואָרצלט אין אַמעריקאַניש־ייִדישן לעבן.

שווער איז געווען די לאַגע פֿון דער ערשטער „סטאַבילער" ייִדישער צײַטונג. הגם פֿאָרמעל איז זי געווען אַ וואָכנבלאַט, פֿלעגט זי אָבער ניט דערשײַנען רעגל־מעסיק. די ערשטע צײַט האָט די צײַטונג געהאַט פֿיל שותּפֿים, אָבער מיט דער צײַט האָבן זיך אַלע אָפּגעטראָגן — אַזוי שנעל ווי זיי האָבן געזען, אַז דאָס איז ניט קיין גלענצנדיק געשעפֿט. שׂרהזאָנס לעצטער שותּף איז געווען דער דרוקער טאָפּאָלאָווסקי. אָבער אויך ער איז אַוועק פֿון דער צײַטונג און איז אַליין געוואָרן אַן אַרויסגעבער („ייִדישע פֿאָלקסצײַטונג", 1878—1880, שפּעטער פֿאַר־אייניקט מיט די „יודישע גאַזעטן"). שׂרהזאָן איז דערווײַל געבליבן אַן שריפֿט, און די צײַטונג איז אַ געוויסע צײַט אַרויס ליטאָגראַפֿירט. נאָך פֿיל מאַטערנישן האָט זיך די לאַגע פֿון דער צײַטונג פֿאַרבעסערט; דאָס איז געשען ווען דער אַרויס־געבער האָט געקראָגן אַן אייגענע דרוקערײַ. נאָך אַ לאַנגן, שווערן קאַמף איז די צײַטונג אײַנגעפֿונדעוועט געוואָרן און איז פֿאַר אַ לאַנגער צײַט געווען די גרעסטע, רײַכסטע און פֿאַרשפּרייטסטע ייִדישע צײַטונג אין דער נײַער וועלט. די אַלע וואָס האָבן געגרינדעט נײַע פּריוואַטע צײַטונגען האָבן ניט געקאָנט קאָנקורירן מיט די „יודישע גאַזעטן" — און אָט די צײַטונג האָט אין משך פֿון 25 יאָר אָפּגעקויפֿט נײַנצן צײַטונגען. (12)

וואָס פֿאַר אַ צײַטונג איז דאָס געווען? וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער האָט זי געטראָגן און אויסגעדריקט? צום ערשטן וועגן דער שפּראַך. די שפּראַך פֿון דער צײַטונג איז געווען דײַטשמעריש. די ווערטער זײַנען געווען דײַטשע, אָבער דער בוי פֿון די זאַצן איז שוין געווען אַ ייִדישער, — אַ פּנים כּדי די רוסישע און פּוילישע ייִדן זאָלן זי קאָנען לייענען און פֿאַרשטיין. ווי דער אַרויסגעבער דערציילט, (13) איז די שפּראַך פֿון דער צײַטונג צום ערשטן געווען ריין ייִדיש, אָבער אַזוי ווי די רוסיש־פּוילישע ייִדן האָבן די צײַטונג ניט געקויפֿט, האָבן זיך די אַרויסגעבער „בעמיט צופֿרידנשטעלן די קלאַסן וועלכע האָט שוין געוווסט וואָס אַ צײַטונג איז, נור זיי האָבן עס אין אַ בעסערער שפּראַכע פֿאַרלאַנגט". (14) דערפֿאַר איז ניט אין גאַנצן אַנגעמבאַר אַ. האַרקאַוויס מיינונג, אַז „מען האָט זיך באַניצט מיט דײַטשמעריש דערפֿאַר וואָס די משׂכּילים האָבן דאָס אַרײַנגעבראַכט"

## דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

(„ייִדישער טאָגעבלאַט", 20טן מאַרץ 1910). דײַטשמעריש איז אײַנגעפֿירט געוואָרן צוליב רײן מאַטעריעלע מאָטיוון: מען האָט געשריבן דײַטשמעריש, ווײַל מען האָט זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן אויף די דײַטש־אונגערישע ייִדן. אָט דער עלעמענט איז געווען דער ערשטער סטאַבילער לייענער פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע. די דאָזיקע לעזערס האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף זייער אָרגאַן, וואָס איז געווען אַן אָרטאָדאָקסישע צײַטונג און וואָס האָט אָנגעפֿירט אַ קאַמף קעגן דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. די דײַטשע ייִדן זײַנען געווען דער פֿאַרמעגלעכסטער עלעמענט צווישן די ייִדן אין ניו־יאָרק. זיי זײַנען געווען די פֿאַבריקאַנטן פֿון קליידער, און אין זייערע פֿאַבריקן זײַנען באַשעפֿטיקט געווען די נײַ אָנגעקומענע ייִדישע אימיגראַנטן. די „יודישע גאַזעטן", וואָס האָט זיך, לויט די אייגענע רייד פֿון די אַרויסגעבערס, אָריענטירט אויף דעם דײַטשן ייִדן, איז געוואָרן דער קאַמפּס־אָרגאַן פֿון די באַלעבאַטים.

שפּעטער, ווען די דײַטש־אונגערישע ייִדן האָבן אויפֿגעהערט צו לייענען די צײַטונג, איז זי נאָך אַלץ געבליבן אַן אַרבעטער־פֿײַנדלעכער אָרגאַן. די שפּראַך איז אָבער מיט דער צײַט געוואָרן פֿאַרייִדישט. אין קאַמף פֿאַר אַ פּשוטן ייִדיש האָט זיך פֿון די ערשטע אויסגעצייכנט געצל זעליקאָוויץ, אָבער די אמתע סיבה פֿאַר וואָס ייִדיש האָט אַרויסגעשטופּט דעם דײַטשמעריש איז געווען דאָס וואָס ייִדן האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען פֿון רוסלאַנד, און זיי זײַנען געוואָרן די לייענער פֿון די „יודישע גאַזעטן" — און פֿאַר זיי האָט מען געמוזט שרײַבן אויף אַן אַנדערן ייִדיש ווי פֿאַר די דײַטש־אונגערישע ייִדן.

דער רעדאַקטאָר פֿון די „יודישע גאַזעטן" איז געווען מרדכי יהלמשטיין (1835—1897), אַ העברעיִשער משׂכּיל און שרײַבער. אין דער צײַטונג פֿלעגט מען געבן נײַס, סײַ ייִדישע סײַ אַלגעמיינע, אויף אַן עכט בטלנישן שטייגער — מיט ישיבֿה־בחורישע קאָמענטאַרן. די צײַטונג האָט אויך פֿאַרעפֿנטלעכט ראָמאַנען. די פּאָליטישע איבערזיכטן זײַנען געשריבן געוואָרן אויף דעם זעלביקן אופֿן ווי די אַרטיקלען זײַנען געשריבן געוואָרן אין דעם העברעיִשן זשורנאַל „המגיד".

די „יודישע גאַזעטן" זײַנען מיט דעם אָנהייב פֿון דער ייִדישער מאַסן־אימי־גראַציע קיין אַמעריקע געוואָרן דער אָרגאַן פֿון די נײַ געקומענע סוחרים, פּעדלער, רבנים, שמשים, חזנים און קליינע פֿאַבריקאַנטן. די „יודישע גאַזעטן" איז געוואָרן דער אויסדרוק פֿון אַלץ וואָס איז אָפּגעשטאַנען אין דער ייִדישער סבֿיבֿה. די קעגנערשאַפֿט וואָס די אָרטאָדאָקסיע האָט בײַם אָנהייב אַרויסגעוויזן צו די „יודישע גאַזעטן", ווײַל זי האָט געטענהט מען זאָל בעסער פֿאַרווענדן די צײַט צו לערנען תּורה אַנשטאָט צו לייענען די צײַטונג, (15) איז מיט דער צײַט אין גאַנצן פֿאַרשוווּנדן, און די „יודישע גאַזעטן" איז געוואָרן דער אָרגאַן פֿון דער אָרטאָ־דאָקסיע.

## קאַפּיטל צוויי

כדי צו באַגרינדן אונדזערע באַהויפּטונגען, וועלן מיר דאָ לאָזן רעדן אַ פּאָר היסטאָריקערס פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט אין אַמעריקע:

„די „יודישע גאַזעטן" אַלס כּל־ישׂראל־אָרגאַן איז געווען פֿײַנדלעך צו די ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. זי האָט באַקעמפֿט און באַשמוצט די אַרבעטער־פֿירער און בכלל ראַדיקאַלן". (16)

„מ"ר שׂרהזאָנס „יודישע גאַזעטן" פֿלעגן שטאַרק העצן קעגן די סאָציאַליסטן, אַז זיי זײַנען ניט פֿרום, און דערפֿאַר פֿלעגן די אומוויסנדיקע ייִדן דענקען, אַז די סאָציאַליסטן זײַנען מיסיאָנערן". (17)

„אין אַטמאָספֿער פֿון אומוויסנקייט אין אין פֿינצטערניש האָט פֿרײַ געשוועבט דער גײַסט פֿון די וועכנטלעכע „יודישע גאַזעטן", די צײַטונג פֿלעגט העצן קעגן די סאָציאַליסטן און פֿלעגט דערציילן הרים וגבֿעות וועגן די סאָציאַליסטישע מיטינגען. די מיטינגען פֿלעגט זי אַטאַקירן, ערשטנס, דערפֿאַר וואָס זיי פֿלעגן פֿאָרקומען פֿרײַטיק צו נאַכט; צווייטנס, דערפֿאַר וואָס מען רויכערט אויף זיי סיגאַרעטן; דריטנס, דערפֿאַר וואָס צו די מיטינגען קומען מענער און פֿרויען צוזאַמען. די צײַטונג האָט געגאָסן עמערס שמוץ אויף די סאָציאַליסטן און פֿלעגט זיי רופֿן ניט אַנדערש ווי מיסיאָנערן". (18)

„די „יודישע גאַזעטן" איז פֿון אָנהייב אָן געווען אַן ארץ־ישׂראל־בלאַט. אַ בלאַט פֿון רבנות, בטלנות, אויסגעמישט מיט דעם אַמעריקאַנער געלטמאַכערײַ־אינסטינקט, אַן אינסטינקט וואָס די אימיגראַנטן האָבן גיך דערפֿילט אין זיך, אויף דער פֿאַרקערטער זײַט, נאַטירלעך. און עס איז אַרויסגעקומען אַ טאָפּלטע פֿאַרזעעניש, אַ פֿאַרזעעניש פֿון רבנות און בטלנות און אַ פֿאַרזעעניש פֿון געלטמאַכערײַ, הגם דאָס געלט גופֿא איז געווען גאַנץ גוטע, רעאַלע, אַמעריקאַנישע דאָלאַרן". (19)

די „יודישע גאַזעטן" איז שוין געווען באַפֿעסטיקט אין 1881, און שפּעטער, אין 1883, זײַנען געמאַכט געוואָרן פּרווון צו פֿאַרוואַנדלען זי אין אַ טאָגצײַטונג. אין 1885, ווען עס האָט זיך פֿאַרגרעסערט דער ייִדישער קיבוץ, און ווען די נײַס וועגן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבן אַרויסגערופֿן גרויס אינטערעס צווישן ייִדן, זײַנען די „יודישע גאַזעטן" פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין טעגלעכן „ייִדישן טאָגעבלאַט".

פֿון די וויכטיקסטע צײַטונגען פֿון יענעם פּעריאָד דאַרף פֿאַרצייכנט ווערן דער „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט", געגרינדעט אין 1887 דורך געצל זעליקאָוויץ. דאָס איז געווען אַ פּריוואַטע צײַטונג וואָס האָט זיך געוואָלט פֿאַרבינדן מיט דער ראַדיקאַלער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין יענע יאָרן.

די צײַטונג האָט באַנוצט אַ קלאָרן ייִדיש, הגם די שפּראַך איז ניט אַלע מאָל געווען פֿרײַ פֿון דײַטשמערישע אײַנפֿלוסן. אין „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט" האָט מען גערעדט ראַדיקאַלע פֿראַזן און אין דער זעלביקער צײַט האָט מען געדרוקט ביליקע שונדראָמאַנען.

## דער אָנהייב פֿון דער יִידישער פּרעסע

**די נײַעס זײַנען דאָרטן איבערגעגעבן גאַנץ זאַכלעך, אָבער אין די קאָמענ־טאַרן האָט זיך געפֿילט בטלנות און פּראָווינציעלער משׂכּיליזם. די פּראָגראַם פֿון דער צײַטונג ווערט איבערגעגעבן אין אַ ליד פֿון ג. זעליקאָוויץ:**

### קינד

געשווינד
גיי דיר, מײַן בלאַט,
צײַג מיט שטאָלץ דײַן געזיכט,
דײַן יסוד איז פֿרײַהייט און ליכט,
פֿאַרטיידיק דאָס פֿאָלק קעגן צבֿועקעס,
דו הייסט אַדוואָקאַט און דײַן פֿאָטער יחלקלקות, (20)
אין דער שוואַרצער נאַכט זײַ דער דיכט־טורם,
פֿירכטע קיין וואָלקן און קיין שטורם,
גיב אַ זיפֿץ און גיב אויך אַ לאַך,
נור אין אַ קלאָרע שפּראַך,
פֿאָלקס־אַדוואָקאַט,
אַדיע!
גיי.

**און נאָך דער פּראָגראַם־דערקלערונג ווערט די פּאָליטיק און די נײַעס גע־געבן אין אַזאַ אויסטערלישער פֿאָרם:**

„די סערבישע קעניגין איז אויף צרות,
איר מאַן מילאַן וויל מיט איר שלאָגן כּפּרות.
טרויער, קעניגין! אַדיע, דײַן הימל־בעט!
דו מוזט יעצט נעמען אַ סערביען־גט.
טרוי נאָר ניט קיין לאַיערס, ציטער ניט ווי אַ בלאַט,
פֿאַרלאָז זיך אויף דעם יושר פֿון פֿאָלקס־אַדוואָקאַט.

**און אָט זײַנען אַ פּאָר מוסטערן פֿון דער פּראָזע:**

„ווײַלאַנט, דער אַנאַרכיסט, וואָס האָט געוואָרפֿן די באָמבע אין פּאַריזער דעפּוטירטן־הויז, איז פֿאַראורטיילט געוואָרן צום טויט, — דאָס האָט יעדער אַליין געקאָנט פֿאַרשטיין. אינטערעסאַנט איז אָבער די רעדע פֿון פֿאַרטיידיקער: „איך דערוואַרט ניט קיין רחמנות", האָט ער געזאָגט, „איך פֿאָדער גערעכטיקייט. ווײַלאַנט האָט מיט זײַן באָמבע בלויז גע־וואָלט אויפֿמערקזאַם מאַכן די דעפּוטירטע, אַז ווען זיי וועלן זיך ניט באַ־שעפֿטיקן מיטן פֿאָלק, וועט זיך דאָס פֿאָלק באַשעפֿטיקן מיט זיי. ווײַ־לאַנט האָט רעוואָלטירט, ווײַל די רעגירונג האָט אירע פֿאַרשפּרעכונגען צום פֿאָלק ניט דערפֿילט."

„אַט האָט זיך דער אָרעמער פּרעזידענט פֿון בראַזיליע, פּײַקסאַטאַ, ווי פֿילע צײַטונגען באַהויפּטן, מיטן גוטן ווילן אַנטזאָגט פֿון זײַן שטעלע. אַז אַך און וויי צו אַזאַ „גוטן ווילן"! אָבער מען קאָן אַנדערש ניט זאָגן — אַ חכם איז ער: איידער גאָר שלעכט, איז דאָך גלײַכער צו אַנטלויפֿן מיטן לעבן; ווען הומבערט וואָלט געהאַט שׂכל, וואָלט ער עס אויך געטאָן."

(נומער 287, 1894)

אין דעם זעלביקן נומער שרײַבט אַנאַ זיף אַ לעבנסבילד אין פֿערזן. זי שטעלט פֿאָר דאָס שווערע לעבן פֿון אַ ייִדיש מיידל, ווי זי אַרבעט שווער אין שאַפּ, און כּדי צו אַנטלויפֿן פֿון אַזאַ שווער לעבן, האָט זי חתונה מיט אַ רײַכן מאַן; אָבער זי געפֿינט ניט קיין גליק און רו, ווײַל איר מאַן איז אַ טיראַן.

עתניאל בן בנז שרײַבט אַ רעצענזיע וועגן דער אויפֿפֿירונג פֿון יעקבֿ גאָרדינס „דער ווילנער מענטש". דער רעצענזענט קומט צום שלוס, אַז אַזוינע פּראָבלעמען ווי די וואָס ווערן באַהאַנדלט אין דער דראַמע דאַרפֿן ניט באַהאַנדלט ווערן אין דער קונסט, — נאָר פֿון דאָקטוירים אין אַ קליניק (דער זעלביקער נומער).

שפּעטער איז דער „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט" פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם טעגלעכן „ייִדישן העראַלד".

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך דורך די יאָרן צוואַקסן. עס זײַנען געגרינדעט געוואָרן נײַע יוניאָנס, קלובן און פֿאַראיינען. די ייִדישע סאָציאַליסטן האָבן דערפֿילט, אַז עס איז נייטיק אַרויסצוגעבן אַ ייִדישן אַרבעטער־אָרגאַן, וואָס זאָל מוטיק אויסדריקן די אידעען פֿון סאָציאַליזם. ווי עס איז שוין פֿריִער דערמאָנט געוואָרן, איז נאָך אין מאַרץ 1885 פֿאָרגעקומען אַ באַראַטונג פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע אַרבעטער־צײַטונג. די אויפֿגאַבע איז אָבער ניט דערפֿילט געוואָרן, ווײַל פּריוואַטע מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסגעבן ייִדישע סאָציאַליסטישע צײַטונגען.

די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע צײַטונג איז געווען די „נײַע צײַט", רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן פֿון ד"ר טשאַרלס ראַיעווסקי (1861—1933) און אַב. קאַהאַן. דער ערשטער נומער איז דערשינען שבֿועות 1886, און דער לעצ־טער נומער — סוף יולי פֿון זעלביקן יאָר. די צײַטונג איז אונטערגעגאַנגען צוליב מאַנגל אין געלט. (21) צום באַדויערן קאָן מען פֿיל פֿון דער צײַטונג ניט רעדן, ווײַל עס האָט זיך פֿון איר ניט אויפֿגעהיט קיין איין־איינציקער עקזעמ־פּלאַר. ווען אַב. קאַהאַן האָט געשריבן זײַנע זכרונות האָט ער באַין־אופֿן ניט געקענט געפֿינען קיין איין נומער פֿון דער צײַטונג. מיר מוזן זיך דעריבער פֿאַרלאָזן אויף מענטשן וואָס האָבן די צײַטונג געזען, און אויף קאַהאַנס זכרונות.

אַלכּסנדר האַרקאַווי האָט וועגן דער „נײַער צײַט" געשריבן: „נאָך פֿילע באַמיונגען צו ווערן אַ זשורנאַליסט אין ענגליש האָט מ"ר קאַהאַן זיך אַרומגעזען,

## דער אָנהייב פֿון דער יִדישער פּרעסע

דאָס זײַן קאַריערע אַלס שרײַבער ליגט הויפּטזאַכלעך צווישן די אײַנגעוואַנדערטע מאַסן און ער האָט ענדלעך באַשלאָסן זיך צו נעמען שרײַבן יִדיש. זײַן ערשטע פּראָבע אין דער מוטערשפּראַך האָט ער געמאַכט אין 1886, ווען ער האָט גע־גרינדעט אַ וואָכנבלעטל מיטן נאָמען „נײַע צײַט". די שפּראַך פֿון דיזן בלעטל איז געווען פּליינע יִדיש, די „יִדישע יִדיש", וועלכע מ"ר קאַהאַן פּאַראַדירט נאָך ביז הײַנטיקן טאָג". (22)

אב. קאַהאַן שרײַבט אויך, אַז די צײַטונג איז געשריבן געוואָרן „אויף דעם איינפֿאַכסטן יִדיש וואָס מען קאָן זיך נאָר פֿאָרשטעלן, אַזוי אַז דער אומאַנטוויקלט־סטער אַרבעטער זאָל קאָנען פֿאַרשטיין". די צײַטונג איז, לויט קאַהאַנס זכרונות, (23) געווען זייער עלעמענטאַר. זי האָט אַנטהאַלטן די איינפֿאַכסטע עלעמענטן פֿון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע. אַזוי ווי די צײַטונג איז אַרויס ערבֿ שבֿועות, האָט קאַהאַן פֿאַרבונדן איר דערשײַנונג מיט מתּן־תּורה און האָט די צײַטונג טאַקע פֿאַרגליכן צו אַ נײַער מתּן־תּורה. אַ. האַרקאַווי איז דאָרט געווען אַ מיט־אַרבעטער און האָט פּובליקירט אַן אַרטיקל וועגן „די אַרבעטער אין משה רבינוס צײַטן". דאָס דערשײַנען פֿון דער צײַטונג האָט אַרויסגערופֿן באַוווּנדערונג, ווײַל זי איז געשריבן געוואָרן אין אַן איינפֿאַכן יִדיש. די „נײַע צײַט" איז וויכטיק ווי די ערשטע יִדישע סאָציאַליסטישע צײַטונג אין אַמעריקע.

נאָך איידער די „נײַע צײַט" איז אונטערגעגאַנגען האָט אָנגעהויבן אַרויס־צוגיין נאָך אַ פּריוואַטע יִדישע סאָציאַליסטישע צײַטונג אונטער דער רע־דאַקציע פֿון אב. בראָסלאַווסקי און מאָזעס מינץ — „די ניו־יאָרקער יִדישע פֿאָלקסצײַטונג", וואָס איז געווען גאַנץ פּאָפּולער צווישן די יִדישע מאַסן. זי האָט עקסיסטירט פֿון דעם 25טן יוני 1886 ביז דעם 20טן דעצעמבער 1889.

די צײַטונג איז געווען ראַדיקאַל, נאָר סאָציאַליזם איז דאָרטן געווען אויס־געמישט מיט משׂכּיליזם, מגידות און בטלנות. זי איז באַשטאַנען פֿון אַ געמיש פֿון ערנצטקייט און נאַיִוויטעט. אין דער צײַטונג איז אַ סך פּלאַץ אָפּגעגעבן געוואָרן פֿאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג און פֿאַר פּראָבלעמען פֿון דער אַרבעטער־שאַפֿט. מען האָט דאָרטן געדרוקט פּאָפּולאַריזאַציעס פֿון נאַטור־וויסנשאַפֿט, כע־מיע און אַנדערע וויסנשאַפֿטן. ס'איז אויך געדרוקט געוואָרן אַ געשיכטע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, קאַרל מאַרקס בראָשורע „לוין און קאַפּיטאַל" (אין פֿאַרזעצונגען) און אַ ראָמאַן פֿון קאַראַל עמיל פֿראַנצאָז (אויך אין פֿאָרזעצונ־גען). דער ראָמאַניסט וואַגמאַן האָט אין דער צײַטונג אַרומגערעדט אויף אַ בטלנישן שטייגער ניו־יאָרקער קהלישע אָנגעלעגנהייטן.

אין יענער צײַט איז אַמעריקע אויפֿגערודערט געוואָרן צוליב דער טראַגעדיע פֿון די שיקאַגער אַנאַרכיסטן. אין דער „ניו־יאָרקער יִדישער פֿאָלקסצײַטונג" איז פֿיל געשריבן געוואָרן וועגן דעם טרויעריקן ענין, און אויף מאָרגן נאָך דער עקזעקוציע פֿון די אַנאַרכיסטן איז דאָרטן פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ ליד וועגן די מאַרטירער, פֿון געצל זעליקאָוויץ:

# הנהרוגים הקדושים

(די הייליקע מאַרטירער פון שיקאַגאָ)

טרויעריק אונד שטיל וואַרט די שטריק
דאָרט נעבן געפענגעניש־וואַנט;
דער שעריף מיט זיין ווילדן בליק
פירט זיי צום טויט פאַרן האַנט.
פיר בראַווע לייט גרייט צור שלאַכט
גייען מיט אים אין שטאָלץ
צו דער לאַנד דער עוויקער נאַכט,
צו דעם פינצטערן טויטנהאָלץ.
זיי גייען צו צור תּליה פון געפיל
מיט געזאַנג אין זייער מונד,
הערום זיי שטייען מענטשן פיל,
זיי וואַרטן אויף די לעצטע שטונד.
אַדיע, איר אונשולדיקע לייט!
אייך טויטעט איין פאַלשעס געריכט,
מיט יושר האָט איר געשטרייט,
איר האָט געטאָן אייער פליכט.
פאָרווערטס! דאָרט ביים שוואַרצן טויער
קרעכצט דער מאָרגן־ווינט שווער און מיד,
ער פייפט עפּעס שרעקלעך טרויער,
ער זיפצט שוין אַ טויטן־ליד.
דא זאנט איר געבן שטריק אַצינד...
ווער ווײנט אונד שרייט אין דער פערן?
דאָס איז דער קול פון ווייב אונד קינד,
זיי וויינען מיט בלוטיקע טרערן.
איר הייליקע מאַרטירן,
אייער שטויב וועלן מיר דינען
אונד ביז מיר וועלן אויספירן,
וועט נאָך פול בלוט רינען.
פיר אונז זאנט איר ניט פאַרלאָרן,
אייער טויט ברענגט די בלומענצייט!
די שטריק — בעסערע יאָרן,
אונד אייער גראָב — די פרייהייט.

(„ניו־יאָרקער יודישע פאָלקסצייטונג, 18. XI. 1887.)

## דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל, פֿאַרבײַגייענדיק, דערמאָנט דעם ייִדישן אַרבעטער־פֿאַראיין. עס איז אָבער בײַטיק זיך אָפּצושטעלן באַריכות אויף דעם דאָזיקן פֿאַראיין. אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע האָבן מיטגעאַרבעט סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. אין דעם פֿאַראיין גופֿא זײַנען אָפֿט מאָל אויסגעבראָכן קאַמפֿן און מחלוקות צווישן די צוויי גרופּן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זײַנען געווען פֿאַר באַלדיקע פּראַקטישע אויסבעסערונגען, פֿאַר אַ קאַמף פֿון אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג און פֿאַר אָנטיילנעמען אין פּאָליטישע וואַלן — לאָזונגען און פּונקטן וואָס זײַנען נאָך אַנאַנד באַקעמפֿט געוואָרן פֿון די אַנאַרכיסטן. ביז אין יולי 1887 איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג צווישן די צוויי עקסטרעמע ריכטונגען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מיטגלידער זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און די אַנאַרכיסטן האָבן געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע „די פּיאָנירע דער פֿרײַהײַט". דער קאַמף האָט זיך אָבער מיט דעם ניט געענדיקט.

צווישן דיביידע ריכטונגען זײַנען נאָך אַנאַנד אָנגעגאַנגען קריגערײַען און שטרײַטן. קיין אייגענע פּרעסע האָבן ביידע גרופּן ניט געהאַט — איז די מלחמה אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון די טריבונעס. ביידע ריכטונגען פֿלעגן אַראַנזשירן מיטינגען כּמעט יעדע וואָך. די פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן אַנאָנסירט ווערן דורך ספּעציעלע צירקולאַרן. אין קאַמף זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אַלע אינטעליגענטע און אויך פּשוטע אַרבעטער. די אַנאַרכיסטן האָבן גערופֿן צו אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע און האָבן אָפּגעשוצט פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פֿאַר אָפּגעבן זיך מיט „פּאָליאַטיוון". די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך אין זייער קאַמף פֿאַר דער העגעמאָניע איבערן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט באַנוצט מיט דער פּריוואַטער „ניו־יאָרקער ייִדישער פֿאָלקסצײַטונג". די אַנאַרכיסטן האָבן ניט געהאַט קיין אייגענעם אָרגאַן און געפֿילט די בײַטיקייט דערפֿון. זיי האָבן אָבער מיט זייער גאַנצן אַמאָליקן ברען און ענטוזיאַזם באַשטימט צו גרינדן דעם ערשטן געזעלשאַפֿטלעכן ראַדיקאַלן אָרגאַן — די וועכנטלעכע „וואַרהייט". דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 25טן פֿעברואַר 1889, און דער לעצטער — דעם 12טן יולי פֿון זעלביקן יאָר. מער ווי צוואַנציק נומערן איז די קליינע, אידעאַליסטישע גרופּע ניט בכּוח געווען אַרויסצוגעבן. די צײַטונג איז געווען אין געוויסע פּרטים טויט־ערנצט, און אין אַנדערע פּרטים איז זי געווען משׂכּיליש און בטלנותדיק. וועגן געוויסע ענינים האָט מען גערעדט מיט וויסן, ערנצט־קייט און ערודיציע, אָבער וועגן אַנדערע ענינים האָט מען געשריבן אויף אַ מגידישן און לעכערלעכן אופֿן. אָט זײַנען עטלעכע מוסטערן פֿון נײַס:

„אין ברוקלין האָט פֿאַריקן זונטיק אָפּגעברענט אַ קריסטלעכער בית־המקדש. דער שאָדן וואָס אויף צען טויזנט דאָלער. מער ניט? אַזעלכע נײַס אַביסל אָפֿטער וואָלט גאָרניט געשאַט".

„אין דובלין האָט געטראָפֿן אַ פֿאַל, וועלכער שטימט זייער גוט מיט

דער גמרא, ווערנד דער לענדלאָרד קריג איז געפֿאָרן מיט זײַן טאָכטער אין קירכע, האָט אין אונבעקאַנטער אויף זיי אויסגעשאָסן און האָט די טאָכטער אָראָפּגעשאָסן די נאָז און דעם פֿאָטער לײַכט פֿאַרווונדעט. שלוחי מצוה איננו ניזיקין (ווען מען שיקט טאָן אַ מצוה דער האָט קיין שאָדן ניט), זאָגט די גמרא"...

„אין דײַטשלאַנד האָבן אין 1871 צוויי מיליאָן פֿינף הונדערט טויזנט עמיגראַנטן פֿאַרלאָזן אַלע וואָך זייער היימאָט און גייען נאָך בראַזיליע. די אַרבעטער לויפֿן פֿון אַלטן הונגער זוכן נײַעם ביז זיי ווערן ענדלעך פֿאַרשטייען, אַז ניט אין לויפֿן ליגט זייער רעטונג, זאָנדערן אַז זיי וועלן מאַכן לויפֿן זייערע בלוטזויגער פֿון זייער היימאָט" (נומער 5).

„אין ניו־יאָרק גיבט עס 5,300 פֿוילענצער וועלכע רופֿן זיך אַדוואָקאַטן. עס איז קיין וווּנדער ניט וואָס עס גיבט אַזוי פֿיל פֿאַרברעכן" (נומער 6).

„די שׂרפֿות זײַנען יעצט אין ניו־יאָרק אַזוי אַרײַן אין דער מאָדע, דאָס עס פֿאַרגייט ניט איין טאָג וואָס עס זאָל ניט טרעפֿן צוויי, דרײַ. און עס לויפֿט ניט אָפּ נאָר מיטן מאַטעריעלן שאָדן אַליין — עס קומען אויך אום מענטשן. עס איז זיך אָבער אין אונזער געליבטן לאַנד ניט צו וווּנדערן דעריבער — יעדער מאַכט ביזנעס ווי ער וויל" (זעלביקער נומער).

„וועלוועלע תּכשיטל, דער דײַטשער טראָן הונט נומער צוויי, האָט שוין אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען באַקומען די גרעסערע ווייִדזשעס (שׂכירות) די פֿאַרלאַנגטע סומע פֿון דרײַ און אַ האַלב מיליאָן מאַרק. אום צו פֿאַרגרעסערן זײַן איבערפֿליסיקן לעבן האָבן די דײַטשע שטוב־אייזלען באַוויליקט, און חוץ אַ פּאָר ליבעראַלע דײַטשן, וועלכע האָבן געמאַכט קולאָקעס אין די קעשענעס... האָט זיך קיינער ניט געוואַגט צו עפֿענען אַ מויל אויף פּראָטעסט קעגן דעם געקרוינטן רויבער" (זעלביקער נומער).

**כּדי צו פּאָפּולאַריזירן די אידעען פֿון אַנאַרכיזם האָט מען אין דער „וואָרהייט" געדרוקט אַ „פֿאָלקס־ווערטערבוך". דער מחבר איז געווען פֿ. א. פֿראַנק (י. א. מעריסאָן). די דעפֿיניציעס זײַנען געשריבן געוואָרן אין אַ משׂכּילישן טאָן. אָט זײַנען אַ פּאָר בײַשפּילן:**

„אַבסאָלוטיזם — אין גאַנצן אונבאַגרענעצט. פֿאָלקאָם. די רוסישע רעגירונג איז איין אַבסאָלוטע, דען דער צאַר איז אַ „סאַמאָדערזשאַוועץ", דער פּאָליטיקער וואָס ווינשט אַזאַ רעגירונג הייסט „אַבסאָלוטיסט". אַזאַ רעגירונג איז „אַבסאָלוט". אַזאַ רעגירונג איז „אַבסאָלוט' 'פֿאַרדאַרבן, דען אַז דאָס לעבן און טויט פֿון אַ גאַנצן פֿאָלק זאָל אָפּהענגען פֿון איין „פּראַכוואָסט" איז דער גרעסטער אַבסורד — אַ פּלוידער, אַ טשעפּוכאַ, צ. ב. ש. די מיינונג פֿון אַנדערע אַרבעטער, אַז אַז באַסעם

וועט זיך די וועלט ניט קאָנען פֿירן, איז די גרעסטע „אַבסורד". די אידעע אַז געוויסע מענטשן זײַנען געבאָרן געוואָרן צו זײַן קנעכט, דאָס גלויבן אין גאָט איז אַן אַבסורד, דען קיינער קאָן ניט באַווײַזן אַז ער איז דאָ (אַז ער איז ניטאָ וועלן מיר שפּעטער באַווײַזן אין אות „גאָט"). נור „אַבסורדנע" מוחות גלויבן, אַז ער איז איין — אַבסטראַקט"...

**אויף צו באַקעמפֿן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג האָט מען אין דער „וואַר־הייט" זיך באַניצט אַפֿילו מיט דער ביבלישער פֿאָרעם:**

„אָנוכי — איך אַלמעכטיקער קאַפּיטאַליסט בין דײַן גאָט, צו מיר זאָלסטו זיך נייגן און בוקן, קנײען און נייגן און איך וועל אײַך פֿאַר שקלאַפֿן מאַכן.

— — — — — — — — — — — —

זכור: געדענק דאָס זעקס טעג זאָלסטו מיט דײַן פֿרוי און קינדער אַרבעטן שווער און ביטער צו צוואַנציק שטונדן אַ מעת־לעת, ויום השביעי, אין דעם זיבעטן טאָג זאָלט איר אַלע רוען און זיצן צו הויז, מאַכן וואַנעס און לייגן פּלאַסטער צו די פֿיס און די הענט, דאָס זיי זאָלן ווידער געזונט ווערן אום ווײַטער צו קאָנען אַרבעטן, וואָרום אַזוי האָט דער אַלמעכטיקער קאַפּיטאַליסט אויך געטאָן, זעקס טעג געהוליעט, גע־שפּילט אין קאָרטן, פֿערבראַכט וואַכעדיקע נעכט, געפֿרעסן, געטרונקען, דעם זיבעטן טאָג מוז ער נעמען איין אָפּרו פֿאַר דער גאַנצער וואָך. שרײַ: הויך איז דער רו טאָג".

**אָבער אַחוץ די דאָזיקע פּאָפּולערע סאָרט שרײַבערײַען — איז די „וואַרהייט" געווען אַן ערנצטע צײַטונג. די אַרטיקלען זײַנען געווען לאַנג און געשריבן אין אַ שווערער שפּראַך. די צײַטונג האָט אָנגעפֿירט אַ קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם, קעגן דער סאָציאַלער דעמאָקראַטיע, קעגן רעליגיע און חיבת־ציון. שוין אין ערשטן נומער האָבן די אַרויסגעבערס דערקלערט אין זייער פּראָגראַם, אַז:**

„דער אַרבעטער איז אומעטום פֿאַרשקלאַפֿט. די ייִדן ווערן פֿאַר־פֿאָלגט און געמאָרדעט. די וואָס זײַנען געפֿלויגן צו געפֿינען רו אין אַמעריקע האָבן גלײַך אין קעסטל גאָרדן דערפֿילט, אַז אויף זיי קומט אַן אַ נײַע שקלאַפֿערײַ. די מאַסן ווערן עקספּלואַטירט כּדי עטלעכע מענטשן זאָלן לעבן אין לוקסוס און רײַכטום. (די געשיכטע) לערנט אונז, אַז די הערשער און טיראַנען מיט אַלע רעגירונגס־פֿאָרמען האָבן קיין אַנדער צוועק ווי צו אונטערדריקן, שמידן אין געזעץ־קייטן די גרעסטע טייל פֿון דער מענטשהייט, אום דאַדורך צו האַלטן דאָס פֿאָלק אין אונטערטעניקייט און שקלאַפֿערײַ... די קאַפּיטאַליסטן האָבן נאָר איין ציל, אויסצו־זויגן דאָס בלוט פֿון די אַדערן, מאָרדן און בערויבן די גרעסטע טייל מענטשהייט... אום צוזאַמען מיט פּאַפּן און הערשער... צו לעבן אין רײַכטום... ווײַל די אַרבעטער־מאַסע שמאַכטעט און לײַדעט אונטער דעם שקלאַפֿן־יאָך. די געשיכטע לערנט אונז, אַז דער ציל פֿון דעם

## קאַפּיטל צוויי

הערשנדן קלאַס אין אַלע פאַרמען... איז צו באַרויבן דעם אַרבעטער־קלאַס. דעריבער, מיר אַלס יידישער אַרבעטער, אַלס אויסגערויבטע און באַרויבטע דאַרפן זוכן זיך פאַרבינדן מיט אַלע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט, מיט דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע לענדער".

אַ סך אויפמערקזאַמקייט איז אין דער „וואַרהייט" אָפּגעגעבן געוואָרן דער יידן־פראַגע. די יידישע פּראָבלעם — ווערט דאָרט דערקלערט — וועט געלעזט ווערן מיטן זיג פון סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. מ'האָט אין דער צייטונג פאַנטאַזירט וועגן דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט און מ'האָט געמאָלט בילדער ווי גליקלעך מענטשן וועלן לעבן אונטערן אַנאַרכיזם. פון די וויכטיקסטע איבערזעצונגען וואָס זיינען דאָרטן געדרוקט געווען דאַרף מען דערמאָנען קאַרל מאַרקס' „די פּאָליטישע עקאָנאָמיע". די הויפּט־מיטאַרבעטער פון דער צייטונג זיינען געווען י. א. מעריסאָן, משה קאַטץ, י. יאַפּאַ, ה. זאָלאָטאַראָוו און דוד עדעלשטאַט.

ליטעראַטור האָט פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין דער „וואַרהייט". אין יעדן נומער איז געווען געדרוקט אַ ליד פון דוד עדעלשטאַט. אַן אָפטער מיטאַרבעטער איז אויך געווען מאָריס ראָזענפעלד, וועלכער האָט דאָרטן פאַרעפנטלעכט לידער און עטלעכע בילדער פונעם לעבן פון יידישן אַרבעטער אין ניו־יאָרק. מיר וועלן פאַרענדיקן וועגן דער „וואַרהייט" מיט צוויי לידער וואָס זיינען טאַקע דאָרטן פאַרעפנטלעכט געוואָרן. די לידער דריקן אויס די אידעאָלאָגיע פון דעם אַנאַרכיסטישן אָרגאַן:

### די קלאָץ־קשיא

פאַרוואָס דאָרט אַ פאָטער ליגט קראַנק און געבראָכן
און קאָן ניט ערנערן די קינדער די שוואַכע
און קראַפּט האָט דער גנבֿ אין הייזער צו ברעכן
און מערדער די מאַכט צו מאָרדן און שטערן?

וואָרום שטאַרבט אַ מוטער פון קינדערלעך קליינע
וואָס בלייבן יתומים אין עלנד און צרות,
און דאָרט דורך עבֿירות, די מיידלעך די שיינע
זיי טאַנצן און לאַכן און לעבן ווי שׂררות?

וואָס לאָזט ער דאָרט קרענקען דאָס קליינצינקע קינדל
וואָס האָט נאָך קיין זינד ניט, ווי קרעכצט עס זאָ,
און סוחרים, באַנקירער, וואָס לעבן פון שווינדל,
די לעבן זאָ גליקלעך און זאַמלען זיך גיטער?

## דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

ווו איז דער כּל־יכול וואָס ווייס און קאָן אַלעס?
ווו איז דער משגיח מיט זײַן גרויס השגחה?
וואָס גיבט ער קיין אַנטוואָרט אויף אַלע שאלות?
וואָרום דען פֿאַרטדרייט ער זײַן שיינע מלאָכה?

ניט קיין אַנטוואָרט, אַן עבֿירה דײַן האָרן;
ער שלאָפֿט, דער משגיח, ער קאָן דיך ניט הערן.
מען רעדט דיך נור אײַן זאָ, מען מאַכט דיך צו נאַרן,
דו זאָלסט דיך ניט העלפֿן, זאָלסט קלוגער ניט ווערן.

נור הער ניט די רויבער, ניט הער די באַטריגער,
ניט לאָז דיך פֿאַרפֿירן פֿון קערלס געמיינע,
ניט וואַרט אויף אַן אַנטוואָרט, אָ, ווער אַ מאָל קליגער,
מען העלפֿט ניט פֿון אויבן, גענוג דיך שוין נאַרן.

מען העלפֿט ניט פֿון אויבן, גענוג דיך שוין נאַרן,
אָ, העלף דיך, זוך רעטונג, אַליין העלף דיר נאָר!
פֿון אויבן די הילפֿע קאָנסטו דערהאַרן
ווען אויף מײַן דאַלאָניע וועט אויסוואַקסן האָר.

— גלאַדניקאָוו.

**און אָט איז דאָס צווייטע ליד:**

## אַ בילד

שוואַך ברענט אַ ליכטעלע דאָרטן אין צימער,
נאַס און פֿאַרשימלט זײַנען די ווענט;
בײַם בעט אײַנגעבויגן, אין דחקות אין קימער
זיצט איינער דאָס פּנים פֿאַרדעקט מיט די הענט.

ער זיצט פֿאַרזאָרגט, פֿאַרצווייפֿלט, פֿאַרטראַכט,
אים דוכט זיך — אָ — עס איז קיין טעות!
דאָרט ראַנגלט זיך, נעבעך, פֿון הונגער פֿאַרשמאַכט
זײַן פֿרוי מיט דעם מלאך המות.

און נעבן אים — בלאַס — די אונשולד אַליין —
שטייט דאָס אונוויסנדע קינד;

זי בעט איס, זי פרעגט איס, מיט קינדער־געוויין
נאַרישע פראַגן אַצינד:

„פאַטער, גיב אונז עסן, גיב אונז ברויט,
שטיל אונזער הונגער, רעטע פון טויט...
פאַטער, וועלן מיר לאַנג נאָך ליַידן אַן צאָל,
וועלן מיר זאַט זיַין, דענקסטו, א מאָל?״

איר קליינינקע הענטעלע רוט אויף זיַין שטערן,
די אויגעלעך וויינען און קוקן אַרויף —
זיי טרעפן זיך אָבער מיט אַנדערע טרערן
וואָס קיַיקלען זיך לאַנגזאַם גאָן אָן אַ סוף.

X. Y. Z. —

מיר האָבן זיך אַזוי לאַנג אָפּגעשטעלט אויף דער „וואַרהייט״, וויַיל דאָס איז געווען דער ערשטער געזעלשאַפטלעכער, ראַדיקאַלער יידישער אָרגאַן אין אַמעריקע. די „וואַרהייט״ איז געווען דער אָרגאַן פון די אַנאַרכיסטן — פון יענער גרופּע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, וואָס האָט מער ווי אַלע אַנדערע גרופּעס פון יענע יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט דער אַנטוויקלונג פון אַ בעסערער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, און וואָס האָט זיך אויך פאַרנומען ערנצט מיט דער פּראָבלעם פון באַשאַפן אַ יידישע וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור. (23*)

נאָכן אונטערגאַנג פון דער „וואַרהייט״ האָבן די אַנאַרכיסטן פאַרשטאַנען, אַז מיט זייערע אייגענע כּוחות וועלן זיי קיין ציַיטונג ניט קאָנען לאַנג אויפ־האַלטן — האָבן זיי דעריבער גענומען אַרבעטן פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־אָרגאַן, וואָס זאָל פאַרטרעטן ביידע ריכטונגען — דעם סאָציאַליסטישן און דעם אַנאַרכיסטישן. (24) ביַי די אַנאַרכיסטן איז געבליבן אַ ביסל שריפט פון דער „וואַרהייט״ און אַ קליינער פאָנד — האָבן זיי באַשלאָסן איַינצולאַדן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן צו אַ צוזאַמענפאָר, כּדי צו באַטראַכטן דעם פּלאַן פון דער פּראָיעקטירטער ציַיטונג.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען דעם 25טן דעצעמבער 1889 און האָט גע־דויערט זעקס טעג. פאַרטראָטן זיַינען געווען די וויכטיקסטע יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. די רעזאָלוציע, אַז עס איז נייטיק אַ יידישער אַרבעטער־אָרגאַן, איז גליַיך דורכגעגאַנגען. אַ שטורעם האָט אָבער אויסגעבראָכן אויף דעם צווייטן טאָג, ווען מען האָט דיסקוטירט די פראַגע וואָס פאַר אַ ריכטונג די ציַיטונג זאָל אָננעמען. די אַנאַרכיסטן האָבן פאָרגעשלאָגן איין ציַיטונג פאַר דער גאַנצער

אַרבעטער־באַוועגונג. די רעדאַקציע זאָל באַשטיין פֿון צוויי מענטשן: פֿון אַן אַנאַרכיסט און פֿון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אָבער וועגן אַזאַ צײַטונג ניט געוואָלט הערן. זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז צווישן ביידע ראַדיקאַלע ריכטונגען געפֿינט זיך אַ תּהום, און אַז צוזאַמענאַרבעטן וועט זײַן אוממעגלעך. זיי האָבן זיך ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן אַ האַרמאָנישע מיטאַרבעט מיט זייערע קעגענער. אַחוץ דעם פֿלעגן די אַנאַרכיסטישע טוער און שרײַבער ר. לויִס און ש. פּרענער שרײַען, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטן זײַנען שווינדלער, און די סאָציאַליסטן האָבן דערפֿאַר ניט געקאָנט באַגרייפֿן, פֿאַר וואָס די אַנאַר־כיסטן זײַנען אַזוי נײַגעריג זיך צו פֿאַראייניקן מיט שווינדלער.

נאָך טעג פֿון דעבאַטירן האָט זיך דער צוזאַמענפֿאַר שטורמיש געשלאָסן — מיט אַ שפּאַלטונג. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס זײַנען געגרינדעט געוואָרן צוויי אַרבעטער־צײַטונגען: „די אַרבעטער־צײַטונג", וואָס איז געוואָרן דער אָרגאַן פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און „די פֿרײַע אַרבעטער־שטימע" — דער אָרגאַן פֿון די אַנאַרכיסטן. די לעצטע האָבן זייער צײַטונג געוואָלט געבן אַן אומפּאַרטייִיש־רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער און זיי האָבן אײַנגעלאַדן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט אין דער רעדאַקציע, אָבער די צײַטונג איז זייער שנעל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסגעשפּראָכענעם אַנאַרכיסטישן אָרגאַן. צווישן ביידע צײַטונגען איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף וועגן גרונט־אונטערשיידן. די דעבאַטעס זײַנען באַשטאַנען פֿון אַ געמיש פֿון ערנצטקייט און זידלערײַ.

דער ערשטער נומער פֿון דער „אַרבעטער־צײַטונג" איז אַרויס דעם 7טן מאַרץ 1890. אין דער פּראָגראַם איז דערקלערט געוואָרן, אַז די אויפֿגאַבע פֿון דער צײַטונג איז אויפֿצובויען אַ געזעלשאַפֿט אויפֿן גרונט פֿון פֿרײַהייט, גלײַכ־קייט און ברידערלעכקייט — „אַנשטאַט די הײַנטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעל־שאַפֿט, וועלכע איז באַגרינדעט אויף פֿאָלקס־אונטערדריקונג, פֿאָלקס־אָרמוט און געגן זײַטיקע קריג". ווײַטער ווערט געזאָגט, אַז די אַרויסגעבער זײַנען רעוואָ־לוציאָנערן, אינטערנאַציאָנאַליסטן, דעמאָקראַטן און עוואָלוציאָניסטן. דער סאָ־ציאַליזם וועט פֿאַרווירקלעכט ווערן דורך אַ רעוואָלוציע אָדער דורך געוואַלד. גלײַכצײַטיק האָבן זיי אויך געגלייבט אין רעפֿאָרמען, ווײַל סאָציאַליזם קאָן אַרויס־וואַקסן פֿון רעפֿאָרמעס. די „אַרבעטער־צײַטונג" איז געווען אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַן, וואָס האָט אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פֿון דער סאָציאַליסטישער אַר־בעטער־פּאַרטיי.

פּאָליטיש איז די צײַטונג געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעען פֿון דער דײַטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די שרײַבער האָבן געהאַלטן, אַז דער סאָציאַ־ליזם מוז מעכאַניש קומען, ווײַל דאָס איז דער געשיכטלעכער גאַנג פֿון דער ציוויליזאַציע. אַ רעוואָלוציע וועט מען מוזן מאַכן בלויז אויב די קאַפּיטאַליסטן וועלן צווינגען דערצו. מען דאַרף פֿאַרשפּרייטן וויסן צווישן די אַרבעטער, כּדי זיי זאָלן פֿאַרשטיין וואָס פֿאַר אַ וויכטיקע ראָלע זיי שפּילן אין דער וועלט.

דער סאָציאַליזם וועט קומען נאָר דורך דער פֿאַראייניקונג פֿון די אַרבעטער. דאָס מיינט אויך, אַז די אַרבעטער האָרפֿן זיך ניט אין גאַנצן פֿאַרלאָזן אויפֿן גאַנג פֿון דער געשיכטע — נאָר זיי דאַרפֿן צולייגן אַ האַנט, כּדי צו פֿאַרשנעלערן דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָצעס. די „אַרבעטער־צײַטונג" האָט געקעמפֿט פֿאַר דער פֿאַרבעסערונג פֿון דעם אַרבעטערסלאַגע און האָט געלערנט, אַז מען דאַרף ניט אָפּלייגן דעם קאַמף פֿאַר פֿאַרבעסערונגען אויף נאָך דער רעוואָלוציע. די אידעאָלאָגיע פֿון דער צײַטונג איז געווען: „וואָס בעסער איז בעסער" און „וואָס ערגער איז ערגער". מען דאַרף און מען מוז קעמפֿן פֿאַר באַלדיקע פֿאַרבעסע־רונגען, ווײַל הונגעריקע מענטשן זײַנען ניט קיין מאַטעריאַל פֿאַר רעוואָלוציע. וועגן דער ייִדנפֿראַגע האָט די זעלביקע צײַטונג געשריבן, אַז מיט דער פֿאַרענט־פֿערונג פֿון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער פֿראַגע וועט שוין במילא אויך געלעזט ווערן די ייִדישע פּראָבלעם.

גלײַכצײַטיק מיט די ערנצטע אַרטיקלען זײַנען דאָרטן אויך געווען געדרוקט פּאָפּולערע אַרטיקלען און מגידיש־באַלערנדיקע דרשות. דער סאָרט מאַטעריאַל איז צוגעשטעלט געוואָרן פֿון אב. קאַהאַנען. מיר ברענגען דאָ אַ מוסטער פֿון אב. קאַהאַנס שרײַבן:

> „הײַנט האָבן מיר צוויי סדרות אויף איין מאָל און ביידע טויגן אויף כּפּרות. ביידע זײַנען פֿול מיט געשווירן, מיט וווּנדן און מיט פּאָס־קודסטוואָ. אין ביידע טרײַבט מען דעם חולה צום כּהן־גדול און אין ביידע ווייס דער כּהן־גדול פֿון די געשווירן, ווי די געשווירן ווייסן פֿון אים. און פֿונדעסטוועגן מוז מען אים פֿאַר זײַנע רעצעפּטן באַצאָלן מיט שעפּעלעך, מיט טײַבעלעך, מיט בוימאייל, מיט זעמל־מעל. הקיצור, ער מאַכט אַ לעבן" („אַרבעטער־צײַטונג" נומער 8, 1890).

גלײַכצײַטיק מיט איבערזעצונגען פֿון פּלאָבערס „סאַלאַמבאָ" און סמאָלענ־סקינס „קבֿורת חמור" האָבן זיך דאָרט געדרוקט פּאָפּולערע ראָמאַנען — כּדי צוצוציִען דעם פּשוטן לייענער. די פּאָעזיע, וואָס איז דאָרטן פּובליקירט געוואָרן, האָט פֿולשטענדיק אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פֿון דער צײַטונג. די פּאָעזיע איז געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלן פֿון סאָציאַליזם. די דיכטער האָבן עכט און אויפֿריכטיק באַשריבן די לײַדן פֿון אַרבעטער און האָבן אַלע מאָל פֿאָרויס־געזאָגט אַ בעסערע צײַט, ווען די אַרבעטער וועלן זיגן. די פּאָעזיע איז געווען עלעמענטאַר, נאַיִוו און קינדיש. אַפֿילו דער איצט ניכטערער רעדאַקטאָר פֿון „פֿאָרווערטס" אב. קאַהאַן האָט דעמאָלט אונטערגעזינדיקט פֿון צײַט צו צײַט מיט דער מוזע:

## דער אָפּערייטאָר

דעם גאַנצן לעבן נייט ער
אײַנגעבויגן אין דרײַען איבער זײַן מאַשין,

## דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

די הענט אויסגעצויגן,
דעם קאָרק איינגעבויגן.
עס נעמט אַרויס די אויגן,
ווי אַ שפּאָן ווערט ער דין,
עס דאַרט אים דער מוח,
ער לייגט אַוועק זיין כּוח
אויפֿן גבֿיר דעם רוצח
ווי אַ פֿליג ביי אַ שפּין.
אין אַ רומקע ווי אַ נאַרע
שוויצן אַן עין־הרע
צוויי מנינים מענטשן אין היץ און אין שמוץ
פֿון 6 ביז 10 אָקלאָק.
אַ ראָק נאָך אַ ראָק,
אַ קלאָק נאָך אַ קלאָק.
און וואָס איז נוץ?
ניט אַ סענט אין פּאָקעט,
באָרוועס און נאַקעט
שפּאַצירן אויפֿן חזיר־מאַרקעט
— דאָס איז גאָר זיין גוטס.

(אב. קאַהאַן, „אַרבעטער־צייטונג" נומ' 17, 1890)

די „אַרבעטער־צייטונג" האָט באַקעמפֿט דעם שונד סיי אין ייִדישן טעאַטער סיי אין דער ייִדישער ליטעראַטור. אין דעם זעלביקן אָרגאַן זיינען וואָרעם באַגריסט געוואָרן אַזוינע שרייבער ווי יעקבֿ גאָרדין. דאָרטן זיינען דערצויגן געוואָרן אַזוינע שרייבערס ווי לעאָן קאָברין און ז. ליבין. (25)

אין יולי 1890 האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין די „פֿרייע אַרבעטער־שטימע". זי איז ניט געווען אַזוי דערפֿאָלגרייך ווי די „אַרבעטער־צייטונג". די אַרויסגעבערס האָבן דערקלערט, אַז זיי זיינען רעוואָלוציאָנערן און זייער ציל איז דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם. די צייטונג האָט צוגעזאָגט צו געבן אומבאַגרענעצטע פֿרייהייט, פֿרייהייט פֿון געדאַנק און פֿרייע דעבאַטן.

די שרייבערס און די מיטאַרבעטער זיינען געווען פֿאַנאַטיש פֿאַרשיכּורט פֿון זייער נייעם גלויבן, — און אָט דער גלויבן אין דעם שנעלן זיג פֿון דער רעוואָלוציע פֿילט זיך נאָך איצט אין די אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען און אין דער פּאָעזיע, וואָס איז דאָרטן פּובליקירט געוואָרן.

דער דיכטער עדעלשטאַט, וואָס איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער, און אַ געוויסע צייט אויך רעדאַקטאָר פֿון דער אויסגאַבע, האָט אויסגעדריקט אין אַ ליד דעם אידעאַליזם פֿון דער גרופּע. מיר ציטירן דאָ אַ טייל פֿון ליד:

## קאפיטל צוויי

זאָל איך האָבן הונדערט קעפּ,
וואָלט איך אַלע אָפּגעגעבן
פֿאַר מײַן גרויסן אידעאַל,
ווײַל אָן אים וואָס איז דער לעבן?

הייסט דאָס לעבן אימער זען
ווי עס וועלקן אַרום דיר
יונגע בלומען און עס פֿליסן
הייסע טרערן אָן אַ שיעור?

עס זײַנען אַוועקגעגאַנגען וויניקער פֿון דרײַ יאָר זינט די אַנאַרכיסטן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „וואַרהייט", אָבער וואָס פֿאַר אַן אונטערשייד איז געווען צווישן די צוויי אויסגאַבן! גלײַכצײַטיק מיט די סאָלידע אַרטיקלען זײַנען אין דער „וואַרהייט" געשריבן געוואָרן רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן, ווו ווילהעלם דער צווייטער איז אָנגערופֿן געוואָרן „ווילוועלע תכשיט" און אַנדערע ענלעכע קאָמיזמען. די „פֿרײַע אַרבעטער־שטימע" פֿון 1892 איז געווען וואַרעם, לײַכט, לעבעדיק און אינטערעסאַנט. די אַרויסגעבערס האָבן באַגריפֿן, אַז כּדי צו רעדן דירעקט צום אַרבעטער דאַרף דאָס געטאָן ווערן אויף אַ פּשוטן, האַרציקן אופֿן. די צײַטונג האָט זיך באַמיט צוצופּאַסן זיך צו די אַרבעטער, זי האָט זיך אָבער צו זיי ניט אַראָפּגעלאָזט. זי האָט געפּרוווט צו דערצײַען די מאַסן, זיי וועקן צו אַ בעסער און שענער לעבן און זיי צו דערהייבן. די צײַטונג האָט עקסיסטירט ביז 1892.

די „אַרבעטער־צײַטונג" איז נאָך אַנאַנד געוואַקסן און איז געווען אַזוי דער־פֿאָלגרײַך, אַז אין 1894 איז זי פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם טעגלעכן „אָוונט־בלאַט". כּדי טיפֿער צו דיסקוטירן ערנצטע פּראָבלעמען און כּדי צו פּאָפּו־לאַריזירן וויסנשאַפֿט, האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין 1892 געגרינדעט „די צוקונפֿט", אַ וויסנשאַפֿטלעכער און ליטעראַרישער חודש־זשורנאַל, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו פּאָפּולאַריזירן און פֿאַרשפּרייטן קולטור צווישן די יידישע מאַסן.

אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן זיך אין גיכן אָנגעהויבן רײַבונגען און קריגערײַען צווישן פֿאַרשיידענע פֿראַקציעס, און זיי האָבן דער־גרייכט דעם קלימאַקס אין 1897, ווען עס איז פֿאַרגעקומען די פֿאַרמעלע שפּאַל־טונג. דרײַ סיבות האָבן געפֿירט צו דער שפּאַלטונג: פּערזענלעכע, אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע פֿראַגן און פּרינציפּיעלע חילוקי־דעות.

אין יענער צײַט איז דער הויפּט פֿון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי געווען דעניעל דע לעאָן — אַן איבערגעגעבענער און פֿאַנאַטישער סאָציאַליסט. ער האָט געגלייבט, אַז אַ פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין מוז זײַן סאָציאַליסטיש —

## דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

אַז ניט, האָט ער ניט קיין שום עקסיסטענץ־באַרעכטיקונג. לויט אים קאָן אַ מענטש זײַן אָדער אַ סאָציאַליסט אָדער אַ שווינדלער. דע לעאָן האָט גענומען גרינדן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגען — ווי אָפּאָזיציעס צו די שוין עקסיסטירנדיקע פֿאַראייניגען, און דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שטאַרקע קעגנערשאַפֿט בײַ טייל ייִדישע סאָציאַליסטן. די זעלביקע מענטשן זײַנען אויך געווען קעגן דע לעאָנס שטאַרקן קאָנטראָל פֿונעם „אַוונטבלאַט" און פֿון דער וועכנטלעכער „אַרבעטער־צײַטונג" (אַזוי האָט געהייסן די זונטיק־אויסגאַבע פֿונעם „אָוונטבלאַט"). עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטרײַטן און קריגערײַען. די פּרעסע איז געוואָרן פֿול מיט זידלערײַען און שמוץ־וואַרפֿעניש. אויף מ. ווינטשעווסקיס אַרטיקלען „פֿויל אָדער צוגעפֿוילט" און „מער לופֿט, מער ליכט", וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין זײַן וואָכנזשורנאַל „דער אמת" (באָסטאָן), האָט מען באַלד געענטפֿערט מיט פּערזענלעכע אָנגריפֿן און פֿאַרלוימדונגען.

פֿאָרמעל האָבן די אָפּאָזיציאָנערן געקעמפֿט קעגן דעניעל דע לעאָנען און זײַנע אָנהענגערס דערפֿאַר, וואָס די לעצטע האָבן געהאַט דעם פֿולשטענדיקן קאָנטראָל איבער די צײַטונגען; די הויפּט־סיבה פֿון דער קריגערײַ איז אָבער אַחוץ דעם אויך געווען אַ פּרינציפּיעלע: צי זאָל מען זײַן קאָנסעקוועט אָדער אָפּאָרטוניסטיש? דעניעל דע לעאָן איז געווען פֿאַר הונדערט־פּראָצענטיקער אויסגעהאַלטנקייט און אַב. קאַהאַן, לוי מילער, מ. ווינטשעווסקי זײַנען געווען פֿאַר מעסיקע קאָמפּראָמיסן.

דער גאַנצער קאַמף האָט זיך מיט דער צײַט רעדוצירט צו פּערזענלעכע אָנפֿאַלן און זידלערײַען. מען האָט זיך געזידלט און מען האָט געוואָרפֿן צווייד־דײַטיקע באַשולדיקונגען איינער קעגן צווייטן. די קריגערײַ איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פֿון צעריצטע, אַמביציעזע געמיטער און פֿון דעם נידעריקן קולטור־ניוואָ אויף דער ייִדישער גאַס. מען האָט גענומען אַ וויכטיקן, פּרינציפּיעלן קאַמף און אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ שמאָלן, פּערזענלעכן ענין. דער קאַמף האָט געפֿירט צו אַ שפּאַלטונג און צו דער גרינדונג פֿון „פֿאָרווערטס" (1897).

אָט דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכן די געשיכטע פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע, און מיר האָבן זיך אויספֿירלעך אָפּגעשטעלט אויף דער אַרבעטער־פּרעסע, ווײַל — ווי שוין פֿריִער געזאָגט — די ייִדישע ליטעראַטור פֿון יענע יאָרן האָט זיך הויפּטזאַכלעך אַנטוויקלט אויף די שפּאַלטן פֿון דער דאָזיקער פּרעסע. די אַרבעטער־צײַטונגען האָבן דעטערמינירט, און דירעקט און אומ־דירעקט באַשטימט, דעם כאַראַקטער פֿון אונדזער ליטעראַטור אין אַמעריקע. די אַרבעטער־פּרעסע האָט אויך שפּעטער צוגעצויגן ווי מיטאַרבעטער די איירא־פּעיִשע ייִדישע שרײַבערס: י. ל. פּרץ, שלום־עליכמען, און נאָך שפּעטער — אַבֿרהם רייזענען, שלום אַשן און פֿיל אַנדערע. די ייִדישע ליטעראַטור אין אַמע־ריקע האָט זיך אָנגעהויבן מיט שונדראָמאַנען און מיט בטלנותדיקער פּובלי־

# קאפיטל צוויי

ציסטיק. זי האָט זיך אָבער אַנטוויקלט און איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער און וויכטיקער ליטעראַטור, וואָס איז אַלע מאָל אין אירע הויפּט־שטרעמונגען דורכגעדרונגען מיט הומאַניטאַרע אידעען און סאָציאַלע אידעאַלן. (26)

---

(1) אַלכּסנדר האַרקאַווי, „אַ מאָל און היינט", טעאַטער־זשורנאַל און פאַמיליען־פריינד. ניו־יאָרק, יאַנואַר 1903.

(2) אב. קאַהאַן, בלעטער פון מיין לעבן. באַנד II, זז' 81—82.

(3) *Jewish Encyclopedia,* volume IX, p. 612.

(4) כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ווי אַזוי יידישע שרייבער האָבן געטראַכט וועגן די ערשטע יידישע צייטונגען אין אַמעריקע איז פיליפּ קראַנצס באַמערקונג: „דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון אונדזער פרעסע וועט זיך מוזן באַגיין אָן זיי (די ערשטע צייטונגען. — א. ש.), אורטיילנדיק נאָך די עטלעכע פאַרבליבענע קבֿרים־בלעטלעך, מוז מען זאָגן, אַז די היסטאָריע וועט זייער ווייניק פאַרלירן דערפון". „יידישעס טאַגעבלאַט" — יובליי־נומער. 20טן מאַרץ 1910.

(5) מ. שטאַרקמאַן, „די אַנטשטייונג פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע". זאַמלבוך צו דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע. ניו־יאָרק 1934.

(6) פריער דערמאָנטער אַרטיקל אַ מאָל און היינט.

(7) פּ. ווירניק, די געשיכטע פון יודן אין אַמעריקע, זייט 476.

(8) וועגן דער צייטונג האָבן געשריבן א. מלאכי און מ. שטאַרקמאַן אין דעם פריער דערמאָנטן זאַמלבוך צו דער געשיכטע פון דער יודישער פרעסע אין אַמעריקע.

(9) קלמן מרמר, „די ערשטע אַמעריקאַנער צייטונג אין יידיש". דער האַמער, אַפּריל 1926. ז. רייזין, לעקסיקאָן פון דער יודישער ליטעראַטור און פרעסע. ווילנע 1926, באַנד I, שפּאַלטן 653—656.

(10) מ. שטאַרקמאַן, פריער ציטירטער אַרטיקל.

(11) מ. שטאַרקמאַן, דער זעלביקער ציטירטער אַרטיקל.

(12) יודישע גאַזעטן — יובליי־נומער פון 1899.

(13) יודישעס טאַגעבלאַט פון 20טן מאַרץ 1910.

(14) *Ibid.*

(15) כּ. צ. שׂרהזאָן, „ביאָגראַפיע פון די יידישע גאַזעטן", דאָרט, אַפּריל 1894. ציטירט לויט מ. שטאַרקמאַנס פריער דערמאָנטן אַרטיקל: די אַנטשטייונג פון דער יודישער פרעסע אין אַמעריקע.

(16) א. ש. זאַקס געשיכטע פון אַרבעטער־רינג. ניו־יאָרק 1925, באַנד I, זייט 58.

(17) ב. ווייַנשטיין, פערציק יאָר אין דער יודישער אַרבעטער־באַוועגונג. ניו־יאָרק 1924, זייט 109.

(18) ה. בורגין, די געשיכטע פון דער יודישער אַרבעטער־באַוועגונג. זייט 94.

(19) יעקבֿ מילך, „צום 20יאָריקן יובליי פון דער „צוקונפט", פנקס, ווילנע 1913, שפּאַלטן 204—206.

(20) פסעוודאָנים פון ג. זעליקאָוויץ.

(21) אב. קאַהאַן, בלעטער פון מיין לעבן. באַנד II, זז' 239—241.

## דער אָנהייב פֿון דער ייִדישער פּרעסע

(22) אַלכּסנדר האַרקאַווי, „אב. קאַהאַן אַלס גרינהאָרן״. יובילעום־שריפֿט צו אב. קאַהאַנס 50טן געבורטסטאָג. ניו־יאָרק 1911.

(23) בלעטער פֿון מײַן לעבן. באַנד II, זז׳ 241—243.

(23*) אליהו שולמאַן, „די וואַרהייט״, אין זאַמלבוך לכּבֿוד דעם 250טן יובֿל פֿון דער ייִדישער פּרעסע (1686—1936). ייִוואָ, ניו־יאָרק 1937.

(24) י. קאָפּעליאָוו, אַ מאָל אין אַמעריקע. זײַט 244.

ה. בורגין, געשיכטע. זײַט 175.

(25) אויספֿירלעך וועגן דער „אַרבעטער־צײַטונג״ זע אונדזער אַרבעט די אַרבעטער־צײַטונג און זאַמלבוך צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע. ניו־יאָרק 1934.

(26) מ. שטאַרקמאַן, „צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער סאָציאַליסטישער פּרעסע״, ייִוואָ־בלעטער, באַנד IV. ווילנע 1932.

אליהו שולמאַן, „גרויסע מאָמענטן אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע״, זשורנאַל שיקאַגאָ. מײַ־יוני 1935.

## קאַפּיטל דריי

# זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

די געשיכטע פֿון ייִדישן זשורנאַליזם אין אַמעריקע ביז 1900 איז די גע־שיכטע פֿון ייִדישן ראַדיקאַלן געדאַנק. דאָס גוטע און ווערטפֿולע וואָס איז פֿאַראַן אין ייִדישן זשורנאַליזם פֿון יענעם פּעריאָד איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿון די ראַדיקאַלע ייִדישע שרייבער און זשורנאַליסטן. די ייִדישע „פּרעסע" אין אַמעריקע האָט זיך פֿאַרדינט דעם נאָמען פּרעסע ערשט נאָך דעם ווי די ייִדישע ראַדיקאַלן פֿון די פֿאַרשיידענע לאַגערן זײַנען געוואָרן די אַקטיווע שאַפֿער פֿון ייִדישן זשורנאַליזם. אין דעם קאָנסערוואַטיוון ייִדישן לאַגער זײַנען געווען איינצלנע טאַלאַנטירטע שרייבער, אָבער קיין ערנסטע זשורנאַליסטן האָבן זיי ניט אַנטוויקלט און אַרויסגעגעבן. דער אונטערשייד צווישן דער קאָנסערוואַ־טיווער ייִדישער פּרעסע און דער ראַדיקאַלער איז געווען באמת זייער גרויס. די ערשטע האָט זיך ניט געשטעלט קיין שום ליטעראַרישע אָדער אידעיִשע צילן, בשעת די צווייטע איז געגרינדעט געוואָרן מיטן ציל צו דינען אַ געוויסן צוועק און צו פֿאַרשפּרייטן וויסן און קולטור צווישן די די נײַ אָנגעקומענע אימיגראַנטן.

די קאָנסערוואַטיווע ייִדישע פּרעסע איז לכתּחילה געשאַפֿן געוואָרן פֿון פּריוואַטע מענטשן אַלס אַ געשעפֿטלעכע אונטערנעמונג און איז געבליבן דאָס פּריוואַט־אייגנטום פֿון יחידים. די ראַדיקאַלע ייִדישע פּרעסע איז אויך צו ערשט געגרינדעט געוואָרן פֿון איינצלנע מענטשן, אָבער די פּריוואַטע ייִדישע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען האָבן זיך לאַנג ניט געהאַלטן און האָבן אָפּגעטראָטן זייער אָרט צו געזעלשאַפֿטלעכע אַרויסגעבערס; ערשט מיטן איבערגאַנג פֿון דער ראַדיקאַלער פּרעסע פֿון יחידים צו געזעלשאַפֿטן האָט זיך די ראַדיקאַלע ייִדישע פּרעסע פֿונאַנדערגעוואַקסן און איז געוואָרן אַ ווערטיקער טייל פֿון דער ייִדישער קולטור אין אַמעריקע.

די ערשטע ראַדיקאַל געשטימטע אינטעליגענץ איז געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעען פֿון די רוסישע פֿאָלקיסטן; ווי זייערע רוסישע חבֿרים, האָבן זיי זיך אויך געשטעלט דעם ציל צו פֿאַרשפּרייטן קולטור און וויסן צווישן די מאַסן. די ייִדישע פֿאָלקיסטן אין אַמעריקע האָבן ניט געדאַרפֿט גיין אין די דערפֿער — ווי זייערע חבֿרים, — ווײַל זיי האָבן גלײַך אין ניו־יאָרק געפֿונען אומוויסנדיקע, דערשראָקענע און נידערגעשלאָגענע מענטשן, וואָס האָבן זיך געניייטיקט אין אויפֿקלערונג. די אַמעריקאַנער ייִדישע פֿאָלקיסטן זײַנען געווען אין אַ בעסע־

רער לאַגע איידער די רוסישע, ווײַל זיי האָבן דאָ געפֿונען אַ פֿרײַע פּרעסע, אָן אַ צענזור, ווו זיי האָבן געקאָנט אָנפֿירן אַ פֿרײַע, אָפֿענע און ניט־באַגרענעצטע אַגיטאַציע לטובֿת זייער אידעאַל.

די ייִדישע סאָציאַליסטישע פּרעסע אין אַמעריקע פֿון די סוף אַכציקער און אָנהייב נײַנציקער יאָרן האָט ניט געהאַט הינטער זיך קיין שום טראַדיציע. דעריבער איז זי שטאַרק באַאײַנפֿלוסט אין יענע יאָרן פֿון דער ניו־יאָרקער דײַטשער סאָציאַליסטישער פּרעסע און דער הויפּט פֿון דער ייִדישער סאָציאַליס־טישער פּרעסע אין לאָנדאָן. די לאָנדאָנער „צוקונפֿט" האָט, אמת, ווייניק וואָס השפּעה געהאַט אויפֿן ייִדישן זשורנאַליזם אין אַמעריקע, דערפֿאַר איז אָבער שטאַרק מערקבאַר די השפּעה פֿונעם לאָנדאָנער „אַרבעטער־פֿרײַנד". ספּעציעל איז באַמערקבאַר איר השפּעה אויף דער אַנאַרכיסטישער „וואַרהייט".

פֿיליפּ קראַנץ, וועלכער האָט אַ געוויסע צײַט רעדאַקטירט דעם לאָנדאָנער „אַרבעטער־פֿרײַנד", און ב. פֿייגנבוים, וואָס איז געווען איינער פֿון די הויפּט־מיטאַרבעטער פֿון דעם זעלביקן אָרגאַן, זײַנען שפּעטער געוואָרן די הויפּט־מיטאַרבעטער און טאָנגעבער פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע. זיי האָבן געפּרוווט שרײַבן אין דער ניו־יאָרקער פּרעסע אין זעלביקן גײַסט ווי זיי האָבן געשריבן אין דער לאָנדאָנער פּרעסע. די אַמעריקאַנער סבֿיבֿה האָט אָבער אָפֿט מאָל געפֿאָדערט אַ ספּעציפֿישע באַהאַנדלונג און האָט אַוועקגעלייגט איר אייגענעם חותם אויף דעם ראַדיקאַלן ייִדישן זשורנאַליזם.

די קאָנסערוואַטיווע ייִדישע פּרעסע איז הויפּטזאַכלעך געווען פֿאַראינ־טערעסירט אין געשעפֿט. זי האָט זיך געצייטיקט אין לייענערס און אין אַ סך לייענערס. כּדי צוצוציִען זיי, האָט זי געדרוקט לאַנגע ראָמאַנען און די נײַס פֿלעגן פֿאַרטײַטשט און אויסגעטײַטשט ווערן. די שפּראַך וואָס איז באַנוצט געוואָרן איז געווען מער דײַטשמעריש ווי ייִדיש. ניט די אַרויסגעבערס און ניט די שרײַבערס האָבן געוווּסט ווי צו שרײַבן ייִדיש און האָבן בכלל ניט געהאַט קיין שום באַציִונג צו דער שפּראַך.

די קאָנסערוואַטיווע ייִדישע צײַטונגען האָבן אַרומגערעדט פּאָליטישע פֿראַגן אויף אַ בטלנישן אופֿן. מען פֿלעגט זידלען די פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַטן און זיי שיקן צום טײַוול. די שרײַבערס פֿלעגן אויף אַ נאַיִוון אופֿן געבן עצות די פּאָליטיקערס ווי אַזוי זיך אויפֿצופֿירן און ווי אַזוי אָנצופֿירן זייער דיפּלאָ־מאַטיע. מיר ברענגען דאָ אַ מוסטער פֿון אַ פּאָליטישן אַרטיקל:

### „וואָס וועט זײַן?"

די אייראָפּעיִשע פּאָליטיק זיצט שבֿעה. די צײַטונגען פֿון דער גאַנ־צער וועלט זײַנען יעצט אין טרויער און יעדעס בלאַט האָט אַ פּנים ווי אַ מענה־לשון אין וועלכער יעדער עדיטאָר (רעדאַקטאָר) מאַכט „אל מלא

רחמים" אין זײַן פּייפּער (צײַטונג) פֿאַר דער נשמה פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם קעניג דײַטשלאַנדס — פֿרידריך דעם 3טן.

די ריזנפּרוי — די צײַט, וואָס גייט אַרום שוואַנגער פֿון מלחמה אין איר בויך, ווערט יעדער מאָל מער געשוואָלן פֿון דער גרויסער קריגע־קאַנאַנע, וואָס זי טראָגט אונטערן האַרצן; זעט יעצט צו טאָן אַלס סגולות און מיטלען זיך לײַכטער צו מאַכן דעם קימפּעט; איר איינציקע סגולה איז — אָפּצושאַפֿן פֿון דער וועלט אַלע בעסטע מענטשן וואָס ליבן פֿרידן און וואָס ווילן אַ ביסל פֿרײַ אָטעמען אויף דער וועלט. די קורצע און קראַנקע רעגירונגס־פּעריאָדע פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם ליבעראַלן דײַטשן קעניג האָט באַוויזן, אַז ס'איז נאָך ניט באַשערט דער מענטשהייט צו לעבן בשלום: 19 יאָר הונדערטער שרײַט זי פֿרײַהייט !הומאַניטעט! יושר! און וואָס מער זי שרײַט, שאַטעס איר נאָר מער צום האַלז, אַז מען מוז דעם האַלז מאַכן אַ געפֿערלעכע אָפּעראַציאָן...

מיט וואָס פֿאַר אַ זיסער האָפֿענונג האָבן זיך געשמייכלט טויזנטע אונטערדריקטע מענטשן דײַטשלאַנדס, וואָס האָבן געקרעכצט צווישן די שאַרפֿע נעגל פֿון די ווילדע פּאָליטישע חיות ווערנד פֿרידריך דער דריטער האָט באַשטיגן דעם טראָן פֿון דײַטשן רײַך: די ליבעראַלע פּאַרטיי האָט נאָר וואָס געוואָלט הויבן די פּיסלעך צום טאַנץ און די יִדן האָבן נאָר וואָס געוואָלט אויפֿהויבן די הענט צו זאָגן „הלל" מיט אַ מאָל — האָט זיך איבערגעריסן די סטרונע. אַלע האָבן מיט איינמאָל אַראָפּגעלאָזט טרויעריק די קעפּ. און די ווילדע חיות שטייען פֿון ווײַטן און דרייען צופֿרידען מיט די ווײדלעך און באַלעקן זיך די ליפּן, זיי קוקן מיט רציחישע בלוטיקע אויגן אויף זייערע קרבנות! פֿרידריך איז געשטאָרבן! און מיט אים איז באַגראָבן געוואָרן פֿרידע. מאַכט אײַך פֿאַרטיק מענטשן צום לעזן אַ נײַעם קאַפּיטל אין די געשיכטע פֿון 19טן יאָרהונדערט". (1)

דער אויבן ציטירטער לייט־אַרטיקל איז געשריבן פֿון אַבֿרהם גאָלדפֿאַדן אין זײַן צײַטונג, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק. אין דער קאָנסערוואַטיווער בעל־בתּישער סבֿיבֿה איז אַפֿילו גאָלדפֿאַדן אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טאָן פֿון בטלנות. און מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז גאָלדפֿאַדן איז געווען אַ קולטור־מענטש און אַז זײַן צײַטונג איז געשטאַנען אויף אַ העכערער מדרגה ווי עס זײַנען געשטאַנען די איבעריקע יִדישע קאָנסערוואַטיווע צײַטונגען.

די פּריוואַטע קאָנסערוואַטיווע צײַטונגען האָבן פֿאַרטיידיקט אויף אַ בטלנישן אופֿן די יִדישע רעליגיע און די אַלטע יִדישע מינהגים. די צײַטונגען האָבן דער הויפּט געפֿירט אַ קאַמף קעגן די יִדישע ראַדיקאַלן און קעגן די רעפֿאָרם־ראַבינערס, וואָס האָבן געוואָלט פֿאַרשפּרייטן דעם רעפֿאָרמיזם צווישן יִדן אין אַמעריקע. די אָרגאַנען פֿון קאָנסערוואַטיוון יִדנטום האָבן אָנגעפֿירט אויף אַ לעכערלעכן אופֿן אַ קאַמף פֿאַר אַלע טראַדיציאָנעלע יִדישע מינהגים. זיי האָבן געחנפֿעט און געוואָלט געפֿעלן די פֿרומע יִדן אין יִדישן קוואַרטאַל —

# זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

און זיי האָבן זייער ציל דערגרייכט. אַזוי ווי די נײַ אָנגעקומענע ייִדישע אימיגראַנטן זײַנען געווען רעליגיעז און פֿרום, זײַנען די קאָנסערוואַטיווע אָרגאַנען געווען די דערפֿאָלגרײַכסטע און פֿאַרשפּרייטסטע.

עס איז קלאָר, אַז די פּריוואַטע ייִדישע צײַטונגען זײַנען געווען פֿאַראינטערעסירט אין „ביזנעס" און במילא זײַנען זיי ניט געווען בכּוח אויפֿצובויען אַ ייִדישע ליטעראַטור אָדער אַן ערנצטע ייִדישע פּרעסע אין אַמעריקע. דערפֿאַר געהערט דער כּבֿוד און דער פֿאַרדינסט פֿאַר אויפֿבויען אַ גוטע ייִדישע פּרעסע פֿאַר די ייִדישע מאַסן אויסשליסלעך די ייִדישע ראַדיקאַלן און פֿאָלקיסטן פֿון די צוויי דאָמינירנדיקע לאַגערן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די אַנאַרכיסטן זײַנען געווען די יעניקע, וואָס האָבן אויפֿגעבויט אַ טריבונע פֿאַרן ייִדישן וואָרט אין אַמעריקע. די ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט זיך אַנטוויקלט מיט דער הילף פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער פּרעסע. די בעסטע פּובליציסטן, זשורנאַליסטן, קריטיקערס, ראָמאַניסטן, דראַמאַטורגן, דערציילערס און דיכטערס האָבן זיך אַנטוויקלט מיט דער הילף פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכער פּרעסע. דאַקעגן האָט די פּריוואַטע פּרעסע פֿון דעם פּעריאָד, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, ניט אַרויסגעגעבן קיין וויכטיקע זשורנאַליסטן און שרײַבערס. דאָס בעסטע, טאַלאַנטפֿולסטע און שאַפֿערישסטע האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום די ראַדיקאַלע ייִדישע אָרגאַנען. די פֿאָנען־טרעגערס פֿון ייִדישן באַלעבאַטישן זשורנאַליזם און פֿון דער פּובליציסטיק זײַנען געווען יאָהאַן פּאַליי (1871—1907), געצל זעליקאָוויטש (1863—1929) און א. טאַנענבוים (1848—1913). „פּראָפֿעסאָר" געצל זעליקאָוויטש, וואָס האָט פֿיגורירט אַלס געלערנטער און עגיפּטאָלאָג, האָט אַ סך געשריבן איבער פּאָליטיק און געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן. זײַנע אַרטיקלען פֿלעגט ער אָנהייבן און פֿאַרענדיקן מיט „לידער". געשריבן האָט ער אויף אַן עכט ייִדישלעכן שטייגער, מיט קליינשטעטלדיקע חכמות און בקיאות. מיר האָבן שוין פֿריִער ציטירט זײַן געגראַמטע פּראָגראַם פֿאַרן „פֿאָלקס־אַדוואָקאַט". דאָס ציטירטע „ליד" איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זײַן שרײַבן. יאָהאַן פּאַליי, וועלכער האָט דורכגעמאַכט טויזנטער גילגולים איידער ער איז געוואָרן אַ ייִדישער שרײַבער און זשורנאַליסט, האָט זיך גאַנץ גוט אַרײַנגעפּאַסט אין דער קאָנסערוואַטיווער פּרעסע. פּאַליי האָט געשריבן וועגן אַלגעמיינע פּאָליטישע פֿראַגן און וועגן ייִדישע ענינים. געשריבן האָט ער אין אַ הויך רעטאָרישן און „פּאַטעטישן" סטיל:

> „און נאָך האָבן ייִדן ניט אויפֿגעהערט צו טרוימען פֿון אַ זעלבסטשטענדיקע ייִדישע רעגירונג, פֿון איין אָבגעגרענעצטע ייִדישע מדינה — פֿון איין ייִדישער פֿאָטערלאַנד. שוין נײַנצן הונדערט יאָר ווי ישׂראל האָט צום לעצטן מאָל געקושט דאָס שטויב פֿון זײַן אייגן לאַנד; שוין נײַנצן הונדערט יאָר ווי ישׂראל איז אָן אַ קרוין און אָן אַ סצעפּטער — דאָך בלישטשען נאָך פֿונקען פֿון פֿאָטערלאַנד־ליבע אין זײַן האַרץ און דיזע

## קאַפּיטל דריי

פונקען צופלאַמען זיך ווען אַ יידישע מלוכה ווערט געבויט אין חלום און אַ יידנשטאַט ווערט געגרינדעט אין לופט, אין שאָטן. קיין פּלאַן איז ניט שווער, קיין נביאות איז ניט ווייט פאַר יהודאס פאַרוואַגלטן זון ווען דער וואָרט פאַטערלאַנד קלינגט אין זיינע אויערן.

ווען שלעכטע צייטן באַזוכן די יידישע נאַציאָן, און גזירות און רדיפות שניידן זיין קערפּער, ווען חיות און ווערים ווילן אויפרעסן די פאַרוואַגלטע שאָף הויבן יידן אויף זייערע אויגן צו זוכן אַ פאַטערלאַנד. יידן פאַנגען דאָן אָן צו גלויבן דאָס נור אַ פאַטערלאַנד און אַ קרוין גע־שטיצט אויף שווערדן און ביקסן זיינען די איינציקע שומרים פון ישׂראלס גליק און פרידע.

— — — — — — — — — — — — —

אַ פאַטערלאַנד וואָס ווערט געטראָטן מיט קלאָפּטער ערד אונד וואָס ווערט ערהאַלטן מיט סאָלדאַטן און געווער איז ניט דעם יידנס גורל. דער וועלט דעם יידנס לאַנד איז אַ גייסטיקע וואָס פאַנגט זיך אָן אין זיבעטן הימל, פילט אָן דעם גאַנצן שטח פון דער וועלט אונד ענדיקט זיך אין תהום פון דער עוויקייט.

— — — — — — — — — — — — —

וואָצו דאַרפט איר אַ יידנשטאַט פון ערד און קאַזאַרמען אין פּאַלעס־טינע וואָס מוז ציטערן פאַר די קאַנאָנען פון אַלערליי פיינדע, בויט בעסער אויף פעסטונגען פאַר דעם יידישן גייסט, וועלכער ווערט ניט פאַרצערט פון דער צייט און ווערט ניט פאַרניכטעט פון די פיינדע.

גייסט איז דער נאָמען פון יידישן פאַטערלאַנד, און דיזעס לאַנד איז עוויק ווי דער עוויקער ייד". (יאָהאַן פּאַליי, אין „שבת נחמו־בלאַט", ניו־יאָרק, 13טן אויגוסט 1897.)

דער טאַלאַנטירטסטער פון די באַלעבאַטישע שרייבערס איז געווען א. טאַ־נענבוים. זיין קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן אין דער ראַדיקאַלער פּרעסע און איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צו די „יודישע גאַזעטן". טאַנענבוים האָט גע־שריבן פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען און ראָמאַנען. ער האָט זיך באַ־צויגן מיט ערנצט צו זיינע אַרבעטן. זיינע אַרטיקלען קאָן מען גרינג פאַרגלייכן צו די אַרטיקלען פון דעם זעלביקן סאָרט, וואָס זיינען געווען פּובליקירט אין דער יידישער ראַדיקאַלער פּרעסע.

אַבֿרהם גאָלדפאַדן, וועלכער איז געווען אין אַמעריקע עטלעכע יאָר — סוף אַכציקער יאָרן — האָט אין זיין צייטווייליקער נייער היים ניט געשאַפן קיין ווערטפולעס אויפן געביט פון יידישער פּובליציסטיק. די צייטונג, וואָס ער האָט רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן, „ניו־יאָרקער יידישע אילוסטרירטע צייטונג" (1887—1888), האָט זיך כמעט מיט גאָרניט ניט אויסגעצייכנט לגבי די אַנדערע פּריוואַטע, קאָנסערוואַטיווע יידישע אָרגאַנען.

## זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער האָט געטראָגן די ייִדישע ראַדיקאַלע פּרעסע. איר אויפֿגאַבע איז געווען „אויסצובילדן" די מאַסן. די מיטאַרבעטער האָבן זיך געשטעלט דעם צוועק אַרײַנצוברענגען קולטור און בילדונג צו די ייִדישע מאַסן. די זעלביקע מענטשן האָבן זיך ניט געשטעלט קיין ציל צו אַנטוויקלען אַ ייִדישע קולטור אָדער ליטעראַטור, אָדער צו קולטיווירן די ייִדישע שפּראַך, אָבער ניט ווילנדיק האָבן זיי באַשאַפֿן אַ ייִדישן זשורנאַליזם און אַ ייִדישע ליטעראַטור. ליטעראַטור גופֿא איז בײַ זיי געווען בלויז אַ מיטל צו פֿאַרשענערן דאָס לעבן פֿון דער אימיגראַנטישער מאַסע — און דאָך איז אַזוי אַרום באַשאַפֿן געוואָרן די ייִדישע ליטעראַטור און פּרעסע.

די טאַנגעבערס פֿון ראַדיקאַלן געדאַנק האָבן אָפֿן דערקלערט, אַז זיי זײַנען ניט פֿאַראינטערעסירט אין ייִדיש אָדער אין ייִדישער ליטעראַטור, אָבער קעגן זייער אייגענעם ווילן האָבן זיי באַשאַפֿן און געהאָלפֿן אַנטוויקלען אַ ייִדישע ליטע־ראַטור און אַ ייִדישן זשורנאַליזם. אב. קאַהאַן האָט אין יענער צײַט אָפֿן דער־קלערט: „אונדזערע צײַטונגען זײַנען זשאַרגאָנישע, אָבער איינער פֿון אונדזערע צילן איז צו העלפֿן די לעזערס זיך אַמעריקאַניזירן איבעם בעסטן זין פֿון וואָרט. צו ברענגען זיי צו אַזאַ באַקאַנטשאַפֿט מיט דער שפּראַך פֿון זייער נײַער היים, קורץ, צו ברענגען זיי צו אַזאַ צושטאַנד, אַז זיי זאָלן אין זשאַרגאָנישע בלעטער זיך מער ניט נייטיקן, און איינע פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבן, וואָס מיר זעען פֿאַר זיך אין דער דאָזיקער באַציִונג, איז דאָ צו באַשפּרעכן ביכער און שרײַבערס פֿון דער ענגלישער און אַמעריקאַנער ליטעראַטור". (2)

צוויי הויפּט־שטרעמונגען האָבן דאָמינירט אין דער ראַדיקאַלער ייִדישער זשורנאַליסטיק: די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און די אַנאַרכיסטישע. די דאָזיקע צוויי אידעאָלאָגיעס האָבן געפֿירט אַ קאַמף צווישן זיך — אַ קאַמף, וואָס האָט אָנגעהאַלטן יאָרן לאַנג. ביידע אידעאָלאָגיעס זײַנען אויסגעדריקט געוואָרן פֿון זשורנאַליסטן, פּובליציסטן און קריטיקערס; ביידע שטרעמונגען האָבן געהאַט גאַנץ טאַלאַנטפֿולע און איבערגעגעבענע פּאַרטיידיקערס. אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס האָט אָבער געזיגט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ריכטונג — און אין דער ייִדישער זשורנאַליסטיק האָט די זעלביקע ריכטונג געקראָגן די אייבער־האַנט. מען קאָן ניט זאָגן, אַז עס איז באַשאַפֿן געוואָרן אַן אָריגינעלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָדער אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור. ביידע ריכטונגען האָבן כּמעט ווי ניט פֿאַרמאָגט קיין אָריגינעלע דענקערס אָדער טעאָרעטיקערס. די מערסטע שרײַבערס האָבן איבערגעזעצט אין ייִדיש דאָס וואָס זיי האָבן געלייענט אין פֿרעמדע שפּראַכן. זיי האָבן ניט אויסגעדריקט נײַע, אייגענע געדאַנקען — זיי האָבן זיך מערסטנס צופֿרידנגעשטעלט מיט איבערדערציילן די ייִדישע לייענערס דאָס, וואָס זיי האָבן געלייענט אין רוסיש, פֿראַנצייזיש און דער הויפּט אין דײַטש. אָבער דאָס אַרײַנברענגען אין אַ פֿאַרייִדישטער פֿאָרעם, די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע און אַנאַרכיסטישע אידעאָלאָגיעס אין דער ייִדישער סבֿיבֿה, וואָס איז

געווען אַזוי אָפּגעשטאַנען, איז געווען אין יענער צײַט אַ גרויסער אויפֿטו און אַ גרויסער פֿאַרדינסט.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידעאָלאָגיע איז אויסגעדריקט, פֿאַרטיידיקט און פּאָפּולאַריזירט געוואָרן פֿון די פֿאָלגנדיקע: אַב. קאַהאַן (געב׳ 1860), פֿיליפּ קראַנץ (1858—1922), ב. פֿייגענבוים (1860—1932), מ. זאַמעטקין (1859—1935), לוי מילער (1866—1927), ש. פּעסקין (1871—1939), יעקבֿ מילך (געב׳ 1866) און מ. באַראַנאָוו (1864—1924). אָט די אַלע שרײַבערס האָבן פּאָפּולאַריזירט און איבערגעגעבן די פּראָגראַם פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און פֿאַרזיכערט, אַז דער סאָציאַליזם מוז און וועט קומען.

וויכטיקע שרײַבערס אין דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן לאַגער זײַנען געווען ל. בודיאַנאָוו (געב׳ 1874) און מאַקס בעער. דער ערשטער האָט אָנגעווענדט דעם מאַרקסיזם צו קאָנקרעטע פּראָבלעמען פֿון דער צײַט. דער צווייטער איז געווען אַ געבילדעטער און געשולטער מאַרקסיסט, וואָס האָט געשריבן וויכטיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן צײַט־ענינים, וועגן ליטעראַטור און וועגן מאַרקסיסטישע פּראָבלעמען. צום גרויסן שאָדן פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור זײַנען ביי־דע, אי ל. בודיאַנאָוו, אי מאַקס בעער, אַוועק פֿון דער ייִדישער פּרעסע. ביידע האָבן געפֿונען אַ גרעסערע פּעריפֿעריע אין דער ניט־ייִדישער וועלט. ל. בודיאַנאָוו האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אין דער אַמעריקאַנער (ענגלישער) סבֿיבֿה, און מאַקס בעער איז געוואָרן באַקאַנט אין דײַטשלאַנד, און שפּעטער אויך אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע.

דער ייִדישער אַנאַרכיזם האָט אַרויסגעגעבן די אָנגעזעענע פּובליציסטן, שרײַבערס און קריטיקערס הלל זאָלאָטאַראָוו (1865—1921), ש. יאַנאָווסקי (1864—1939), מ. לעאָנטיעף (געב׳ 1872), י. א. מעריסאָן (1866—1941), א. פֿרומקין (1873—1940) און משה קאַטץ (1864—1941).

די וויכטיקסטע אַנאַרכיסטישע פּובליציסטן זײַנען געווען הלל זאָלאָטאַראָוו און י. א. מעריסאָן. ביידע זײַנען ניט געווען קיין שקלאַפֿישע און פֿאַנאַטישע אָנהענגערס — ווי די אַנדערע טעאָרעטיקערס און באַגרינדערס פֿון אַנאַרכיזם — נאָר האָבן אַליין אַנטוויקלט אַן אייגענעם קוק אויף דעם אַנאַרכיזם. ביידע האָבן אַרײַנגעפֿירט אַן ערנצטן און אָריגינעלן טאָן אין דער ייִדישער וויסנ־שאַפֿטלעכער ליטעראַטור.

א. פֿרומקין איז געווען אַ געבילדעטער זשורנאַליסט. משה קאַטץ, וועל־כער האָט אויך געשריבן פֿעליעטאָנען און בעלעטריסטיק, האָט וועגן אַלעם גע־שריבן אויף אַ נאַיוו־פֿילאָסאָפֿישן און אימפּרעסיאָניסטישן שטייגער. ש. יאַ־נאָווסקי איז געווען אַ פֿעיִקער, שאַרפֿזיניקער און טעמפּעראַמענטפֿולער זשורנאַ־ליסט. מ. לעאָנטיעף איז געווען שטאַרק אונטערן אײַנפֿלוס פֿון די רוסישע פֿאָלקיסטישע שרײַבערס, דער הויפּט אונטערן אײַנפֿלוס פֿון מיכאַלאָווסקין.

## זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

ניט געקוקט אויף דעם וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די אַנאַרכיסטן זײַנען זיך צעגאַנגען אין זייערע פּאָליטישע בליקן, זײַנען זיי אָבער געווען אײַנ־פֿאַרשטאַנען אין איין פּונקט: אַז מען דאַרף בילדן די יידישע מאַסן, אַז מען דאַרף זיי באַקענען מיט זייער נײַער היים, מיט דער קולטור פֿון לאַנד און דער הויפּט מיט עלעמענטאַרע ידיעות וועגן דער וועלט און דער נאַטור און מיט די סאָציאַלע און עקזאַקטע וויסנשאַפֿטן. אַלע ראַדיקאַלע זשורנאַלן פֿון יענעם פּעריאָד זײַנען אָנגעפּאַקט מיט פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען. מען האָט געשריבן וועגן אַסטראָנאָמיע, ביאָלאָגיע, דאַרוויניזם, געאָגראַפֿיע, געשיכטע, זאָאָלאָגיע און וועגן לעבן און די אויפֿטוען פֿון באַקאַנטע וויסנשאַפֿט־לײַט און פֿילאָסאָפֿן. מען האָט פֿאַר די יידישע אַרבעטער פּאָפּולאַריזירט פֿיזיק און כעמיע, טעאָריעס וועגן שטאָף און קראַפֿט. מען האָט די יידישע לייענער דערציילט וועגן דער אַנטשטייונג פֿון מאָראַל. די פּאָפּולאַריזאַציעס זײַנען געשטאַנען אויף אַ גאַנץ הויכן ניוואָ. און עס איז ווערט דאָ אָפּצופֿרישן דעם זכרון פֿונעם הײַנטיקן לייענער מיט אַ פּאָר אויסצוגן פֿון אייניקע אַרטיקלען פֿון יענער צײַט:

„....איך האָף, אַז פֿון דעם, וואָס איך האָב אין דיזן קורצן אַרטיקל געזאָגט, וועט דעם לעזער קלאָר ווערן: 1. אַז אונזער נשמה איז ניט קיין באַזונדערע זעלבסטשטענדיקע באַשעפֿעניש, אָן אַ ממשות, וועלכע וווינט אין אונזער גוף בלויז אויף אַ געוויסע צײַט, זאָנדערן אַז דאָס איז בלויז די טעטיקייט, די אַרבעט, די ראָליע פֿון אונזער מאַרך. 2. אַז די פֿאַרשיי־דענע אַרטן פֿון אונזער גײַסטיקן און שׂכלדיקן לעבן שטאַמען פֿון פֿאַר־שיידענע מאַרך־צענטערן, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן איינער מיט דעם אַנ־דערן ווי אויך מיט די נערוון, דורך באַנען. 3. אַז דורך דיזע צענטערן און דורך דיזע צענטערן און דורך די נערוון, וואָס זײַנען מיט זיי פֿאַר־בונדן, הערשט און רעגירט דער מאַרך איבער אונזער גאַנצן אָרגאַניזם".

(ד"ר ס. אינגערמאַן, „צוקונפֿט", מײַ 1894)

און ווײַטער:

„אַז איר וועט אַרויף לייגן אײַער האַנט אויף די לינקע זײַט ברוסט, לערך פֿיר פֿינגער אונטער די ברוסט ניפּל, וועט איר פֿילן גאַנץ אָפּט אַ שטויס. נעמט אַרויס אײַער זייגער און ציילט די שטויסן און איר וועט וויסן וויפֿל מאָל עס פֿילט זיך אָן און ליידיקט זיך אויס אײַער הערץ אין אַ מינוט. ווען דאָס הערץ ציט זיך צוזאַמען און דאָס בלוט הערויס צו־שלײַדערן פֿון די מאָגנדלעך, הויבט זיך אויף דער שפּיץ הערץ און קלאַפּט די ריפּן. אַז איר וועט אַרויפֿלייגן אײַער אויער אויף דעם זעלבן פּלאַץ, ווו איר פֿילט דעם האַרץ־שטויס, וועט איר הערן גאַנץ דײַטלעך ווי דאָס האַרץ קלאַפּט. אויב איר האָט אַ גוטן חוש־השמיעה, וועט איר הערן, אַז דאָס הערץ גיט צוויי קלעפּ און נאָכער רוט עס, און נאָכער ווידער צוויי קלעפּ און ווידער רוע. אין אַלע פֿאַלן וועט איר הערן דאָס האַרץ

קלאַפּן. דער קלאַפּ קומט פון דעם, וואָס די טירלעך מאַכן זיך צו מיט קראַפט און דאָס בלוט מאַכט אַ רעש ווי אַ כוואַליע".

(ח. ספּיוואַק, „צוקונפט", פעברואַר 1894)

„ווען איין פונט פאַלט 722 פוס די הויך, באַשאַפט ער איין גראַד וואַרעמקייט, און פאַרקערט: איין גראַד וואַרעמקייט הויבט (דורך אַ דאַמף מאַשין צב"ש) אַ פונט אויף 722 פוס די הויך. הכלל, די זעלבע באַוועגונגס־קראַפט, וואָס שאַפט אַ געוויסע מאָס וואַרעמקייט, קאָן באַשאַפן ווערן פון פונקט אַזאַ מאָס וואַרעמקייט. קיין קראַפט ווערט ניט פאַרפאַלן. זי באַקומט בלויז אַן אַנדער פאָרמע. פון אַ געוויסע באַוועגונג ווערט וואַרעמקייט, וועלכע האָט אין זיך פונקט די זעלבע קראַפט ווי זי — והראיה, מען קאָן דאָך מיט די זעלבע וואַרעמקייט צוריק באַשאַפן פונקט די זעלבע באַוועגונג. פון היץ ווערט דורך אַ לאָקאָמאָטיוו באַוועגונגס־קראַפט; דיזע קראַפט ווערט פאַרבראַכט אויף די רייבעניש פון די פאַרשיידענע גלידער פון דעם לאָקאָמאָטיוו, אויף די רייבעניש פון די רעדער און די רעלסן, אויף די רייבעניש פון דעם גאַנצן צוג אָן די לופט. פון דיזע רייבעניש, פון דיזע פאַרהאַלטענע באַוועגונג ווערט צוריק היץ. די גלידער פון דעם לאָקאָמאָטיוו, די רעדער, די רעלסן א. א. וו. ווערן היים".

(ג. ראַבינאַוויץ, „צוקונפט", יולי 1894)

דאָס הויפּטאָרט אין דער פּאָפּולערער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור האָט פאַרנומען די סאָציאַלע וויסנשאַפט, און באַזונדערס דער מאַרקסיזם. מען האָט איבערדערציילט און פאַרטייטשט די פילאָסאָפישע סיסטעם פון קאַרל מאַרקס, מען האָט פריי איבערגעזעצט און פאַרטייטשט דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט און די עקאָנאָמישע לערע פון קאַרל מאַרקס. די יידישע שרייבערס און פובליציסטן האָבן געגעבן צו פאַרשטיין זייערע לייענערס, אויף אַ פשוטן אופן, די אַנטשטייונג פון דער געזעלשאַפט, פון קלאַסן און רעגירונגען. זיי האָבן פּאָפּולאַריזירט פאַר די יידישע מאַסן דעם סאָציאַליזם און אַלע מאָל געזוכט זיי דורכצודרינגען מיטן גלויבן, אַז דאָס קומען פונעם סאָציאַליזם איז באַשטימט און אומפאַרמיידלעך:

„איינע פון די בעסטע באַווייזן וואָס די סאָציאַליסטישע אידעען קאָנען דורכגעפירט ווערן אין דער נאָענטער צוקונפט, איז אָנע צווייפל דיזער, דאָס איז די יעצטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט שפּראָצן אַרויס נויטווענדיקער ווייזע די וואָרצלען פון אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. די פאַקטן און ערקלערונגען אויס דער געשיכטע, וועלכע מיר האָבן פאָרגעלייגט אין אונזערע פריקע אַרטיקלען, האָבן באַוויזן, אַז מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט ענדערן זיך די געזעלשאַפטלעכע צושטענדע. נאָך אַ לאַנגער אַנטוויקלונג, וועלכע הייסט אויף דעם וויסנ־

שאפטלעכן לשון „עוואלוציאן״, מוז דער אלטער געזעלשאפטלעכער צו־שטאנד אפגעשאפט ווערן און אויף זיין פלאץ מוז קומען איין אנדערער, א בעסערער. ווען די עוואלוציאן איז גענוג רייף און שטארק איינגע־ווארצלט אין הארצן פון פאלק, דאן און נור דאן, קאן שטאט פינדן איינע ערפאלגרייכע רעוואלוציאן, וועלכע איז אייגנטלעך דער שלום פון איין עוואלוציאן, ווייל זי ברענגט ארויס א נייעם געזעלשאפטלעכן צושטאנד. איבערהויפט ברענגט אונז די נאכפארשונג אין דער געשיכטע צו איין שטענדיקן געזעץ, וועלכער איז זא אונפערענדלעך, ווי די נאטור־געזעצע, נעמלעך דאס יעדע געזעלשאפט ענטהאלטעט, אנטוויקלט און ארבעטעט אויס אין זיך דעם מאטעריאל פאר אן אנדער געזעלשאפט, וועלכע מוז קומען אויף איר פלאץ דורך א רעוואלוציאן״.

(פ. קראנץ, „צוקונפט״, מארץ 1893)

**דער וויטערדיקער אויסצוג פון ארטיקל וועגן א פראגע וואס איז איצט פונקט אזוי אקטועל ווי זי איז געווען אין די לעצטע יארן פון ניינצנטן יארהונ־דערט לייענט זיך אזוי:**

„...מיר מוזן דא אויך אויפווייזן אויף אייניקע מיינונגען, וועלכע שטאמען פון דעם, וואס מען פארשטייט שלעכט דעם עיקר פון היסטארישן מאטעריאליזם. פילע פון די סאציאליסטן גופא האבן ליב צו שרייען געגען דעם, וואס מען גיט צו פיל ערע איינצעלנע פערזאנען, אדער ווי זיי רופן דאס וואס מען ערלויבט פערזאנען־קולטוס. דאס זיינען מיינונגען, וועלכע מיר האבן איבערגענומען פון די קליינבירגערלעכע דעמאקראטיע, אין וועלכע מען באגרינדעט אויף דעם היסטארישן מאטעריאליזמוס.

„עס איז געווים ריכטיק, אז יעדע פערזאן איז א פראדוקט פון די אומשטענדן, אז זיינע פייאיקייטן און אנטוויקלונג, זיין כאראקטער האט ער צו פארדאנקען די אומשטענדן, אונטער וועלכע ער איז דערצויגן גע־ווארן. דעם געניאלן מענטשן קומט נאטירלעך גארניט פאר דעם, וואס ער איז געניאל. דאס איז אבער קיין גרונט ניט, פארוואס דער ערשטער בירטרינקער זאל האבן פאר מיר פונקט אזא באדייטונג און אינטערעס, ווי דער דענקער, וועלכער האט באהערשט די גאנצע וויסנשאפט פון זיין יארהונדערט און וועלכער האט פיל אויסגעבעסערט מיינע איינזיכטן און מיר געגעבן א סך נייע אידעען. דאס איז אויך קיין גרונט ניט פארוואס איך זאל א נייעם אקארשט געווארענעם פאליטישן רעקרוט אזוי פיל אכטן ווי אן ערפארענעם פאליטיקער, וועלכער האט זיין גאנצן לעבן געקעמפט און ארויסגעוויזן זיין פייאיקייט.

„מיר דארפן זיך אלזא ניט ענטשולדיקן, ווען מיר ערן דעם אנדענקן פון א לאסאל אדער מארקס, אדער ווען מיר ווילן בעסער הערן א בעבעל אדער ליבקנעכט ווי א גאנץ אונבאקאנטן גענאסע. מיר דארפן זיך אויך ניט באליידיקן, ווען מעןווארפט אונז אויף, אז מיר האבן פירער. יא, מיר

האָבן פֿירער, און עס הענגט אָן זייערע פֿייאיקייטן ניט וועניק אָפּ, אויב אונזער וועג וועט זײַן לענגער אָדער קירצער, פֿול מיט דערנער אָדער גלאַט״.

(ש. פּעסקין, „צוקונפֿט״, יאַנואַר 1897)

מען פֿלעגט פֿיל שרײַבן אין דער ייִדישער ראַדיקאַלער פּרעסע וועגן די לעצטע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פֿון די אַרבעטער־מאַסן און אויך וועגן די אויפֿשטאַנדן אין אַלטערטום. מיט גרויס יראת־הכּבֿוד פֿלעגט מען יעדער יאָר (צום יאָרצײַט) באַשרײַבן די געשיכטע פֿון דער פּאַריזער קאָמונע. מיט אַ באַזונדער וואַרעמקייט און אינטערעס האָבן זיך די ייִדישע ראַדיקאַלע שרײַבערס באַצויגן צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. חוץ די אַרטיקלען איבער די לויפֿנדיקע געשעענישן אין רוסלאַנד פֿלעגט יעדער רעוואָלוציאָנערער אַקט אין רוסלאַנד אויספֿירלעך באַשריבן און באַגריסט ווערן. די זשורנאַלן און צײַטונגען זײַנען געווען פֿול מיט ביאָגראַפֿיעס פֿון רוסישע רעוואָלוציאָנערן. די רוסישע העלדן זײַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי מוסטערן פֿון רעוואָלו־ציאָנערן און קעמפֿערס.

אין דער ראַדיקאַלער ייִדישער פּובליציסטיק, סײַ פֿון די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן סײַ פֿון די אַנאַרכיסטן, האָט אַ וויכטיק אָרט פֿאַרנומען דער קאַמף קעגן רעליגיע און אָבערגלויבן. די ייִדישע ראַדיקאַלן זײַנען געווען איבערגעצײַגט, אַז דער סאָציאַליזם וועט נאָר דעמאָלט קאָנען פֿאַרשפּרייט ווערן צווישן די ייִדישע מאַסן, ווען דער רעליגיעזער דרוק וועט אָפּגעשוואַכט ווערן. כּל־זמן די מאַסן זײַנען פֿאַרזונקען אין רעליגיע און אָבערגלויבן, האָבן זיי געטענהט, איז אומ־מעגלעך צו מאַכן זיי פֿאַר סאָציאַליסטן אָדער צו פֿאַראינטערעסירן זיי מיטן קלאַסנקאַמף.

ס׳איז געווען אַ וויכטיקע סיבה, פֿאַר וואָס די ייִדישע ראַדיקאַלן האָבן מיט אַזוי פֿיל ברען אָנגעפֿירט זייער אַנטירעליגיעזע קאַמפּאַניע צווישן די אימיגראַנטן. די אימיגראַציע איז שטאַרק געוואַקסן, און אַ גרויסער טייל פֿון די נײַ אָריבער־געקומענע ייִדן האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך דעם גלויבן אין די אַלטע רעליגיעזע טראַדיציעס. זיי האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן צו בויען דאָ שולן, בתּי־מדרשים און ישיבֿות. די ענגע ייִדישע גאַסן זײַנען פֿול געווען מיט רבנים, דיינים, מלמדים, שוחטים און אַנדערע כּלי־קודש. דער דאָזיקער נײַער עלעמענט האָט זיך פֿאַר־מאָסטן צו פֿאַרנעמען אין דער נײַער היים דעם זעלביקן חשובֿן אָרט, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעהאַלטן אין דער אַלטער היים, אין אייראָפּע, און כּדי אָנצוהאַלטן זייער מאַכט, האָבן די דאָזיקע קרײַזן אָנגעפֿירט אַ קאַמף קעגן די סאָציאַליסטן און די אַפּיקורסים. די פֿרומע האָבן זיך באַנוצט מיט פֿיל מיטלען אין זייער קאַמף קעגן די ראַדיקאַלן. זיי האָבן זיי דערקלערט פֿאַר מיסיאָנערן, וואָס זײַנען פֿאַראינטערעסירט אָפּצורײַסן ייִדן פֿון זייער פֿאָלק און רעליגיע.

## זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

עס איז דעריבער געווען נאַטירלעך, אַז דער קאַמף זאָל אויסברעכן צווישן די צוויי צדדים. בנוגע די מעטאָדן פֿון קאַמף, זײַנען זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די אַנאַרכיסטן ווידער צעגאַנגען. די ערשטע האָבן געהאַלטן, אַז די הויפּטוואָג דאַרף געלייגט ווערן אויף אויפֿקלערונג, בשעת די צווייטע האָבן געגלייבט אין שטורמישע אַרויסטרעטונגען קעגן רעליגיע. די אַנאַרכיסטן פֿלעגן דעריבער, אַחוץ זייער געדרוקטער ליטעראַטור קעגן רעליגיע, אויך אָרגאַניזירן אַנטי־רעליגיעזע מיטינגען און בעלער צו כל־נדרי. די אַנאַרכיסטן האָבן אויך אַרויס־געגעבן זייערע „תּפֿילה זכּהס״, אַ מין פּאַראָדיע אויף די ימים־נוראימדיקע תּפֿילות. די „תּפֿילה זכּהס״ זײַנען געשריבן אין אַ סטיל וואָס איז געווען ענלעך אויף דעם מחזור־סטיל. זיי האָבן חוזק געמאַכט פֿון גאָט, פֿון די יום־טובֿים און פֿון די מצוות. די פּאַראָדיעס זײַנען געווען שאַרף און וויציק און האָבן אַפֿילו געמאַכט אַ רושם צווישן טייל ראַדיקאַלן פֿון יענער צײַט. מען קאָן זען פֿון די מוסטערן, וואָס מיר ברענגען דאָ, אין וואָס פֿאַר אַ סטיל זיי זײַנען געשריבן געוואָרן:

### סדר כּפּרות

יקח הקאַפּיטאַל בימינו, והאמונה בשמאלו ויאמר פּעם אחת:
זה כּפּרתינו, זה חליפֿתנו, זה תּמורתינו, זה כּפּרתינו.
הכּסף והאמונה ילכו לעזאזל ואנחנו נלך לחיים טובֿים, ארוכים ולשלום.

(תּפֿלת כּל נדרי — אַנאָנס)

### כּל נדרי־דרשה פֿון יאָהאַן מאָסט

רײַכער יום כּפּור בופֿעט, באַל און קאָנצערט. פֿײַנסטע חזנים, פֿאַר־שיידענע סליחות און תּפֿילות. קללות וחרמות צו די קאַפּיטאַליסטן. אור זרוע לצדיק (אַנאַרכיזמוס) ולישרי לבֿ (קאָמוניזמוס) שמחה. בישיבֿה של מעלה, בישיבֿה של מטה, על דעת האַנאַרכיסטים ועל דעת הרעוואָלו־ציאָנערים, אין מה להאמין בם, אף כּי להתפּלל עם השוטים, הפּראים המאַמינים.

אַל נסלח לכל עדת הפּאַראַזיטים כּי את כּל העם יהעשיקו.

על חטא שחטאנו לפֿנינו באגריף רשע
ועל חטא שחטאנו לפֿנינו בבזעת חילנו.
על חטא שחטאנו לפֿנינו בגנבה וגזילה
ועל חטא שחטאנו לפֿנינו בדחיקת דלים.
על חטא שחטאנו לפֿנינו בהריסת אשרנו
ועל חטא שחטאנו לפֿנינו ביעדעי מרמה.
על חטא שחטאנו לפֿנינו בחללם בנותינו
ועל חטא שחטאנו לפֿנינו בטרפּם עוללינו וטפּינו.

## קאַפּיטל דריי

ועל חטא שחטאנו לפנינו ביד חזקה.
ועל כולם נביא אותם במשפט, נכלם ונשמידם
ועל נכפר להם. — אלץ פעמים.
בקול רם:
יהוה לא היה ולא נברא
לשנה הבאה בני חורין.
מען גייט אהיים אַפּערייטן (נייען), פּערלען און הונגער ליידן.

זײַט בײַ זײַט מיט די פּאַראָדיעס זײַנען אין די זעלביקע „תּפילה זכּהס" גע־ווען געדרוקט גאַנץ ערנצטע אַרטיקלען, וואָס קלערן אויף, פֿון אַ מאַטעריאַליס־טישן שטאַנדפּונקט, דעם אָפּשטאַם פֿון גאָט. אין די אַרטיקלען ווערט אויך דערציילט וועגן דער שעדלעכער ראָלע וואָס די רעליגיע און קירכע האָבן גע־שפּילט אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט.

אין די „תּפילה זכּהס", וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן צו כּל־נדרי אין משך פֿון די יאָרן 1889—1893, האָבן אָנטיילגענומען די פֿאָלגנדיקע מחברים: י. א. מע־ריסאָן, זײַן פֿרוי ד״ר יעווזעראָוו, משה קאַטץ, דוד עדעלשטאַט און א. טאַנענ־בוים.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן ניט געוואָלט, ווי די אַנאַרכיסטן, אַנטאַגאָני־זירן די מאַסן דורך אָפֿענע אַרויסטרעטונגען קעגן רעליגיע, און האָבן זיך צו־פֿרידנגעשטעלט מיט דרוקן אַרטיקלען און בראָשורן, וואָס האָבן געדאַרפֿט דער־קלערן די מאַסן די שעדלעכקייט פֿון רעליגיע און גלויבן אין גאָט.

אויך די פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור, וואָס איז אַנטוויקלט גע־וואָרן אין דער ראַדיקאַלער פּרעסע, האָט באַדאַרפֿט זײַן אַ מיטל אין קאַמף קעגן גאָט און געטלעכקייט. די מינדסטע ידיעות וועגן אַסטראָנאָמיע, פֿיזיק, כעמיע און די סאָציאַלע וויסנשאַפֿטן, אין די פֿאַרשיידענע שטרעמונגען פֿון ראַדיקאַלן געדאַנק, האָבן אָן צווייפֿל אַ סך ייִדן אַרויסגעפֿירט פֿון רעליגיעזקייט, אָבער־גלויבן און מיסטיציזם.

אָבער אָט דער סאָרט אויפֿקלערונג איז ניט געווען גענוג. מען האָט גע־דאַרפֿט אָנהייבן אַ ספּעציעלע אויפֿקלערונג וועגן אויפֿקום פֿון רעליגיע, וועגן דעם מהות און דער ראָלע וואָס די רעליגיע האָט געשפּילט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און אין וועמענס אינטערעסן עס אַרבעטן די קלעריקאַלן. און די דאָזיקע ראָלע פֿון געבן וויסנשאַפֿטלעכע דערקלערונגען וועגן דער שעדלעכער ווירקונג פֿון רעליגיע האָבן דורכגעפֿירט די ראַדיקאַלע ייִדישע שרײַבערס פֿון ביידע ריכטונגען. מען קאָן ניט זאָגן, אַז עס איז אַנטוויקלט געוואָרן אַן אָרי־גינעלע, וויסנשאַפֿטלעכע ליטעראַטור אין ייִדיש וועגן רעליגיע. די ייִדישע אויפֿקלערונג־ליטעראַטור האָט כּמעט ווי ניט געהאַט קיין אָריגינעלע דענקערס און וויסנשאַפֿטלערס. די ייִדישע סבֿיבֿה האָט ניט פֿאַרמאָגט דעמאָלט קיין איין אָריגינעלן פֿאָרשער אָדער טעאָרעטיקער. די ייִדישע ראַדיקאַלן זײַנען געווען

פּאָפּולאַריזאַטאָרן, וואָס האָבן בלויז איבערדערציילט וואָס זיי האָבן געלייענט בײַ אַנדערע שרײַבערס און פאָרשערס. מען טאָר אָבער ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די אויפטועז פון די ערשטע פּיאָנירן פון דער דאָזיקער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. אין זייער צײַט איז דאָס פּאָפּולאַריזירן די אַרבעטן פון אַנדערע פאָרשערס געווען אַ וויכטיקער אויפטו.

די יידישע פּובליציסטן האָבן געשטרעבט צו ווײַזן, אַז עס איז ניטאָ קיין גאָט. ד"ר אינגערמאַן האָט געלייקנט, אַז עס איז דאָ אַ נשמה, און האָט באַווויזן, אַז דער מענטשלעכער מאַרך רעגירט איבערן קערפּער דורך די נערוון־פאַרבינדונגען. דער זעלביקער ס. אינגערמאַן האָט דערקלערט דאָס לעבן אויף דער וועלט דורכן מאַטעריאַליזם. מען האָט אויך געדרוקט י. ל. פּרצס אַרטיקלען וועגן מאָראַל, ווו ער האָט באַוויזן, אַז מאָראַל האָט ניט צו טאָן מיט רעליגיע, און אַז חיות האָבן אויך אַנטוויקלט אַ מאָראַל, הגם זיי האָבן ניט געהאַט קיין רעליגיע; בכלל זײַנען אָפּגעלייקנט געוואָרן די פאַרבינדונגען צווישן רעליגיע און מאָראַל.

א. גינזבורג (געבוירן 1872) האָט אויך אָנטיילגענומען אין דער קאַמפּאַניע קעגן גאָט און גלויבן. אויך ער האָט בלויז איבערגעגעבן אויף אַ פּשוטן אופן דאָס, וואָס ער האָט געלייענט בײַ פאַרשיידענע קולטור־היסטאָריקערס וועגן דער אַנטשטייונג פון רעליגיע. אויף דעם זעלביקן וועג האָט אויך געשריבן משה קאַטץ. אויך דער פּאָפּולערער זשורנאַליסט און ראָמאַניסט ד. מ. הערמאַלין האָט געשריבן אויף דער זעלביקער טעמע. זײַנע שרײַבערײַען אויף דעם געביט זײַנען אַ מיש־מאַש פון אַפּיקורסות, מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם.

פילים קראַנץ איז דעמאָלט געווען פון די ווייניקע געשולטע, דיסציפּלינירטע פּובליציסטן און זשורנאַליסטן. ער האָט זיך באַצויגן צו זײַן אַרבעט מיט ערנסט און ווירדע. פילים קראַנץ איז ניט געוואָרן קיין ערשטראַנגיקער שרײַבער און וויסנשאַפטלער נאָר דערפאַר, וואָס — בײַ זײַן גאַנצער דיסציפּלין — האָט ער זיך געמוזט צופּאַסן צו דער צײַט און צו דער סביבה, אין וועלכע ער האָט געלעבט. ער האָט זיך ניט געקאָנט דערלויבן צו קאָנצענטרירן די צײַט אויף איין פעלד אָדער אויף איין קעגנשטאַנד, — ווײַל ער האָט געמוזט שרײַבן וועגן אַלעם. ער האָט פּאָפּולאַריזירט און באַאַרבעט געשיכטע, קולטור־געשיכטע און נאַטור־וויסנשאַפט. ער האָט געשריבן איבער דער אַנטוויקלונג פון די סאָציאַלע וויסנשאַפטן און איז געווען דער מחבר פון אַ צאָל ביאָגראַפיעס פון וויכטיקע פערזענלעכקייטן. ער האָט אויך געשריבן די געשיכטעס פון פאַרשיידענע פעלקער און לענדער. הגם קראַנץ איז געוואָרן אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר און האָט זיך געוואָרפן פון איין געביט צום צווייטן, האָט ער זיך אָבער באַצויגן מיט יראת־הכבוד צו זײַנע אויפגאַבעס, און האָט אַלץ געטאָן בשלימות. ער האָט זיך אָבער פאָרט געמוזט צעברעקלען. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך ביכער און ביכלעך — ער האָט אָבער ניט איבערגעלאָזט קיין איין אָריגינעל ווערק.

## קאַפּיטל דרײַ

אויך צו זײַנע אַרבעטן וועגן רעליגיע האָט זיך קראַנץ, ווי צו אַלעם, באַ־צויגן מיט ערנצט. ער האָט זיך גוט באַקאַנט מיט די גרונטווערק וועגן רעליגיע און האָט דעם יידישן לייענער צוגעטראָגן, אין אַ פּאָפּולערער פאָרעם, די רעזול־טאַטן פון די פאָרשונגען אויף דעם געביט פון רעליגיע. קראַנץ האָט געגעבן אַ מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג פון דער אַנטוויקלונג פון רעליגיע, אַזוי אַז ער האָט מיט זײַנע אַרבעטן אויף דעם געביט צוגעלייגט אַ האַנט צו דעם קאַמף קעגן רעליגיע, וואָס עס האָבן אָנגעפירט די יידישע ראַדיקאַלן.

פון אַלע באַקעמפּפערס פון רעליגיע האָט זיך אויסגעצייכנט ב. פייגענבוים. ער האָט אַלע זײַנע כוחות און זײַן גאַנצע ענערגיע געווידמעט דעם קאַמף קעגן דער געטלעכקייט. עס איז אמת, אַז ער האָט זיך ניט באַגרענעצט מיט דער דאָזיקער אַרבעט. ער האָט, ווי אַלע זײַנע קאָלעגן, זיך אויך אָפּגעגעבן מיט פּאָפּולאַריזאַציעס פון די סאָציאַלע און נאַטור־וויסנשאַפטן. ער האָט אויך גע־שריבן פּובליציסטישע אַרטיקלען וועגן טאָג־פראַגן. פייגענבוים האָט איבער־געגעבן מיט זײַנע אייגענע ווערטער דאָס, וואָס די גרונטלייגער פון מאָדערנעם סאָציאַליזם האָבן אויפגעטאָן. ער האָט באַקענט דעם יידישן לייענער מיט די פּרינציפּן פון סאָציאַליזם און מיט דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע. אַליין דערצויגן אויפן תלמוד און דורכגעדרונגען מיטן תלמודישן געדאַנקענגאַנג — האָט פייגענבוים געשריבן אויף אַן עכטן יידישלעכן אופן. ער וויקלט אײַן זײַנע געדאַנקען אין תנכישע און תלמודישע טערמינען. די פאָרעם, אין וועלכער פייגענבוים האָט זײַנע געדאַנקען אָנגעקליידט, איז געווען צוגעפּאַסט צו די יידן, וואָס זײַנען דערצויגן געוואָרן אין חדרים און ישיבות. אַזאַ סאָרט שרײַבן איז דעמאָלט געווען זייער פּאָפּולער. דאָס איז געווען די שפּראַך פון די גרויסע יידישע מאַסן. ב. פייגענבוים האָט זיך געשטעלט דעם צוועק צו באַווײַזן, אַז די יידישע רעליגיע איז ניט בעסער פון אַלע רעליגיעס. די פּאָר גוטע עלעמענטן, וואָס ער האָט געפונען אין דער יידישער רעליגיע, זײַנען ניט כאַראַקטעריסטיש — פלעגט ער טענהן, — נאָר זיי האָבן זיך שוין געפונען אין פריערדיקע אמונות. די רעליגיעס האָבן געבראַכט אומגליק און טויט צו די מענטשן, און ווען ניט דער גלויבן, וואָלט די וועלט געווען בעסער און שענער. די יידישע אמונה איז גרוי־זאַם און די כהנים האָבן אָנגעווענדט שווידערלעכע מיטלען אָנצוהאַלטן זייער מאַכט. אין נאָמען פון דער יידישער אמונה איז ניט פאַרגאָסן געוואָרן אַזוי פיל בלוט ווי אין נאָמען פון אַנדערע גלויבנס, נאָר דאָס איז פּשוט דערפאַר, וואָס די יידישע כהנים און רבנים האָבן ניט געהאַט קיין מאַכט. ב. פייגענבוים האָט אויך שטאַרק אַטאַקירט די יידישע משׂכּילים, וואָס האָבן פאַרטיידיקט די יידישע רעליגיע און וואָס האָבן געפּרוווט אַרײַנצוטײַטשן איר איר מאָראַל און פילאָסאָפיע. אַחוץ וועגן רעליגיע האָט אויך פייגענבוים געשריבן ביאָגראַפיעס פון יידישע פרײַדענקערס און האָט פּאָפּולאַריזירט זייערע אידעען.

אין זײַנע אַרבעטן וועגן דער אַנטוויקלונג פון רעליגיע האָט ב. פייגענבוים

## זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

**אָנגעווענדט די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אַנשויונג — אָבער דאָ און דאָרט פאַלט ער אַריַין אין אַ טאָן פון מעכאַניזם:**

„...עס שטייט צום בײַשפּיל אין פּסוק: „ווען דו וועסט האָבן עפּעס אַ שאלה און אַ דין, זאָלסט דו גיין פרעגן צו דעם כּהן אָדער צו דעם ריכטער פון יענער צײַט, און ווי ער וועט דיך הייסן, אַזוי זאָלסטו פאָלגן", דרשנט מען אַזוי: פאַרוואָס שטייט עפּעס „דער ריכטער פון יע־נער צײַט"? ווײַל דו ברויכסט נאָר צו קוקן אויף דעם ריכטער פון דײַן צײַט. דאָס הייסט, עס איז ניט דײַן עסק וואָס אין אַנדערע צײַטן האָבן אַנדערע רבנים אַנדערש געפּסקנט (און אויך ניט וואָס אין פּסוק שטייט אַנדערש). יעדע צײַט דאַרף האָבן אירע רבנים, וואָס פּסקענען ווי מען דאַרף אין דער צײַט, לויט ווי די אומשטענדן פאָדערן. „ניט דער דין מאַכט די אומשטענדן, נאָר די אומשטענדן מאַכן דעם דין".

„הכּלל, אַפילו דער פערשטאַרקסטער אָרטאָדאָקס, גלויב איך, וועט פון דעם שוין זען, אַז דאָס וואָס די תּנאים, אמוראים, גאונים, רבנים, האָבן אויפגעטאָן אין דער רעליגיאָן אין פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן, זייער איבער דרשה'נען, איבער פּשטלען זייערע תּקנות און גזירות — זײַנען ניט געווען לויט ווי זיי האָבן טאַקע „איבערגענומען בקבלה פון באַרג סיני" (מיר מיינען מיט דעם נאַטירלעך ווי די יידישע רעליגיאָן האָט געפאָדערט אין איר אָנפאַנג). די יידישע רעליגיאָן ווי יעדע רעלי־גיאָן האָט זיך כּסדר געענדערט און געענדערט — און אַז דאָס איז געווען לויט ווי די מאַכט פון לעבן האָט געצווונגען — סײַ צום גוטן סײַ צום שלעכטן — וועל איך באַווײַזן אין פאָלגנדע קאַפּיטלעך.

„אַז מען האָט דעם מלך, דעם ריש גלותא, געגעבן אַן עליה, איז ער ניט געגאַנגען צו די תּורה, נאָר מען האָט צוגעטראָגן די תּורה צו אים; אַז אַ מלך קומט אין שטאָט אַרײַן, גייט מען אים אַנטקעגן מיט דער ספר־תּורה. דיזע צוויי זאַכן זײַנען ווי אַ סימבאָל אויף דעם פאַקט, אַז — ניט די הערשנדע מאַכט גייט נאָך די תּורה — נאָר די תּורה גייט נאָך די הערשנדע מאַכט".

(ב. פייגענבוים, „די צוקונפט", יוני 1896)

**די יידישע פּובליציסטן, וואָס האָבן אַזוי פיל געשריבן וועגן רעליגיע, האָבן באַשאַפן אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור וועגן די אמונות. קיין אָרי־גינעלע ווערק אויף דעם געביט זײַנען ניט באַשאַפן געוואָרן. ערשטנס זײַנען ניט געווען קיין ערשטקלאַסיקע שרײַבערס און דענקערס צווישן די יידישע ראַדי־קאַלע שרײַבערס, און צווייטנס איז די יידישע פּראָלעטאַרישע סבֿיבֿה געווען צו אָרעם צו געבן אַ מעגלעכקייט, אַז עס זאָל זיך אַנטוויקלען אַן אָריגינעלע וויסנ־שאַפטלעכע ליטעראַטור וועגן רעליגיע.**

**ליטעראַטור און ליטעראַטור־קריטיק האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין דער יידישער ראַדיקאַלער פּרעסע. די ראַדיקאַלע זשורנאַליסטן און ליטעראַטן**

## קאַפּיטל דריי

האָבן פּיל געשריבן וועגן ליטעראַטור. קיין אויסגעקריסטאַליזירטע יידישע קריטיק האָט זיך דעמאָלט ניט אַנטוויקלט, אָבער די קריטיקערס האָבן געזוכט אַ וועג. זי האָבן געזוכט אַזאַ צוגאַנג צו דער ליטעראַטור, וואָס זאָל האַרמאָנירן מיט זייערע אידעאַלן און מיט זייער קוק אויפן לעבן. די וואָס האָבן געשריבן קריטיק זײַנען ניט געווען פֿאַראינטערעסירט אין דער ליטעראַטור „אַלס אַזעלכער״, נאָר אין אַ ליטעראַטור וואָס זאָל דינען אַלס אַ מיטל אין קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם. די קריטיקערס האָבן טאַקע באַרירט די פֿאָרמעלע זײַטן פֿון דער ליטעראַטור. זיי האָבן אויך אַרומגערעדט די שפּראַך, אָבער דער הויפּט האָבן זיי געזוכט אין דער ליטעראַטור אַן אידעע, און הויפּטזאַכלעך — די סאָציאַליסטישע אידעע. אַ ליטעראַרישע שאַפֿונג איז דערקלערט געוואָרן אַלס וויכטיק נאָר דעמאָלט ווען זי האָט פֿאַרמאָגט אַ סאָציאַליסטישע אידעע. אַ שרײַבער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס אַ קינסטלער בלויז דעמאָלט ווען ער האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו דינען, מיט זײַן קונסט, דעם אַרבעטער־קלאַס.

די אויפֿגעלעבטע יידיש־מאַרקסיסטישע ליטעראַטור־קריטיק אין די לעצטע יאָרן איז דעריבער טאַקע ניט קיין נײַער אויפֿטו אין דער יידישער ליטעראַטור. אמת, דאָס מאָל האָט זי געקראָגן איר מוט און באַגײַסטערונג אין סאָוועט־רוסלאַנד, זי איז אָבער אַן אומדירעקטער המשך פֿון דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק פֿון די נײַנציקער יאָרן פֿון לעצטן יאָרהונדערט. (אינטערעסאַנט איז, וואָס איינער פֿון די הויפּט־באַגרינדערס פֿון דער מאַרקסיסטישער קריטיק אויף יידיש אין יענער צײַט, אב. קאַהאַן, איז איצטער אַן אויסגעשפּראָכענער קעגענער פֿון סאָציאַלער ליטעראַטור).

די יידישע ראַדיקאַלע פּרעסע פֿון יענע יאָרן האָט אָפּן צוגעגעבן, אַז די שיינע ליטעראַטור, וואָס זי דרוקט, דאַרף דינען אַ געוויסן צוועק — צו העלפֿן פֿאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט און אויפֿבויען אויף איר אָרט אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט, וואָס זאָל זײַן פֿרײַ פֿון רויב און עקספּלואַטאַציע. און זיי האָבן טאַקע פּראַקטיצירט די דאָזיקע אײַנשטעלונג. די ראַדיקאַלע יידישע אָרגאַנען האָבן דעמאָלט פֿאַרעפֿנטלעכט יידישע איבערזעצונגען פֿון סאָציאַלע ראָמאַנען און דערציילונגען, וואָס האָבן געהאַט דעם איינעם צוועק צו פֿאַרמיאוסן אין די אויגן פֿון די יידישע לייענער די עקסיסטירנדיקע אָרדענונג און צו דערמוטיקן די אַרבעטער־מאַסן צום קאַמף פֿאַרן סאָציאַליזם.

אַ יידישער ראַדיקאַלער אָרגאַן האָט אָפֿן דערקלערט: „אויסער וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען אין ריינעם מאַמע־לשון איבער פֿאַרשיידענע וויכטיקע פֿראַגן וועלן מיר אויך געבן דערציילונגען, געדיכטע און קריטיק איבער קונסט; דען מיר האַלטן, אַז די קונסט בילדעט און איידלט דעם מענטשן, און מיר ווילן אויך פֿאַראייניקן, ווי מען זאָגט, אָנגענעמעס מיט ניצלעכס״. (3)

פֿון דער גאַנץ גרויסער צאָל שרײַבערס, וואָס האָבן געשריבן וועגן ליטעראַטור, האָט זיך אַפֿילו איין מענטש ניט אָפּגעגעבן אויסשליסלעך מיט ליטעראַ־

טור. די מענטשן האָבן געשריבן וועגן אַלץ, האָבן זיי אויך געשריבן וועגן ליטע־ראַטור. דעריבער האָט זיך דעמאָלט ניט אַנטוויקלט קיין ערשטראַנגיקער קריטיקער, הגם מענטשן ווי אב. קאַהאַן, ל. בודיאַנאָוו, יעקבֿ מילך, משה קאַטץ און מ. לעאָנטיעף האָבן אָפּט מאָל אַרויסגעוויזן פֿאַרשטענדעניש צו באַנעמען און אַנאַליזירן אַ קונסטווערק.

אב. קאַהאַן, וועלכער האָט זיך דעמאָלט אַליין כאַראַקטעריזירט אַלס איינער „וואָס האָט ניט קיין געזעצטע מיינונגען, קיין באַשטימטע ריכטונגען און קיין אמתע אידעאַלן, אַ ליידיקע כּלי, פּוסטער מענטש אָן אַ ברעקל וויסן", (4) און וועלכער האָט געשריבן וועגן אַלעם אין דער וועלט, וועגן דאַרוויניזם, מאַרק־סיזם, פֿיזיק או"וו — האָט אויך געשריבן וועגן ליטעראַטור. קאַהאַן האָט אָבער יאָ פֿאַרמאָגט אַ געפֿיל פֿאַר ליטעראַטור, מיט ליטעראַטור האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט און געשריבן סײַ וועגן דער אַמעריקאַנער און סײַ וועגן דער ייִדישער — הגם פֿאַר דער לעצטער האָט ער אַלע מאָל געהאַט ווינציקער אָפּשײַ ווי פֿאַר דער ערשטער. זײַנע ווערטפֿולסטע אַרבעטן פֿון יענער צײַט זײַנען זײַנע „קריטישע שטודיען פֿון זשאַרגאָנישע מײַסטערווערק" („צוקונפֿט" 1896). אב. קאַהאַן האָט זיך צוגעפּאַסט צו די לייענער. ער שרײַבט אויף אַ זייער פּאָפּולערן אופֿן, ער גיט איבער אויספֿירלעך דעם אינהאַלט פֿון יעדער בוך וואָס ער אַנאַליזירט. אב. קאַהאַן באַגריסט פּרצן פֿאַר זײַן איראָפּעיִשקייט און פֿאַר זײַנע אידעען. שלום־עליכמען און מענדעלען לויבט ער פֿאַר זייער רעאַליזם. ער האַלט, אַז שלום־עליכמס ווערק וואָלטן געווען ווערטפֿולער, ווען ער וואָלט פֿאַרמאָגט אַן אידעע — אַ סאָציאַליסטישע אידעע. שלום־עליכמס דערציילונגען פֿאַרמאָגן פּערל, זיי וואָלטן אָבער געווען קינסטלערישער און פֿולקומענער, ווען דער קינסטלער וואָלט געווען אַ סאָציאַליסט און דורכגעדרונגען מיט די אידעען פֿון סאָציאַליזם.

אַ צווייטער שרײַבער, ב. גאָרין, האָט אַחוץ דערציילונגען אויך געשריבן קריטיק. ער האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטן קריטעריום און קיין אויסגעהאַל־טענעם צוגאַנג צו ליטעראַטור. אין זײַנע אַרטיקלען וועגן דער העברעיִשער ליטעראַטור פֿון סוף 19טן י"ה („צוקונפֿט", 1895) דאָמינירט אין זײַן שרײַבן דער סאָציאַלער צוגאַנג צו ליטעראַטור. ב. גאָרין האָט איבערגעגעבן, ווי די גאַנ־צע העברעיִשע ליטעראַטור איז געוואָרן רעאַקציאָנער און אָפּגעשטאַנען אַ דאַנק איר נאַציאָנאַליזם. די יונגע שרײַבערס קאָנען זיך ניט אַנטוויקלען, ווײַל זייערע ווערק זײַנען דורכגעדרונגען מיט רעאַקציאָנערע און שאָוויניסטישע טענדענצן. די שרײַבערס קאָנען ניט וואַקסן דערפֿאַר וואָס עס פֿעלט זיי אַ פּראָגרעסיווע אידעע. די ייִדישע ליטעראַטור אין רוסלאַנד, אַ דאַנק דעם וואָס זי איז סאָציאַליסטיש אָריענטירט, „שטײַגט ווי אַ גיגאַנט, און די העברעיִשע ליטעראַטור קריכט ווי אַ טשערעפּאַכע".

## קאַפּיטל דרײַ

מ. באַראַנאָוו האָט אַחוץ זײַנע פּאָפּולאַריזאַציעס און רײַזענאָטיצן אויך געשריבן וועגן ליטעראַטור, דער הויפּט וועגן דער ענגלישער ליטעראַטור פֿון 19טן יאָרהונדערט. מ. באַראַנאָוו האָט דערקלערט, אַז אין יעדן פּעריאָד אַנטוויקלט זיך אַ ליטעראַטור, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער צײַט און פֿאַר געוויסע קלאַסן („צוקונפֿט“ 1896). קיין שאַפֿערישן טאַלאַנט פֿאַר ליטעראַטור־קריטיק האָט באַראַנאָוו ניט באַוויזן.

מאַקס בעער, וועגן וועמען עס איז שוין פֿריִער געשריבן געוואָרן, האָט געגעבן אַ גלענצנדיקע כאַראַקטעריסטיק פֿון דער דעקאַדענץ און פֿון עטלעכע ענגלישע און פֿראַנצייזישע ראָמאַנען.

שטאַרק באַאײַנפֿלוסט פֿון די רוסישע פֿאָלקיסטישע קריטיקער איז געווען מ לעאָנטיעף. ער האָט געשריבן קריטיק אין גײַסט פֿון פֿאָלקיזם. וועגן עצם ווערק האָט ער קיין סך ניט געשריבן. ער פֿלעגט אויפֿכאַפּן אַ פּראָבלעם, וואָס ווערט אין ווערק באַהאַנדלט, און אַרומגערעדט די פּראָבלעם גרינדלעך. געשריבן האָט ער אין אַן אינטימען, לירישן טאָן און פֿלעגט זיך פֿאַרגיין אויף גאַנץ זײַטיקע וועגן. זײַן אופֿן פֿון שרײַבן איז אָפֿט מאָל אַן אימפּרעסיאָניסטישער. אָט ווי מ. לעאָנטיעף הייבט אָן זײַן אָפּהאַנדלונג וועגן עמיל זאָלאַס „פּאַריז“:

„פּאַריז — ווי קלאָר, ווי וווּנדערבאַר העל קלינגט דיזער נאָמען אָפּ אין פֿיל מענטשן־הערצער! וויפֿל געפֿילן, וויפֿל פֿאָרשטעלונגען רופֿט ער אַרויס! בילדער נאָך בילדער, נעמען אָן אַ שיעור שוועבן פֿאַר אונזערע אויגן; ווערטער קלינגען, צום שלאַכט רופֿנדיק ערהויבט זיך די מעכטיקע שטימע פֿון קעמפֿער. פּאַרטיי־פּאַראָלן ווערן אַרויסגעגעבן, פֿאָנען פֿלאַטערן און שווערדן בלישטשען. אינם גרויען, בלוטיקן טומאַן זעען מיר ווי דער אַמאָליקער בעל־מלאָכה, דער האַנדווערקער פֿון דער אַלטער צײַט, קעמפֿט מיט די ריטער פֿון די בורגן, די אַדל־לײַט, די פּריצים מיט די סאָלדאַטן פֿון קעניג, די אַרבעטער פֿון דער פֿאָרשטאָט מיט די פֿאַרקויפֿטע שקלאַפֿן פֿון גאָלדזאַק — קעמפֿע אָן אַן ענדע מיטן רעבעלירנדיקן פֿאָלק פֿון פּאַריז.

„פֿאַר אונזערע אויגן ערשײַנט יענע גרויסע צײַט פֿון מענטשלעכן ערוואַכן, יענע אידעען־באַוועגונג, יענער שטראָם פֿון גײַסטעס־קרעפֿטן, פֿאַרבונדן מיט דער מעכטיקער טאַט! יענער ערהאַבענער מאָמענט אין דער וועלט־געשיכטע, יענער רעוואָלוציאָנערער פֿײַער, וועלכר האָט אויפֿגעפֿלאַקערט אין די הערצער און אין די זעלן; יענער פֿײַער, בײַ וועלכן מיר וואַרעמען זיך נאָך יעצט און וועלכער באַלײַכטעט אונזער וועג אין קאַמף נאָך ביז אויף הײַנטיקן טאָג. אָט די אַלע העלדן, וועלכע זײַנען געפֿאַלן אין די גאַסן פֿון פּאַריז, וועלכע האָבן מיט זייער בלוט באַוואַשן די שטיינער פֿון די גרויסע בולוואַרן — אָט די אַלע באַקאַנטע און אונבאַקאַנטע העלדן, ווי גרויס איז זייער צאָל! ווער קאָן זיי אָנרופֿן מיטן נאָמען! אין אַלע זײַנע לײַדן און שמערצן; טראָץ די בלוטיקע נידער־

שלאַגן, וואָס עס האָט געהאַט, און די גרויסע באַטריגן, וואָס עס האָט דורכגעליטן; טראַץ די אונגעהײַרע אָפּפֿער, וואָס עס האָט געבראַכט מיט די בעסטע אונטאָפּפֿערסטע העלדן זײַנע, וועלכע זײַנען געפֿאַלן אין קאַמף — טראָץ דעם אַלעמען. ווי שטאָלץ מעג זײַן אַ פֿאָלק, וואָס האָט צו פֿאַרצייכענען אַזאַ געשיכטע! וויפֿיל האָפֿענונג רופֿט עס אַרויס אין זײַנע הערצער! וויפֿיל מוט פֿליסט עס אײַן אין זייער געדריקטעס געמיט, ווען זיי דענקען אין די טראַדיציאָנען פֿון זייערע עלטערן! וואָס פֿאַר עראינערונגען ערוועקן זיך דאָן ביי יעדן איינעם פֿון זיי, ווען דער בליק פֿאַלט אויפֿן פֿאַרשטעלטן ווינקל, וווּ עס ליגט דער אַלטער ביקס פֿון זײַן פֿאָטער און די האַלב פֿאַראָסטעטע שווערד פֿון זײַן גרײַז־גרויען זיידן!''
(„פֿרײַע געזעלשאַפֿט'', 1899).

**פֿונעם אַנאַרכיסטישן שטאַנדפּונקט האָט געשריבן קריטיק אויך משה קאַטץ. געשריבן האָט ער אינעם זעלביקן טאָן ווי זײַן אידעען־חבֿר מ. לעאָנטיעף:**

„עס איז דאָ אַ הייליזאַמע קראַפֿט, אַ הייליקער חן אין איר, פֿון האַרצן קװיקלט זיך ווי אַ משׂא אַראָפּ. יעדער צווייפֿל פֿאַרשווינדט און עס גלויבט זיך און עס ווײנט זיך און ס'ווערט אַזוי לײַכט, אַזוי לײַכט''...

„וואָס פֿאַר אַ מתיקות ליגט אין אַזאַ גלויבן, ווי עס באַזינגט אים דער רוסישער דיכטער לערמאָנטאָוו! און „אין די שווערע מינוטן פֿון לעבן, ווען דאָס האַרץ אין ברוסט ווערט געשטיקט'' אונטער דער אָנגע־זאַמלטער משׂא פֿון לעבנס־ענטוישונגען — דער רעזולטאַט פֿון אייגענע זינד און פֿון פֿרעמדע, פֿון דעם גאַנצן צוקריפּלטן לעבנסגאַנג אין און אַרום זיך; ווען עס טרעט אַרײַן די אונצופֿרידנהייט מיט זיך אַליין, די מאָדערנע דיסהאַרמאָניע צווישן גוף און נשמה; ווען דער בעסערער איך מאָנט, נאָגט און ציט ביז ניט צום אויסהאַלטן, אַזוי ווי אָפּצוגעבן דין וחשבון פֿאַר דעם מלך מלכי המלכים אין זיך, און די צעמאַטערטע נשמה, ערמידעט פֿון אינערלעכן און אויסערלעכן קאַמף, אָפּגעשוואַכט פֿון טויזנטער בלוטענדע ווונדן, זוכט אַן אויסגאַנג און דערפֿילט ווי עס פֿעלן די כּוחות צו ראַנגלען זיך געגען אַלעם — דאַן ווילט זיך אַזוי זיס גלויבן ביז אַ מין כּלית־הנפֿש, זײַן ווײַט פֿון אַלע ערדישע לײַדנשאַפֿטן, אויסגעטאָן פֿון חומר הגשמי, לויז ווערן פֿון אַלע ביטערע קעמפֿע, פּטור ווערן פֿון דעם דאָפּל־קאַמף אין זיך און אויסער זיך — אַן אינערלעכע פֿרידן־שליסונג, אַ זיסער שלומער, „און עס גלויבט זיך און עס ווײנט זיך און עס ווערט אַזוי לײַכט, אַזוי לײַכט''...

„יאָ, זיס איז עס אין די מינוטן פֿון לירישער שטימונג, אין מערסטן טייל אַלס אַ רעאַקציאָן נאָך אַ לײַדנשאַפֿטלעך לוסטיקן, אונגעצאַמט ברויזענדן געגנוס־לעבן — אַ מין יודע כּי על כּל אלה...! נאָך דעם שׂמח בחור בילדתיך וייטיבֿך לבך בימי נערותיך. איז אָבער דיזער רעזול־טאַט אַ לעבן נאָכן טויט אָדער אַ טויט נאָכן לעבן? דיזע פֿראַגע איז מיר אַרויפֿגעקומען אויפֿן זינען נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעלעזן דעם

ראָמאַן „תּחית המתים" — דאָס לעצטע געניאַלע ווערק פֿון דעם וועלט־גרויסן דיכטער. „וואָס פֿאַר אַ ווונדערבאַרע קראַפֿט האָט אין זיך די קינסטלערישע גאונות פֿון טאָלסטאָי אין דיזען ווערק! זי פּאַקט איַיך אויסערגעווייִנלעך, צעטרייסלט אייַך אַזוי, אַז עס ציטערט יעדער נערוו אין אייַך, גראָבט זיך אונטער אונטער די גראָבסטע לײַדנשאַפֿטן, עפֿנט די געהיים־פֿאַרבאָרגנסטע אָנרײַסונגען פֿון האַרצן, גריפֿט דאָרט אַן די אייִדלסטע סטרונקעס פֿון דער נשמה, לאָזט זיי צושפּילן זיך אויף יענע טיף פּסיכישע מאָטיוון, וואָס זינגען אַרויס דאָס שמערצענדע געבעט־ליד, די זענזוכט, דעם עוויקן בענקען נאָך אַ ריינעם, נאַטירלעכן, געזונטן לעבן, און דונערן אין דער זעלבער צײַט אויך אַרויס אַ פֿלאַמיק־שטורמענדן פּראָטעסט געגן דעם עקלהאַפֿט־צוקריפּלטן, זינדיק־מיאוסן און פֿאַלש־פֿאַרפּוצטן לעבן פֿון אונזערע ציוויליזאַציאָנס־מענטשן".

(„פֿרײַע געזעלשאַפֿט", 1900)

**ל. בודיאַנאָוו איז צוגעגאַנגען צו ליטעראַטור פֿון אַ מאַרקסיסטישן שטאַנד־פּונקט. ליטעראַטור בײַ אים האָט געמוזט דינען אַ ציל — דעם סאָציאַליזם. עס איז פֿאַר אים ניט געווען גענוג וואָס אַ קינסטלער האָט געמאָלן בילדער, — בודיאַנאָוו האָט געפֿאָדערט, אַז דער קינסטלער זאָל אָפּקלײַבן וואָס פֿאַר אַ בילדער ער זאָל מאָלן, און אַז דער קינסטלער זאָל שטרעבן — דורך זײַן קונסט — צו העלפֿן פֿאַרניכטן די עקסיסטירנדיקע געזעלשאַפֿט און העלפֿן בויען אַ נײַע. אָט איז אַ מוסטער פֿון ל. בודיאַנאָווס קריטיק:**

„די רעוואָלוציאָנערע טענדענץ פֿון אַ פּאָעט דריקט זיך אויס אויף צוויי אופֿנים: ערשטנס, דורך דעם וואָס דער פּאָעט גיט נאַטור־טרײַע בילדער פֿון דער אַלטער וועלט, צו וועלכער ער פֿאַרהאַלט זיך קריטיש, און צווייטנס, דורך דעם וואָס ער דריקט אויס אין אַ ווירקנד־פּאָעטישער פֿאָרם די נײַע וועלט, די נײַע אידעען, געפֿילן און שטרעבונגען. אין ביידע פֿעלע, וואָס ברייטער און אַלגעמיינער עס זײַנען די זײַטן וואָס דער פּאָעט רירט אָן, וואָס טיפֿער די פּרינציפּן, וועלכע ער דריקט אויס ליגן אין דער געזעלשאַפֿטלעכער געבײַדע, וועלכע ער העלפֿט בויען, — דעסטאָ וויכטיקער איז די אַרבעט, דעסטאָ גרעסער איז דער מײַסטער.

„....זײַן (הויפּטמאַנס) וויכטיקייט באַשטייט ניט אין דעם, וואָס ער איז דער פּראָפֿעט פֿון אַ נײַער וועלט־אַנשויונג. אויסערע קונסט־פֿאָרמען שפּילן ניט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין קינסטלערישער טעטיקייט, ווי מען דענקט געוויינלעך. קונסט־פֿאָרמען בײַטן זיך ווערנד די קונסט בלײַבט אייביק. קונסט־ פֿאָרמען האָבן בלויז אַ היסטאָרישע באַדײַטונג. יעדע היסטאָרישע עפּאָכע האָט זיך איר קונסט־פֿאָרמע, וועלכע איז דער רעזול־טאַט פֿון דער סאָציאַלער אומגעבונג, וועלכע איז איז אים אַם בעסטן גע־אייגנט אויסצודריקן דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס אײַנצווווירקן.

„....הויפּטמאַן איז דער פּאָעט פֿון אַרבעטער־קלאַס, אָבער ניט אין דעם, זין, דאָס ער באַקלאָגט די לײַדן און באַזינגט די פֿריידן פֿון אַרבעטער־

קלאַס, זאָנדערן אין דעם זין, וואָס ער דריקט אין זײַנע ווערק פּאָעטיש אויס די וועלט־אַנשויונג, וועלכע געהערט היסטאָריש דעם אַרבעטער־קלאַס. דער אינהאַלט פֿון זײַנע ווערק איז די באַטראַכטונג און דערקלערונג פֿון מענטשלעכן לעבן פֿונם שטאַנדפּונקט פֿון דיזער וועלט־אַנשויונג". (5)

**בודיאַנאָוו פֿאַרזיכערט ווײַטער, אַז הויפּטמאַן האָט ניט קיין דרשות, אָדער שטעלט צונויף אַ מעשׂה, פֿון וועלכער עס דרינגט אַרויס אַ מוסר־השׂכּל. הויפּטמאַנס אידעען קומען אַרויס פֿון די בילדער וואָס ער מאָלט — און ער מאָלט ניט גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, נאָר ער קלײַבט אויס וואָס צו מאָלן. ל. בודיאַנאָוו רעדט שוין דאָ אַרום די פּראָבלעמען פֿון קאָלעקטיוויזם אין דער קונסט. ער קלערט ווײַטער אויף דעם ענין אַזוי:**

„הויפּטמאַן איז אַ גרויסער פּסיכאָלאָג, מיט זײַן שאַרפֿן בליק קוקט ער אַרײַן אין די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון דער מענטשלעכער נשמה. ער פֿאַרשטייט איר יעדע באַוועגונג, אָבער די נשמה, וואָס ער קאָן, איז ניט די נשמה פֿון איין איינצעלנעם מענטשן, דאָס איז די קאָלעקטיווע נשמה פֿון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. ער מאָלט ניט דעם איינצעלנעם מענטשן, זאָנדערן די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט. ער (הויפּטמאַן) שטודירט דאַרום די באַוועגונג פֿון דער געזעלשאַפֿט און די באַוועגונגען פֿון איינצלנע פּערזאָנען, אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל די געזעלשאַפֿטלעכע באַוועגונגען שפּיגלען זיך אין זיי אָפּ, אָדער די סטרונע פֿון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע מאַכן אים פֿאַר אַ סאָציאַלן ווערן. אָבער הויפּטמאַנס קאָלעקטיוויזם צײַגט זיך ניט אַרויס בלויז אין דער אויסוואַל פֿון דעם אונטערזוכונג־מאַטעריאַל. יעדער געדאַנק, וועלכן דער געגנשטאַנד ערוועקט אין אים, יעדער שלוס צו וועלכן די אונטערזוכונג פֿירט אים, זײַנען קאָלעקטיוויסטיש... פֿון ערשטן ביזן לעצטן זײַנען זײַנע ווערק אַ פּאָעטישע דערשטעלונג פֿון דער קאָלעקטיוויסטישער וועלט־אַנשויונג, וועלכע דער אַרבעטער־קלאַס האָט מיט זיך געבראַכט אין אונזער לעבן".

**אין יענע יאָרן זײַנען געפֿירט געוואָרן מיט ברען דיסקוסיעס און דעבאַטן אויף ליטעראַרישע טעמעס. אָנטיילגענומען אין זיי האָבן: ל. בודיאַנאָוו, ב. גאָרין, יעקבֿ מילך און לעאָן קאָברין. די ערשטע דעבאַטע איז פֿאָרגעקומען אויף די שפּאַלטן פֿון דער „אַרבעטער־צײַטונג" צווישן ל. בודיאַנאָוו און ב. גאָרין. (6)**

**ב. גאָרין האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ קריטישן עטיוד איבער טשעכאָווס אַ דערציילונג. אין דעם עטיוד האָט ער באַגריסט טשעכאָוון פֿאַר זײַן רעאַליזם. דער קריטיקער האָט געהאַלטן, אַז די דערציילונג האָט אַ מאָראַל און אַז זי קאָן ווירקן אויפֿן לייענער, אָבער אין אַ צווייטן אַרטיקל איבער טשעכאָווס אַ דערציילונג שטרײַכט ב. גאָרין אונטער, אַז עס איז פֿאַלש די מיינונג, אַז אַ בעלעטריסטיש ווערק דאַרף מען שאַצן בלויז דערפֿאַר וואָס עס אַנטהאַלט אַ מוסר־השׂכּל. אין אַ דערציילונג זוכט מען ניט קיין מאָראַל אָדער טענדענץ, ווײַל די**

טענדענץ איז ניט מער ווי צווייטלעך, און דערנאָך פֿאַרלירט זי איר ווערט, — אָבער אַ קונסטווערק לעבט אייביק. מיינונגען וועגן מאָראַל בייטן זיך: וואָס היינט איז גוט, קאָן מאָרגן זיין שלעכט. אידעען בייטן זיך אויך. אַ ווערק איז ווי אַ שפּיגל. און גאָרין ברענגט אַרויס, אַז אַ ווערק איז בלויז אויף אַזוי פֿיל גוט, אויף וויפֿל עס שפּיגלט אָפּ ריכטיק דאָס לעבן און ווי טיף דער שרייבער דרינגט אַריין אין לעבן. וואָס מער דער שרייבער דרינגט אַריין אין לעבן, אַלץ בעסער און טיפֿער איז דאָס ווערק. פֿון לייענען אַזאַ שאַפֿונג האָט דער לייענער פֿאַרגעניגן. טשעכאָוו האָט ניט קיין אידעען אין זיינע ווערק. טשע־כאָוו לאָזט אונדז זען זאַכן און ער שטעלט זיך צופֿרידן מיט דעם, און דאָס איז גענוג.

אָן ענטפֿער ב. גאָרינען האָט געגעבן ל. בודיאַנאָוו. ער צענעמט גרינדלעך ב. גאָרינס אַרטיקלען און אַנאַליזירט זיי קריטיש פֿון זיין שטאַנדפּונקט — אַ שטאַנדפּונקט, מיט וועלכן מיר זיינען שוין אַ ביסל באַקאַנט.

בודיאַנאָוו טרעט שאַרף אַרויס קעגן גאָרינס מיינונג, אַז ליטעראַטור דאַרף פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן. אויב ליטעראַטור דאַרף אויספֿילן אַזאַ פֿונקציע, פֿאַר־שאַפֿן דאָך שונדראָמאַנען אַזאַ פֿאַרגעניגן — טאָ פֿאַר וואָס איז גאָרין קעגן שונד־ראָמאַנען? דער אמתער צוועק פֿון ליטעראַטור איז — לויט בודיאַנאָוון — צו לערנען און דערציִען. פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן איז בלויז אַ נעבנזאַך. די טעאָריע, גאָרינס, אַז ליטעראַטור דאַרף פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן, איז אין די אינ־טערעסן פֿון די הערשנדיקע קלאַסן. דאָס וויכטיקסטע אין אַ דערציילונג איז די אידעע, וואָס זי האָט. אַ גוט ווערק דאַרף געבן בילדער און מוז פֿאַרמאָגן אידעען. די לעבנסבילדער דאַרפֿן אַנטהאַלטן די אידעען אָן אַ טענדענץ. „אום אַ בעלעטריסטיש ווערק זאָל האָבן אַ ווערט, מוז עס דאָרום זיין אַ נאַטור־געטרייעס בילד, וועלכע ענטהאַלט אין זיך אַ ניצלעכן געדאַנק". דער קינסטלער דאַרף מאָלן בלויז יענע בילדער, וואָס פֿאַרמאָגן אין זיך אַ געדאַנק. דער ווערט פֿון אַ זאַך ווענדט זיך: „אָן דעם מאָלערישן טאַלאַנט און אין דער טענדענץ... די וויכטיקסטע דערשיינונגען אין לעבן זיינען די סאָציאַלע דערשיינונגען, די וויכ־טיקסטע געדאַנקען געפֿינען מיר דאָרום אין די בילדער, וואָס זיינען גענומען פֿון סאָציאַלן לעבן". (7)

ווייטער ווייזט אָן ל. בודיאַנאָוו, אַז די הערשנדיקע קלאַסן ווילן ניט קיין ליטעראַטור, וואָס זאָל זיי דערמאָנען אָן דעם שלעכטס וואָס עס געפֿינט זיך אין דער וועלט. די הערשנדיקע קלאַסן ווילן אַ ליטעראַטור וואָס זאָל זיי ניט דערמאָנען אָן סאָציאַלע פּראָבלעמען, — נאָר אַ ליטעראַטור פֿון לייכטע זאַכן וואָס זאָל בלויז פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן. בודיאַנאָוו האָט אין זיינע אַרטיקלען אַרויסגעוויזן אַ גענויע באַקאַנטשאַפֿט מיט די מאַרקסיסטישע פֿאָדערונגען צו קינסטלער.

# זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

ב. גאָרין האָט אויף ל. בודיאַנאָווס צוגאַנג צו דער קונסט ווײַטער געענטפֿערט, אָבער זייער נעבעכדיק. דער איינציקער אַרגומענט זײַנער וואָס האָט עפּעס אַ ווערט איז, אַז ליטעראַטור מעסט מען ניט לויט דער טענדענץ, נאָר לויט דער קינסטלערישקייט וואָס זי פֿאַרמאָגט. ווען מען וואָלט ליטעראַטור געמאָסטן לויט דער טענדענץ, וואָלט מען בעלאַמיס און טשערנישעווסקיס ווערק געדאַרפֿט שטעלן העכער ווי טאָלסטאָיס, ווײַל די ווערק פֿון די ערשטע צוויי אַנטהאַלטן געדאַנקען וואָס זײַנען אַ סך פּראָגרעסיווער ווי די געדאַנקען, וואָס טאָלסטאָיס ווערק פֿאַרמאָגן. מען שטעלט אָבער טאָלסטאָיען העכער, ווײַל ער איז אַ גרעסערער קינסטלער ווי בעלאַמי אָדער טשערנישעווסקי. ב. גאָרין האָט אָבער פֿאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז בודיאַנאָוו האָט געפֿאָדערט ניט בלויז אידעען און טענדענץ, נאָר אויך בילדער. ער האָט געפֿאָדערט אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל האָבן אַן אידעע און וואָס זאָל אויך זײַן קינסטלעריש — ער האָט געפֿאָדערט אידעע פּלוס בילד.

נאָך אַ צווייטע גרויסע דעבאַטע האָט אַ מאָל אָנגעהויבן ל. בודיאַנאָוו. אין איר האָבן זיך באַטייליקט, אַחוץ בודיאַנאָוון, לעאָן קאָברין און יעקבֿ מילך. (8) אין זײַן אַרטיקל „אַ בלאָנדזשנדיקער פּאָעט” האָט בודיאַנאָוו אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז אַ פּאָעט קלײַבט אויס דעם מאַטעריאַל, וואָס ער וויל מאָלן. אַ געוויסע זאַך מוז אים פֿאַראינטערעסירן — דער דיכטער מוז האַסן אָדער ליב האָבן. אַן אמתער פּאָעט מאָלט יענע זאַכן, וואָס אינטערעסירן זײַנע מיטמענטשן צו מערסטן. וואָס מער מענטשן פֿילן דאָס, וואָס דער פּאָעט שרײַבט, אַלץ גרעסער איז דער דיכטער. איינער איז אַ פֿאָלקסדיכטער, אויב ער דריקט אויס די מיינונגען, אידעען און געפֿילן פֿון אַ געוויסן פֿאָלק. הײַנט זײַנען פֿאַרשווונדן די אונטערשיידן צווישן פֿעלקער — עס זײַנען געבליבן בלויז קלאַסן. עס קאָן הײַנט ניט זײַן קיין פּאָעט, וואָס זאָל אויסדריקן די געפֿילן פֿון דעם גאַנצן פֿאָלק. אַ פּאָעט קאָן אויסדריקן נאָר די געפֿילן פֿון אַ געוויסן קלאַס. דער ווערט פֿון אַ פּאָעט ווערט אָפּגעשאַצט לויט די אידעען פֿון דעם קלאַס, וואָס דער דיכטער דריקט אויס. ראָזענפֿעלד דריקט אויס די אידעאָלאָגיע פֿון אַרבעטער־קלאַס — דעם קלאַס, צו וועלכן ער געהערט. ראָזענפֿעלד שרײַבט ניט וועגן סתם ייִדן, נאָר וועגן ייִדישע קבצנים. ראָזענפֿעלד איז ניט קיין ייִדישער פּאָעט, נאָר אַן אַרבעטער־דיכטער. ער באַשרײַבט די לײַדן פֿון די ייִדישע קבצנים נאָר דערפֿאַר, וואָס ער קאָן זיי בעסער ווי ער קאָן די אַנדערע. דער חסרון מיט ראָזענפֿעלדן איז דאָס, וואָס זײַן מוח פֿאַרפֿירט אים און פֿירט אים אַרײַן אין טעותים. זײַן ייִדישקייט פֿאַרפֿירט אים — און אַזוי ווערט ער פֿון אַ דיכטער אַ גראַמענפֿלעכטער.

אויף בודיאַנאָווס אַרטיקל האָט געענטפֿערט לעאָן קאָברין. קאָברין האָט געלייקנט, אַז אַלע פֿעלקער זײַנען גלײַך און האָבן די זעלביקע געפֿילן און אידעען. יעדע נאַציע דריקט אויס אירע שטרעבונגען אויף איר אייגענעם, אייגנאַרטיקן

אופן. יעדעס פֿאָלק האָט זײַן כאַראַקטעריסטיק, און אַפֿילו אַן אַרבעטער־דיכטער דריקט אויס זײַנע אידעאַלן אויף זײַן אייגנאַרטיקן, נאַציאָנאַלן אופן. ראָזענפֿעלד איז אַ דיכטער פֿון ייִדישן פֿאָלק. ער באַזינגט ניט די לײַדן פֿון סתּם אַרבעטער — נאָר פֿון ייִדישן אַרבעטער.

יעקבֿ מילך האָט גענומען אַ וואָרט אין דער דעבאַטע און האָט פֿאַרטיידיקט דעם סאָציאַלן צוגאַנג פֿון ל. בודיאַנאָוו. איידער מען אַנאַליזירט די ווערק פֿון אַ שרײַבער מוז מען אונטערזוכן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע פֿון יענעם פּעריאָד און די קלאַסן־קאָנפֿליקטן. דער אַרבעטער־קלאַס איז דער טרעגער פֿון פּראָגרעס און קאַמף, און דער דיכטער וואָס דריקט אויס די געפֿילן פֿון אַרבעטער־קלאַס איז גרעסער ווי דער פּאָעט וואָס דריקט אויס די געפֿילן פֿון קאָנסערוואַטיוון קלאַס. ראָזענפֿעלד איז אַן אַרבעטער־דיכטער דורך דעם וואָס: „ראָזענפֿעלדס הויפּט־שטאַרקייט באַשטייט אין דעם... וואָס אין אים שפּיגלען זיך אָפּ, דורך אַ ייִדיש שפּיגעלע און אַ ייִדישער פֿאַרבינדונג, די לײַדן, די קאַמפֿן, דאָס שטרעבן און די האָפֿענונגען פֿון אַרבעטער־קלאַס".

די קריטיקערס פֿון דער ייִדישער ראַדיקאַלער פּרעסע האָבן געפֿאָדערט אַ רעאַליסטישע ליטעראַטור און אַן אַרבעטער־ליטעראַטור. דערצויגן אויף די אַרבעטן פֿון די ראַדיקאַלע רוסישע קריטיקערס — האָבן זיי אָנגעווענדט די זעלביקע קריטעריע צו דער ייִדישער ליטעראַטור: דער דאָזיקער סאָציאַלער צוגאַנג צו דער ליטעראַטור האָט אין יענע יאָרן געהאָלפֿן שאַפֿן אין אַמעריקע אַ ייִדישע ליטעראַטור, וואָס איז געווען ניט נאָר רעאַליסטיש — נאָר אויך אויסגעשפּראָכן סאָציאַל. די קינסטלערישע ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער אידעאָלאָגיע פֿון סאָציאַליזם און פֿרײַהייטס־אידעען.

דער ייִדישיזם וואָס האָט שפּעטער געפֿונען זײַן אויסדרוק אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליטעראַטור און פּובליציסטיק, האָט שוין אין די ערשטע יאָרן פֿון דער אימיגראַציע געפֿונען אַן אויסדרוק אין די אַרבעטן פֿון אַלכּסנדר האַרקאַווי (1863—1940). האַרקאַווי איז געווען אַקטיוו אַלס רעדאַקטאָר, זשורנאַליסט, פֿילאָלאָג און איבערזעצער. שוין אין 1886 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ביכל „די ייִדיש־דײַטשע שפּראַך", ווו ער רעדט אַרום דעם כאַראַקטער פֿון ייִדיש און דעם נאַציאָנאַלן ווערט פֿון דער ייִדישער שפּראַך. עס איז אָבער אויך אמת, אַז מיט זײַנע ענגלישע לערנביכער האָט ער געהאָלפֿן מאַסן ייִדן זיך צו אַסימילירן שפּראַכלעך. דער דראַנג צו קאָנען די לאַנדשפּראַך איז אָבער געווען נאַטירלעך, און ווען ניט האַרקאַווי, וואָלטן זיך געפֿונען אַנדערע מחברים, וואָס וואָלטן צוגעגרייט אַזוינע לערן־ און האַנטביכער. (9)

## זשורנאַליסטיק און זשורנאַליזם

(1) ניו־יאָרקער אילוסטרירטע צײַטונג, ערשטער יאָרגאַנג נומער 14, 21טן יוני 1888. רעדאַקטירט פֿון אַבֿרהם גאָלדפֿאַדן.

(2) פֿאָרווערטס, ניו־יאָרק, 9טן מײַ 1897.

(3) די צוקונפֿט — פּראָגראַם־אַרטיקל, נומער 1, יאַנואַר 1892.

(4) בריוו פֿון די יאָרן 1883—1884 צו ד״ר חיים ספּיוואַק. זע אַרטיקל „עראינערונגען פֿון קאַהאַנס גרינע צײַטן״, פֿון ד״ר ח. ס. ספּיוואַק, אין יובילעום־שריפֿט צו אב. קאַהאַנס 50טן געבורטסטאָג, אַרויסגעגעבן פֿון יובילײ־קאָמיטעט. ניו־יאָרק, 11טן דעצעמבער 1910.

(5) ל. בודיאַנאָוו, „גערהאַרדט הויפּטמאַן״, זשורנאַל די נײַע צײַט נומער 4, אויגוסט 898

(6) אַרבעטער־צײַטונג, ניו־יאָרק פֿון 28טן פֿעברואַר, 21טן מאַרץ, 11טן און 18טן אַפּריל, 16טן און 30טן מײַ 1897.

(7) ציטאַטן פֿון אַרטיקל פֿון 18טן אַפּריל 1897.

(8) דער נײַער גײַסט, ניו־יאָרק. נאָוועמבער, דעצעמבער 1897, יאַנואַר 1898.

(9) אליהו שולמאַן, „אַלכּסנדר האַרקאַווי ווי אַ רעדאַקטאָר״, זאַמלבוך המשך, באַנד II, ניו־יאָרק 1940, זײַטן 106—125.

## קאַפּיטל פֿיר

# דער ייִדישער פֿאַרווײַלונג־ראָמאַן אין אַמעריקע

גלײַכצײַטיק מיטן אויפֿקום פֿון דער ערנצטער ייִדישער פּובליציסטיק און דער קינסטלערישער ייִדישער ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך אין אַמעריקע אַ גרויסע פֿאַרווײַלונג־ליטעראַטור אויף ייִדיש. אָנהייב נײַנציקער יאָרן הייבן דאָ אָן צו דערשײַנען ראָמאַנען אין העפֿטן, און אָט די העפֿטן ווערן אויפֿגענומען פֿון דער ייִדישער מאַסע מיט גרויס ענטוזיאַזם. זיי זײַנען געווען אַזוי פּאָפּולער און באַליבט, אַז אַ געוויסע צײַט האָט אַ ייִדישער פֿאַרלעגער (י. סאַפּירשטיין) אַרויסגעגעבן יעדן טאָג אַ העפֿט. אַזאַ העפֿט איז באַשטאַנען פֿון זעכצן זײַטן חוץ דער הילע. עס האָט גענומען אַ לאַנגע צײַט ביז אַ ראָמאַן איז פֿאַרענדיקט געוואָרן אין דעם העפֿטנפֿאָרמאַט. אייניקע ראָמאַנען האָבן זיך געצויגן אין הונ־דערט, אין צוויי הונדערט, און אַ מאָל אין מער ווי צוויי הונדערט און פֿופֿציק העפֿטן. (1) אַ ייִדישער לייענער איז ניט מיד געוואָרן צו קויפֿן די פֿאָרזעצונ־גען פֿון איין ראָמאַן אין משך פֿון עטלעכע יאָרן. די מאַסן־פּראָדוקציע פֿון ראָ־מאַנען אין העפֿטן האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צײַט. די פּראָדוקציע איז שפּע־טער אונטערגעגאַנגען, ווײַל די צײַטונג־אַרויסגעבערס האָבן דערשפּירט אין די העפֿטן אַ גרויסע געפֿאַר פֿאַר די צײַטונגען — און כּדי צו ראַטעווען זייערע אונטערנעמונגען, האָבן זיי אָנגעהויבן צו דרוקן צו צוויי און אַפֿילו דרײַ ראָמאַנען אין איין צײַטונג. און אָט די קאָנקורענץ האָט רויִנירט דאָס געשעפֿט פֿון די העפֿטנראָמאַנען. עס זײַנען פֿאַרשוווּנדן די העפֿטן, אָבער די ראָמאַנען בליִען נאָך עד־היום אין דער פּרעסע. מען קאָן זאָגן, אַז די פֿאַרווײַלונג־ראָמאַנען זײַנען נאָך איצט פּונקט אַזוי באַליבט בײַ דעם ייִדישן לייענער־עולם אין אַמעריקע ווי אַ מאָל.

מיר ווייסן ניט אַקוראַט וויפֿל פֿון די אימיגראַנטן האָבן שוין אין אייראָפּע געלייענט פֿאַרווײַלונג־ראָמאַנען, זיכער איז אָבער, אַז אַ סך פֿון זיי האָבן שוין פֿריִער געלייענט די ראָמאַנען פֿון שמר, בלאָשטיינען און אַנדערע. אין זייער נײַער היים האָבן זיי אָנשטאָט שמרן און בלאָשטיינען געלייענט מנחם־מענדל דאָליצקין, יצחק ראַבינאָוויטשן, זייפֿערטן, טאַנענבוימען און אַנדערע. שפּעטער איז שמר אַליין געקומען קיין אַמעריקע און האָט דאָ פֿאָרגעזעצט זײַן אַרבעט.

דאָס עקאָנאָמישע לעבן פֿון ייִדן אין אַמעריקע איז געווען לײַכטער ווי אין אייראָפּע. מען האָט דאָ אַ סך גרינגער געקאָנט אויסגעבן געלט אויף אַ בוך, בפֿרט, אַז אַ העפֿט האָט אין גאַנצן געקאָסט פֿינף סענט.

## דער יידישער פּאַרוויילונג־ראָמאַן

די פּאַרלעגער האָבן אין יענע יאָרן אָרגאַניזירט זייערע געשעפטן אויפן עכטן אַמעריקאַנער שטייגער. מען פלעגט די ביכער שטאַרק רעקלאַמירן. די יידישע פּרעסע פון יענער צייט איז פול מיט אַנאָנסן וועגן נייע דערשינענע ראָמאַנען. די אַנאָנסן פלעגן פאַרנעמען גאַנצע שפּאַלטן. מען פלעגט געבן די נעמען פון די נייע אַרויסגעגעבענע ביכער — און אַ קורצן אינהאַלט פון בוך. די רעקלאַמע־שרייבערס האָבן דערציילט וועגן די נייע וועלטן, וואָס דער מחבר אַנדעקט אין בוך. די פּאַרלעגער האָבן פאַרזיכערט, אַז אין די ראָמאַנען ווערן אַנטפּלעקט סודות פון ליבע, זינד און אויסגעלאַסנקייט. און אַז מען האָט גע־קויפט איין העפט, האָט מען שוין געמוזט קויפן אַ צווייטן און אַ דריטן, מען האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס וועט פאָרקומען ווייטער. די העפטן זיינען געווען געדרוקט אַזוי, אַז פונקט דאַן, ווען עס איז געקומען צו אַן „אויסערגעוויינט־לעכער" פּאַסירונג, האָט זיך דאָס העפט געענדיקט און מען האָט שוין געמוזט לייענען די פאָרזעצונג.

די שרייבערס, וואָס האָבן געשריבן אָט דעם סאָרט לייכטן ראָמאַן, זיינען דאָס רוב געקומען פון דער יידישער בירגערלעכער וועלט און פון דער העברעי־שער ליטעראַטור. די ראַדיקאַלן, די וואָס זיינען געקומען פון פרעמדע סביבות און זיינען געווען האַלב אַסימילירט, גראָד די האָבן געשאַפן די ערנצטע יידישע פּובליציסטיק און די קינסטלערישע ליטעראַטור. דעם פּאַרוויילונג־ראָמאַן האָבן געשאַפן יענע עלעמענטן, וואָס זיינען געקומען פון דעם יידישן בירגערטום און וואָס האָבן זיך קונה־שם געווען אין דער העברעישער ליטעראַטור, אַזוינע ווי מנחם־מענדל דאָליצקי, געצל זעליקאָוויטש, יצחק ראַבינאָוויטש.

וואָס פאַר אַ כאַראַקטער האָט געטראָגן די יידישע פּאַרוויילונג־ליטעראַ־טור? וועגן וואָס האָט מען געשריבן אין די ראָמאַנען? ווער זיינען די העלדן פון די ראָמאַנען? און וואָס איז געווען דער ציל פון די ראָמאַנען? מען האָט געשילדערט, געמאָלן, דערציילט וועגן זיי ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע זאַכן. אָבער איידער מיר גייען איבער צו אַן אַנאַליז פון דער ראָמאַנען־ליטע־ראַטור, מוזן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דעם, וואָס אַנדערע האָבן געשריבן וועגן איר.

אַ ניו־יאָרקער קאָרעספּאָנדענט פון דער פּעטערבורגער העברעישער צייַ־טונג „המליץ", מ. רייזין, האָט אין נומער 288 פון 29טן דעצעמבער 1897 פאַר־עפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן דעם צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. (2) אין דעם אַרטיקל האָט ער פאַרשוויגן די קינסטלערישע ליטע־ראַטור און גערעדט נאָר וועגן די ראָמאַנען. צווישן אַנדערע זאַכן האָט דער קאָרעספּאָנדענט פון „המליץ" געשריבן:

„טעגלעכע, וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע אויסגאַבן וואַקסן איבער־ראַל ווי שוואָמען און פאַרשפּרייטן זיך צווישן דער מאַסע אין די טויזנטער. ראָמאַנען, וועלכע ווערן כּסדר געשריבן פון שמירערס, וואָס האָבן זיך פריער אין דער היים באַשעפטיקט מיט שניידעריי אָדער שוסטעריי, האָבן

אַ גרויסן אָפּגאַנג און פֿאַרדאַרבן די מאַסע מיט זייער שמוציקן אינהאַלט. אַט־די ליטעראַטור, אויב מען קאָן זי אַזוי אָנרופֿן, איז זייער פֿאַרדאַרבן. מען קאָן זיך קוים פֿאָרשטעלן, וויפֿל שמוץ עס האָט זיך אין די לעצטע יאָרן אָנגעקליבן אין אָט דעם רינשטאָק, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ליטע־ראַטור". אַלץ וואָס איז אומאָנשטענדיק ארויסצורעדן פֿון מויל אָדער אָנשרייבן אויפֿן פּאַפּיר — געפֿינען מיר דאָרטן. דאָס איז אַ גיפֿט פֿאַר דער מאָראַל, וואָס זינקט אַזוי אויך צווישן ייִדן אין אַמעריקע".

„...אַלע גוטע געדאַנקען ווערן פֿון דער מאַסע פֿאַרטריבן און עס ווערן אײַנגעפֿלאַנצט אַלע פֿאַרדאָרבענע זיטן. די זשאַרגאַנישע ליטע־ראַטור האָט זיך פֿאַרשמוצט און מען קאָן ניט אַרײַנטאָן אַהין די פֿעז צוליב דעם עיפּוש. דאָס וואָס מען טאָר ניט שרײַבן צוליב די צענזור־געזעצן — צו פֿאַרהיטן פֿון שמוץ — געפֿינט זיך דאָרטן... די ליטע־ראַטור פֿאַרשפּרייט סם צווישן די מאַסן... זוכט ניט צווישן די זשאַר־גאָנישע שרײַבערס אַזוינע ווי פֿרוג, פּרץ און פֿרישמאַן — איר וועט זיי ניט געפֿינען, — אָבער אַנשטאָט זיי וועט איר געפֿינען מעשׂה־שרײַבערס, וואָס באַשרײַבן די ליבע אין אירע נידעריקסטע פֿאַלן... ניטאָ אין די ביכער קיין ערנצטער געדאַנק אָדער טראַכטונג, ווי מען געפֿינט אין די ראָמאַנען פֿון אַנדערע פֿעלקער... ניטאָ קיין בילדער אָדער ציורים. מען געפֿינט נאָר דאָרטן אַ בחור און אַ ליבע. כּמעט אין אַלע ראָמאַנען געפֿינט מען די זעלביקע פֿאַבולע, אַז ראובֿן און שמעון ליבן דאָס זעל־ביקע מיידל און זיי גייען אַרוים זיך שלאָגן... אָדער איינער באַגייט אַ מאָרד צוליב אַ מיידל... די פֿאַרשפּרייטונג פֿון זשאַרגאָן און דאָס אַרויסשטופּן פֿון העברעיִש איז אַן עדות ווי פֿאַרגרעבט די ייִדן זײַנען אין אַמעריקע...די מאַסן ווילן ניט האָבן קיין בילדונג אָדער וויסן".

**אָבער ניט נאָר אַ העברעיִסט האָט געשריבן אַזוי וועגן די ייִדישע ראָמאַנען. אויך ייִדישע שרײַבערס האָבן געשריבן וועגן די ראָמאַנען אין דעם זעלביקן נוסח, הגם אַ ביסל אײַנגעהאַלטענער.**

**אין אַן אַרײַנפֿיר צו אַ בוך פֿון לעאָן קאָברין, האָט יעקבֿ גאָרדין אַזוי כאַראַק־טעריזירט די ייִדישע ראָמאַנען:**

„אַ לאַנגע, אומגעלומפּערטע שיף, וועלכע האָט געהאַט נאָר איין פֿענצטערל, האָט זיך אַרומגעטראָגן איבער די וואַסערן פֿון מבול. וואָס איז ניט געווען אין דער תּיבֿה? יעדע בהמה טהורה, בהמות וואָס זײַנען ניט ריין, שרצים, שם, יפֿת און דער באַרימטער חם. צום ערשטן מאָל, ווען דער זיידע נח האָט אַרויסגעשיקט אַ טויב זען, וואָס עס הערט זיך מיטן מבול, זאָגט דער פּסוק, האָט די טײַבעלע ניט געפֿונען קיין אָרט וווּ צו רוען און האָט זיך אומגעקערט אין דער תּיבֿה. דעם צווייטן מאָל האָט די טויב געבראַכט אַן איילבירט־בלאַט, צום דריטן מאָל האָט זיך די טײַבעלע צוריק אין דער תּיבֿה ניט אומגעקערט... אַן אַלטע, אַלטע געשיכטע. אַזוי ווי נחס תּיבֿה, טראָגט זיך אום די ייִדישע ליטעראַטור אי־

בער די פֿאַרפֿלייצטע יידישע פֿעלדער. אַלע יידישע גראָב־רוקנדיקע בהמה־טהורהדיקע ביכער, בהמה־טמאדיקע ניסים און מעשׂיות, שונדיקע שרצים, שווינדל־עופֿות, קריכנדיקע חיות פֿון חניפֿה־ליטעראַטור, מליצה פֿון רמש האדמה, חם שווימט צוזאַמען מיט שם ויפֿתן. די וואַסער רוישן, די בהמות מעקן און הירזשען. די תּיבֿה וואַרפֿט זיך אום איבער די כוואַליעס און די מענטשן קוקן נעבעך אין דעם קליינעם פֿענצטערל צו זען, ווען וועט שוין דיזע פֿאַרפֿלייצונג זיך ענדיקן — און אַ געטלעכע שטימע וועט ערשאַלן מיט די ווערטער: צא מן התּבֿה״. (3)

דער אַמעריקאַניש־יידישער פּובליציסט און קריטיקער ה. אַלעקסאַנדראָוו האָט, שרײַבנדיק וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, געזאָגט, אַז די דאָזיקע ליטעראַטור איז געבוירן געוואָרן אין אַ גינצטיקער צײַט. זי האָט געפֿונען אַ מאַרק פֿאַר זיך. עס זײַנען, אַחוץ דעם, ניט געווען קיין צענזור־צוואַנגען, וואָס זאָלן שטערן דעם יידישן שרײַבער, ווי אין רוסלאַנד. דער שטאָף איז געווען אַ רײַכער. עס האָט זיך געוויזן אַ נײַער ייד, וואָס דאַרף זיך צופּאַסן צו אַ נײַעם לעבנס־שטייגער. עס קומען אָן יידן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער — און עס וואַקסט אויס אַן אַנטאַגאָניזם צווישן די פֿאַרשיידענע יידן. עס ברעכט אויס אַ קאַמף צווישן עלטערן און קינדער. דאָס אַלץ איז געווען ,גוטער מאַטע־ריאַל פֿאַר פּסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען. די ליטעראַטור האָט אויך געדאַרפֿט זײַן די דערציִערין פֿון יידישן אימיגראַנט אין זײַן נײַער היים. פֿאַר וואָס זשע האָט זיך די יידישע ליטעראַטור פֿאָרט ניט אַנטוויקלט? אַלעקסאַנדראָוו מיינט, אַז דאָס איז געשען צוליב דעם אויפֿקום פֿון דער שונד־ליטעראַטור. די שרײַבערס, וואָס האָבן ניט געוואָלט שרײַבן קיין שונד, האָבן געהונגערט. זיי האָבן אויך ניט געהאַט קיין לערערס און מדריכים. האָט די מאַסע געלייענט די שונדהעפֿטן און אַפֿילו ניט געקענט די נעמען פֿון די מחברים. (4)

אין די ווײַטערדיקע קאַפּיטלען וועלן מיר פּרווון ווײַזן, אַז גלײַכצײַטיק מיט דער ראָמאַנען־ליטעראַטור האָט זיך אַנטוויקלט אַ קינסטלערישע יידישע ליטע־ראַטור. עס וועט זײַן קלאָר, אַז אַלעקסאַנדראָוו האָט ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט די יידישע ליטעראַטור פֿון יענער צײַט. מיר האָבן דאָ געבראַכט זײַן מיינונג, כּדי בולטער צו מאַכן די טענות צו דער ראָמאַנען־ליטעראַטור.

מיר זײַנען אָבער נאָך דערווײַל ניט פֿאַרטיק מיט די ניט־פֿרײַנדלעכע אָפּ־שאַצונגען פֿון דער פֿאַרווײַלונג־ליטעראַטור. י. גוידאָ (ב. גאָרין) האָט געשריבן, אַז די רײַכקייט פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע באַשטייט אין דער קוואַנטיטעט געדרוקטע זאַכן, אָבער ניט אין דער „סחורה זעלבסט״. דער יידישער לעזער איז געקומען קיין אַמעריקע מיט אַ שלעכטן געשמאַק, און דאָ איז דער געשמאַק נאָך מער פֿאַרדאָרבן געוואָרן. די לעזערס פֿאָדערן די נאַרישסטע זאַכן, און די שרײַבערס גיבן דאָס זיי. די פֿאַרלעגערס באַהאַנדלען

די לעזערס ווי חמורים און נאַרן זיי אויף וואָס די וועלט שטייט. די שרײַבערס זײַנען עם־הארצים. (5)

מיט יאָרן שפּעטער האָט דער זעלביקער י. גוידאָ געשריבן:

„און ווירקלעך, אַזוי אָרעם ווי עס איז אונדזער ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, איז גאָר שווער צו גלייבן. עס איז שווער צו גלייבן נאָך דעם ווי מען זעט צען־פֿונטיקע, צוויי הונדערט־בויגנדיקע ראָמאַנען, גאַנצע פּאַליצעס אויסגעשטעלט מיט נײַע ווערק, אַז די ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע פֿאַרדינט קוים דעם נאָמען ליטעראַטור... ווען איך זאָג אָרעם, מיין איך ניט אָרעם אין קוואַנטיטעט... איך מיין אָרעם אין קוואַליטעט... עס איז געווען אַ צײַט, ווען דאָ האָט פּשוט גערעגנט מיט ווערק. נאָר דער דלות ווײַזט זיך אַרויס, ווען מען עפֿנט פֿונאַנדער די ווערק און מען בלעטערט זיי דורך...

„קיין ייִדישע שרײַבערס, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אויף דעם פֿרײַעם אַמעריקאַנער באָדן, האָבן מיר ניט. (? — א. ש.) קיין אָריגינעלע ייִדישע ווערק זײַנען דאָ ניט באַשאַפֿן געוואָרן. אַלץ, וואָס מיר געפֿינען דאָ, איז איבערגעזעצט, איבערגעמאַכט, איבערגעניצעוועט. איבערגעזעצט — דאָס וואָלט געווען אַ האַלבע צרה, ווען די אַרבעט וואָלט געטאָן געוואָרן מיט געוויסן און געניטקייט, אָבער לײדער איז דער חורבן גרויס...

„די מלוכה פֿון שונד איז געווען אַ פֿולשטענדיקע. קיין אַנדער ווערק אויסער מיאוס־סענסאַציאָנעלע, האַרץ־פֿאַרקאַפּנדיקע, שפּאַנענדיקע, האָט מען ניט געזען‟. (6)

לעאָ ווינער האָט געהאַלטן, אַז די ראָמאַנען־ליטעראַטור האָט שיִער ניט דערטרונקען די ייִדישע אימיגראַנטישע מאַסע אין אַ שטראָם פֿון סענסאַציאָנעלן אָפּפֿאַל. (7)

אַפֿילו מ. זייפֿערט, וועלכער האָט אַליין געשריבן פֿאַרווײַלונג־ראָמאַנען, האָט געמיינט, אַז די ייִדישע מאַסע מוז זײַן שטאַרק געזונקען, אויב זי דערלאָזט, אַז אַזעלכע שרײַבערס ווי טאַנענבוים, שמר, זעליקאָוויטש און אַנדערע זאָלן איר צושטעלן ליטעראַטור. זייפֿערט האָט געהאַלטן, אַז די ייִדישע לייענערס זײַנען געווען אַזוינע מבֿינים אויף ליטעראַטור ווי די עסקימאָסן אויף אתרוגים. די בעסערע שרײַבערס קאָנען זיך ניט אַנטוויקלען, און די שונד־שרײַבערס פֿאַרשפּרייטן עם־הארצות, סײַ אין ייִדישן לעבן, סײַ אין דער ייִדישער ליטעראַטור. (8)

אָבער ניט נאָר קריטיקערס, זשורנאַליסטן און ליטעראַטור־היסטאָריקערס האָבן געהאַט אַזאַ נעגאַטיווע מיינונג וועגן דער פּאָפּולערער ליטעראַטור. אַפֿילו דער שונדמײַסטער שמר, וואָס צוליב אַטאַקעס אויף אים אין רוסלאַנד, איז ער געצוווּנגען געווען צו פֿאַרלאָזן די אַלטע וועלט און קומען קיין אַמעריקע, —

אַפילו ער, — איז דאָ אַרויסגעטראָטן קעגן דער שונד־ליטעראַטור. ער האָט שונדיסטיש־פײַערלעך דערקלערט:

„טויזנטער לעזערס פון אַלע עקן וועלט האָבן מיך דורך בריוו גע־פרעגט, וואָרעם איך גיב מער קיינע ראָמאַנען אַרויס אין אַמעריקע. אויף דיזע פראַגע קאָן איך זיי ענטפערן, דאָס די אורזאַכע פון דעם איז, ווײַל אין אַמעריקע איז דער ליטעראַרישער מאַרק אַזוי פאַרשמוצט געוואָרן דורך די אומצייליקע שונדראָמאַנען, וואָס פאַרקויפן זיך דאָרטן, דאָס איך האָב דאָס באַטראַכט אַלס גרעסטע שאַנדע, מײַנע ווערק אין דיזן מאַרק צו שיקן״. (9)

אָט דאָס זײַנען די מיינונגען פון מיטצײַטלערס. מיר קענען זיך פאַרגינען צו זײַן מער אָביעקטיוו צו דער פאַרווײַלונג־ליטעראַטור.

עס איז געווען נאַטירלעך, אַז עס זאָל זיך אַנטוויקלען אַ ליטעראַטור, וואָס זאָל שילדערן פאַר די מאַסן די גרויסע שטאָט, די אומבאַקאַנטע לענדער און דאָס לעבן פון די מענטשן אין דער „הויכער געזעלשאַפט״. אויף די דאָזיקע טעמעס זײַנען באַשאַפן געוואָרן בײַ אַנדערע פעלקער אמתע קונסטווערק. ייִדישע שרײַבערס זײַנען אָבער געווען ווײַט פון אָט דעם לעבן, און דערפאַר זײַנען זיי ניט געווען בכוח צו באַשאַפן אַ קינסטלערישע ליטעראַטור אויף די דאָזיקע טעמעס. ייִדישע שרײַבערס האָבן געלייענט די שונדראָמאַנען אין פרעמדע שפּראַכן און אויפן גרונט פון זייער דרויסנדיקער באַקאַנטשאַפט מיט דער פרעמדשפּראַכיקער פאַרווײַלונג־ליטעראַטור, האָבן זיי באַשאַפן אַן ענלעכע ליטעראַטור אויף ייִדיש, וואָס איז געווען ניט ערגער און ניט בעסער ווי ענלעכע ווערק אין אַנדערע שפּראַכן.

ווי גרויס איז געווען די צאָל ראָמאַנען, וואָס זײַנען דערשינען אין ייִדיש אין אַמעריקע ביז אַרום 1900? די צאָל פון די פאַרווײַלונג־ראָמאַנען איז ניט זייער גרויס — יעדן פאַלס, ניט אַזוי גרויס ווי מען שטעלט זיך פאָר. אַלכּסנדר האַרקאַווי האָט, ענטפערנדיק דעם פריִער דערמאָנטן מ. רייזינען, אָנגעגעבן די צאָל און די נעמען פון די ראָמאַנען, וואָס זײַנען אַרויס אין ייִדיש אין אַמעריקע ביז 1898. ער האָט אויסגערעכנט אַ צעטל פון פינף און זעכציק ראָמאַנען. אָט איז דער גאַנצער צעטל:

א. טאַנענבוים:

אַלכּסנדר
אינדיאַנער פירשט
אײַז מער (ווערן)
רײַזע הערום דער וועלט (ווערן)
רײַזע הערום דער וועלט אין 80 טעג (ווערן)
געהיימניסע פון קייזערלעכן הויף
געזוכט און געפונען
גאָלדגרובן פון קאַליפאָרניִען
געהיימניספולע ירושה
העלדן פון דער נאַכט
פראַנצייזישע רעוואָלוציע
צווישן הימל און וואַסער
קראַנען און רעוואָלוציאָנערן
קאַלט און וואַרעם
שטומער בעטלער

## קאַפּיטל פיר

ל. זאַלאַטקאָף:

וועלט־באַנדיטן
צווישן ליבע און מיליאָנען
די שוואַרצע האַנט

מ. ביקאַנסקי:

רייזע אויפן גרונט ים (ווערן)
טיראַנישע רעפּובליק
דער געטויטעטער יינגל
נקמה פון אַ טאָכטער
שפּיאָנען אין בולגאַריען

י. יאַפּאַ:

גראַף פון פּאַריז
נאַפּאָלעאָן דער ערשטער
גראַף מאָנטע קריסטאָ

יצחק ראַבינאָוויטש (איש קאָוונע):

אומשולדיק געליטן
פרויענהענדלער
צווישן מענטשנפרעסער

י. פּאָליי:

גיפטמישערין
קלעאָפּאַטראַ
מסתרי־פּאַריז

מ. זייפערט:

בלוטיקער צלם
ירושה
קובאַ
טיראַנישע מוטער
פעטער דער גרויסער

שיינדעלע
טורעם פון בבל

מ. דאָליצקי:

געבילדעטער מערדער
שטאַרקער פון אייזן

ג. זעליקאָוויטש:

ביטערע נקבה
נקמה פון אַ בר־מינן

ב. סיגלמאַן:

טעקסטערס שטראָף
געהיימניס־אינדזל (ווערן)

ז. חדקל:

דריי עלעמענטן
ירושה אָדער געהיימניסע פון די יעזויטן

הילקאָוויץ:

איינגעמויערטע פרוי
קייטן און קראָנען

א. וואַגמאַן:

אַריסטאָקראַטישע כלה
שיינע טירקן
דאָן קיכאָט

אַ. האַרקאַווי:

דאָן קיכאָט
פאַרשיידענע
איבער געלט און ערע
אומגליקלעכע אַמאַליע

לויט אַלכּסנדר האַרקאַווי, זיינען כּמעט אַלע יידישע פאַרווילונג־ראָמאַנען, וואָס זיינען אַרויס אין אַמעריקע, פריי פון ניבול־פה.

פון האַרקאַוויס רשימה און כאַראַקטעריסטיק דערוויסן מיר זיך אויך, אַז ערשטנס, שמרס צען ראָמאַנען זיינען געשריבן אויף דעם זעלביקן אופן, ווי ער האָט געשריבן זיינע ראָמאַנען אין אייראָפּע, אַז, צווייטנס, ראָמאַנען צוליב פאַר־ווילונג האָבן געשריבן אויך אַזעלכע ווי דער פּובליציסט י. יאַפּאַ און דער העברעישער דיכטער מ. דאָליצקי, און אַז דריטנס, אַ צאָל ראָמאַנען זיינען באַאַרבעט און אַדאַפּטירט געוואָרן פאַרן יידישן לייענער פון אַנדערע שפּראַכן.

## דער ייִדישער פּאַרוויילונג־ראָמאַן

אייניקע איבערזעצערס און באַרבעטערס האָבן געגלייבט, אַז זייערע אַדאַפּ־טירונגען זײַנען בעסער ווי דער אָריגינאַל. אַזוי האָט י. יאַפּפּאַ תּמימותדיק דערקלערט אין זײַן שלוסוואָרט צום ראָמאַן „נאַפּאָלעאָן דער ערשטער אָדער די געהיימניסע פֿון פראַנצייזישן הויף‟:

„דיזעס בוך איז אייגנטלעך ניט קיין איבערזעצונג. ווען איך האָב אים גענומען צו באַאַרבעטן, האָב איך גלײַך געזען, אַז עס איז אוממעגלעך, דען אַ דײַטש האָט אים געשריבן נאָך אין יאָר 1871, ווען דער האַס פֿון די דײַטשן קעגן די פראַנצויזן איז געווען אין שטאַרקסטן פֿײַער. ער האָט זײַן ווערק געשריבן פֿאַר דעם דײַטשן פֿאָלק און וויפֿל ער האָט געקענט שמוצן און זידלען נאַפּאָלעאָנען און דאָס פראַנצייזישע פֿאָלק, האָט ער עס געטאָן. אָבוואָל ער אַליין שײַנט צו זײַן אַ גוטער היסטאָריקער, האָט ער דאָך די היסטאָרישע פֿאַקטן אין נאַפּאָלעאָנס צײַטן אַזוי פֿאַרדרייט און צעבראָכן — דאָס עס קומט בײַ אים אויס פּונקט פֿאַרקערט נאָך דער ריכטיקער געשיכטע. איך האָב זיך אַלזאָ אויף אים ניט פֿאַרלאָזן און האָבן גענומען צו דער האַנט פראַנצייזישע, ענגלישע און רוסישע היסטאָ־ריקערס איבער נאַפּאָלעאָנס לעבן, און צוזאַמען מיט מײַנע אייגענע קענטעניסן אין דער געשיכטע האָב איך שוין געקאָנט שרײַבן נאַפּאָ־לעאָנס ביאָגראַפֿיע. דער לעזער קאָן אַלזאָ זיכער זײַן, דאָס אַלעס, אויסער דעם צוגעפּוצטן ראָמאַנטישן טייל, וואָס אין דעם בוך איז געשריבן וועגן דער רעוואָלוציע און נאַפּאָלעאָנען, איז זייער ריכטיק‟.

דער זעלביקער י. יאַפּפּאַ האָט געשריבן, אַז אין זײַן באַאַרבעטונג פֿון דומאַס „גראַף מאָנטע קריסטאָ‟ האָט ער אַרײַנגעבראַכט אויסבעסערונגען. ער האָט עלימינירט דעם קאַטוילישן שטאַנדפּונקט פֿון מחבר.

דער פּאָפּולערסטער און אַקטיווסטער שרײַבער פֿון ייִדישע פֿאַרוויילונג־ראָמאַנען איז געווען א. טאַנענבוים (1848—1913). טאַנענבוים איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1887, מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן און אַקטיוו זיך פֿאַרנומען מיט „שרײַבערײַ‟ ביז זײַן טויט. אין דער יוגנט האָט ער באַזוכט די ייִדישע רעגירונג־שול אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק, וווּ דער אינ־ספּעקטאָר איז געווען דער ייִדיש־העברעישער שריפֿטשטעלער א. ב. גאָטלאָבער, און דער לערער — אונדזער זיידע מענדעלע מוכר־ספֿרים.

אין די ערשטע יאָרן איז טאַנענבוים געווען פֿאַרבונדן מיט דער ראַדיקאַלער פּרעסע, אָבער אַרום 1893 פֿאַרבינדט ער זיך מיט דער קאָנסערוואַטיווער פּרעסע און ווערט דאָרט דער הויפּטשרײַבער פֿון דעם מין ראָמאַנען. ער האָט געשריבן אין אַ לײַכטן סטיל, אַזוי אַז ער האָט צוגעצויגן מאַסן לייענערס. און די פֿאַר־לעגערס האָבן געהאַלטן אין איין באַשטעלן בײַ אים נײַע ביכער.

טאַנענבוים איז געווען פּאָפּולער ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אויך אין אייראָפּע. ער האָט מיט דעם אַלעם געהאָלפֿן באַשאַפֿן און צוגרייטן אַ ייִדישן

## קאַפּיטל פיר

לייענער־עולם. די לייענערס פון זײַנע ראָמאַנען זײַנען שפּעטער געוואָרן לייע־נערס פון דער יידישער פּרעסע.

טאַנענבוים האָט אויך אין זײַנע ראָמאַנען פּאָפּולאַריזירט וויסנשאַפט, און אויף אַזאַ אופן פאַרשפּרייט וויסנשאַפטלעכע אָדער האַלב וויסנשאַפטלעכע ידיעות צווישן די יידישע מאַסן.

די העלדן פון טאַנענבוימס ראָמאַנען זײַנען אַוואַנטוריסטן, רויבערס, גנבים, אָנפירערס פון באַנדיטן־באַנדעס, פּרינצעסינס, פּרינצן, באַראָנען, גראַפן, מיליאָ־נערן, אינטריגאַנטן און פאַרשווערערס. אין זײַנע ראָמאַנען קומען פאָר אויסער־געוויינטלעכע פּאַסירונגען אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון דער ערד, אויך אין די פּאַלאַצן פון קיסרים, אין די שלעסער פון גראַפן און באַראָנען, אין טונקעלע מאָנאַסטירן. טאַנענבוים פירט אַוועק די לייענערס אין פאַרבאָרגענע היילן, ער נעמט זיי אויף רײַכע אַריסטאָקראַטישע בעלער און פּרעכטיקע פּאַלאַצן. די העלדן לעבן געפאַרפול, שנעל, אימפּעטיק און טוען אויף „וווּנדער". מען ליבט זיך און מען האַסט זיך, מען מאָרדעט און מען גייט אויף דועלן. מען האַלט אין איין אינטריגירן איינער קעגן אַנדערן, מען שטעלט אָן פּאַסטקעס קעגן די שונאים, און עס פאַרשטייט זיך, אַז מען פאַלט אַרײַן אין די פּאַסטקעס. די העלדן טראָגן אַזוינע ווויל קלינגענדיקע נעמען ווי עלווירא, אַרטור, געאָרג און דאָס גלײַכן.

אָט די אויסערגעוויינטלעכע פּאַסירונגען, וואָס טאַנענבוים שילדערט, און די גרויסע „העלדן", וואָס ער באַשרײַבט, האָבן שטאַרק אויסגענומען בײַ דעם פּרימיטיוון יידישן לייענער. טאַנענבוים האָט דעם יידישן לייענער אַרויסגע־פירט פון זײַן חושכדיקן לעבן און אים אַרײַנגעפירט אין דער גרויסער וועלט, אין דער וועלט פון די רײַכע און מעכטיקע, אין אַ וועלט פון אַקציע און באַוועג־גונג. דאָס האָט בײַ די לייענערס שטאַרק אויסגענומען, און דערפון נעמט זיך זײַן גרויסער דערפאָלג און פּאָפּולאַריטעט.

זײַנע פּאָפּולערסטע ראָמאַנען זײַנען געוועזן „דער שטומער בעטלער" און „געהיימניסע פון רוסישן קייזערלעכן הויף". ביידע ראָמאַנען זײַנען „באַ־אַרבעטע" און „איבערגעזעצטע", הגם עס ווערט ניט אָנגעגעבן די שפּראַך, פון וואַנען זיי זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן, און דער נאָמען פון פאַרפאַסער.

אין זײַנע ראָמאַנען שטעלט זיך טאַנענבוים ניט צופרידן מיט בלויז דער־ציילן אויסערגעוויינטלעכע פּאַסירונגען. ער האָט אויך ליב צו „פילאָסאָפירן". מיר ברענגען דאָ עטלעכע מוסטערן:

„אַזוי ווערן פאַרפירט און פאַרדאָרבן איינציקע מענטשן; אַזוי ווערן פאַרפירט און פאַרדאָרבן גאַנצע פעלקער. אונטער גוטע אָנפירערס, אונטער גוטע הערשערס און קעניגע ווערן די פעלקער גוט און איידל; אונטער שלעכטע הערשערס, ווערן די פעלקער פאַרדאָרבן און פאַרפירט.

„די געשיכטע פון רוים ווייזט אונדז אויף פילע אַזעלכע ביישפילע. אונטער שלעכטע הערשערס ווי נערא, טיבעריוס און העלגאַגאַבאַלוס, איז דאָס רוימישע פאָלק פאַרווילדעט געוואָרן און פאַרדאָרבן געוואָרן. אונטער גוטע און איידעלע הערשערס ווי מאַרק אויערעל, אַנטאָניוס פּיוס און אַנדערע, איז דאָס גאַנצע פאָלק געוואָרן פיינער און איידעלער". (11)

**טאַנענבוים האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט שילדערן די נאַטור. אָט איז אַ מוסטער:**

„דער ווינט האָט געבלאָזן זייער קאַלט, די ביימער האָבן געראַוישט זייער טרויעריק, די נאַכט איז געווען פינצטער, דער הימל איז געווען באַדעקט מיט שווערע, שוואַרצע וואָלקנס... די ביימער האָבן געראַוישט, די נאַכט איז געווען פינצטער און קאַלט, קיין מענטש, קיין לעבעדיקע זעלע איז די אַלטע קאַרפּאַטן־בערג". (12)

**טאַנענבוים פירט אַרום זיינע לייענערס אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט און דערביי „פילאָסאָפירט" ער אויף אַ נאַאיוון אופן:**

„זעט, קינדערלעך, ווי גליקלעך איר זייט, דאָס האָט איר צו פאַר־דאַנקען אייער ליידן. ווער ער האָט געליטן אויף דער וועלט, דער ווייס, ווי צו שעצן דאָס גליק; ווער עס האָט דורכגעלעבט שווערע צייטן און האָט געזען פאַר זיך דעם טויט, דער ווייס, ווי צו שעצן די פרייד. לערנט, קינדערלעך, און דערציילט עס יעדן, פאַרצווייפלט ניט אין אומ־גליק און ווערט ניט שטאָלץ אין גליק". (13)

**אין זיין ראָמאַן „געהיימניסע פון רוסישן קייזערלעכן הויף" פיגורירן מערסטנס רוסישע מענטשן. די פּאַסירונגען קומען פאָר הויפּטזאַכלעך אין רוסלאַנד. די העלדן זיינען אָבער ניט נאָר רוסישע פּרינצן, גראַפן, באַראָנען, געלטפּעלשער און קיסרים — נאָר אויך רעוואָלוציאָנערן און ניהיליסטן. דאָס בוך איז דורכגעדרונגען מיט האַס צום צאַריזם — פון דעסט וועגן לאָזט טאַנענ־בוים זאָגן איינעם פון זיינע העלדן:**

„דאָס אומגליק באַשטייט נאָר דאַרין, וואָס אַרום קיסר געפינען זיך שורקען און טויגעניכטסע און ער הערט זיך צו צו אַלעמען, וואָס זיי זאָגן. דאָס אומגליק באַשטייט דאַרין, וואָס דער קיסר האָלט אויף אַ גאַנצע אַרמיי שפּיאָנען און יעדער שפּיאָן וויל ווייזן, אַז ער טוט עפּעס און אַז ער ראַטעוועט רוסלאַנד". (14)

**ווייטער „פילאָסאָפירט" טאַנענבוים:**

„יעדער מענטש איז אַן אַקטיאָר און שפּילט אַ געוויסע ראָלע אין לעבן. מיר אַלע שפּילן אַ קאָמעדיע אין אונדזער לעבן. דער גאַנצער אונטערשייד צווישן איין מענטשן און דעם אַנדערן איז נאָר, וואָס איינער

שפּילט זײַן ראָלע אַזוי גוט, אַז ער ווערט רײַך און באַקומט ערע און געלט, דער אַנדערער שפּילט זײַן ראָלע שלעכט און קומט צו גאָרניט״. (15)

אין ראָמאַן ווערט דערציילט וועגן רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד און וועגן דער רעוואָלוציאָנערער אַקטיוויטעט פון די ניהיליסטן, וועגן דער דערמאָרדונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און וועגן דעם קאַמף פון דער רוסישער רעגירונג קעגן די רעוואָלוציאָנערן. טאַנענבוים באַשרײַבט גאַנץ גלאַט געשפּרעכן צווישן רעוואָלוציאָנערן. ער באַשרײַבט ניט שלעכט אַן אינטער־נאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר פון רעוואָלוציאָנערע טוערס. אָט איז אַ געשפּרעך צווישן אַ ניהיליסט און זײַנס אַ פרײַנד:

„ווו נעמט איר דיזע קראַפט?... פון וואַנען שעפּט איר דיזן מוט, באַגײַסטערונג און ענערגיע צו לײַדן און קעמפן? ווו נעמט איר דיזע באַגײַסטערונג, דיזע שטאַלץ און דיזע לעבנס־פאַראַכטונג?״

און דער ניהיליסט ענטפערט:

„די לײַדן פון רוסישן פאָלק איז די אײנציקע קוועלע, פון וואַנען מיר שעפּן מוט, באַגײַסטערונג און ענערגיע. דו קאַנסט ניט רוסלאַנד... דו ווייסט ניט, אין וואָס פאַר אַ שווערע קייטן עס ליגט געשמידט. די שווערע אײַזערנע קייטן האָבן שוין אָפּגעריסן דאָס פלייש פון אומגליק־לעכן פאָלק און רײַבן אים איצט די ביינער. דאָס אומגליקלעכע פאָלק פילט זײַן שמערץ, עס קרעכצט, עס זיפצט און קיינער הערט עס ניט, קיינער וויל עס ניט הערן. הער זיך צו צו אַ רוסיש פאָלקסליד, וועסטו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ יאָמער, וואָס פאַר אַ ביטערער קלאָגן עס הערט זיך אין יעדן וואָרט, אין יעדער נאָטע, אין יעדער מעלאָדיע! הער זיך צו צום ליד, וואָס דער יאָמשטשיק זינגט, ווען ער טרײַבט אַן די פערד, לייג צו דײַנע אויערן צום ליד, וואָס דער פויער זינגט, ווען ער אַרבעט אין פעלד, זײַ אויפמערקזאַם אויף די לידער, וועלכע די דאָרפסמעדכען זינגען, ווען זיי פאַרזאַמלען זיך אויף דער נאַכט אין אַ הויז, שפּינען וואָל אָדער פליקן פעדערן — הער זיך צו צו דיזע לידער, און דו וועסט אײַנזען, וואָס פאַר אַ טרויער, וואָס פאַר אַ שווערע, האַרצרײַסנדע נויט און עלנט זיי דריקן אוים״. (16)

אין דעם זעלביקן ראָמאַן קומען פאָר געשפּרעכן צווישן רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשיידענע לאַגערן. מיר באַגעגענען דאָ אויסגעשפּראָכענע רעוואָלוציאָ־נערן, אַנאַרכיסטן און סאָציאַל־דעמאָקראַטן, לויטן דײַטשן מוסטער. די ראַדי־קאַלן פירן לאַנגע געשפּרעכן וועגן סאָציאַליזם, רעוואָלוציע:

„אַ קיסר אַ סאָציאַליסט? פון אַ קיסר ווילט איר דערוואַרטן סאָ־ציאַלע רעפאָרמען? פון אַ דעספּאָט, אַ טיראַן ווילט איר דערוואַרטן מענטשלעכע רעכט און אַ מענטשלעכע באַהאַנדלונג? גיכער קאָנט איר

דערוואַרטן אַ קוש פֿון אַ שלאַנג, אַ גלעט איבערן קאָפּ פֿון אַ טיגער, פֿרײַנדשאַפֿט פֿון אַ וואָלף און מענטשלעכקייט פֿון אַ קראָקאָדיל! זײַט איר בלינד? זײַט איר משוגע? פֿאַרשטייט איר דען ניט, אַז ווען איין מענטש האָט דאָס רעכט אין די הענט, הייסט ער אַ דעספּאָט, אַ טיראַן; האָבן עס עטלעכע מענטשן אין די הענט, הייסט עס אַ מאָנאָפּאָל; האָבן אָבער אַלע מענטשן דאָס רעכט אין זייערע הענט, הייסט עס פֿרײַהייט. פֿאַר וואָס לײַדן די אַרבעטער אין אַמעריקע? ווײַל דאָס רעכט געפֿינט זיך אין די הענט פֿון אייניקע — אין די הענט פֿון מאָנאָפּאָליסטן, קאַפּיטאַליסטן און טרעסטס! געגאָסע טאַלען וויל, אַז אין פֿראַנקרײַך און אין גאַנץ אייראָפּע זאָלן מיר איבערגעבן דאָס רעכט אין די הענט פֿון אַ קליין הייפֿעלע מענטשן, וועלכע ער רופֿט אָן געזעץ־געבונג. געגאָסע עלעגראַן גייט נאָך ווײַטער. ער וויל, אַז אַלע רעכט, אַלע געזעצן זאָלן זיך געפֿינען בײַ איינעם אין די הענט. די אַרבעטער זאָלן אַליין שמידן זייערע קייטן, זאָלן זיי אַליין אָנטאָן און זאָלן זיך אַליין בינדן די הענט און די פֿיס.

„ניין, געגאָסן! ווען די אַרבעטער ווילן האָבן מענטשנרעכט, ווען זיי ווילן, אַז זיי זאָלן געניסן די פֿרוכט פֿון זייער אַרבעט, מוזן זיי פֿאַרניכטן אַלץ, וואָס האָט נאָר אַ שײַן און ענלעכקייט פֿון מאַכט און הערשאַפֿט! קיין גאָט, קיין הערשער, דאַרף זײַן אונדזער לאָזונגסוואָרט, אונדזער פּאַסירוואָרט. די גאַנצע אַלטע געבײַדע מוז צעשטערט ווערן, קיין שטיין, קיין גאַנצער ציגל טאָר פֿון איר ניט בלײַבן — מען מוז אַוועקנעמען דעם גאַנצן שמוץ פֿון דער אַלטער געזעלשאַפֿט! דער פּלאַץ מוז בלײַבן ריין פֿאַר אַ נײַע, געזונטע און שטאַרקע געזעלשאַפֿט פֿון פֿולשטענדיקער פֿרײַהייט און גלײַכקייט".

**װעגן דער פֿראַגע פֿון פֿאָלק זאָגט אײנער פֿון די העלדן:**

„נאַציע! פֿאָלק! ווער האָט אויסגעטראַכט דעם דאָזיקן וואָרט? די הערשערס, די טיראַנען! זיי האָבן אַנידערגעשטעלט זייערע סאָלדאַטן מיט ביקסן און שווערדן און האָבן געזאָגט: דאָס איז די גרענעץ פֿון מײַן לאַנד! דאָס איז מײַן פֿאָלק! קיין פֿרעמדער טאָר צו מיר ניט קומען, און ווען ער קומט, מוז ער מיר צאָלן. דאָס וואָרט פֿאָלק, דער באַגריף פֿון באַזונדערע נאַציעס, שאַדט אַזוי פֿיל דעם פֿאָרשריט פֿון דער מענטשהייט, ווי די רעליגיע און די רעגירונג". (17)

**טאַנענבוים האָט אויך געשריבן ראָמאַנען וועגן די אינדיאַנער אין אַמעריקע, ווי אויך פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע ראָמאַנען, וו וער האָט אימיטירט און באַאַרבעט זשול ווערנען. טאַנענבוימס ראָמאַנען זײַנען מעלאָדראַמאַטיש. קיין קונסט איז דאָרטן ניטאָ. ניטאָ קיין לעבעדיקע מענטשן, נאָר מאַנעקענס, גולמס, וועלכע זאָגן, וואָס דער מחבר האָט זיי אַרײַנגעלייגט אין מויל.**

**ענלעך צו טאַנענבוימען, און דאָך אַנדערש — איז געווען זײַן מיטצײַטלער געצל זעליקאָוויטש, וואָס האָט גלײַכצײַטיק מיט זײַנע אַרטיקלען איבער צײַט־**

## קאַפּיטל פֿיר

פֿראַגן אויך געשריבן פּאָפּולערע ראָמאַנען. זעליקאָוויטש האָט דורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטע קאַריערע ווי אַן איבערזעצער אין לאָרד קיטשענערס עקספּע־דיציע צו באַפֿרײַען גענעראַל גאָרדאָן אין כאַרטום. אַ געווויסע צײַט איז זעלי־קאָוויטש אַפֿילו געווען אַ פּראָפֿעסאָר פֿון עגיפּטאָלאָגיע אין אַן אַמעריקאַנער אוניווערסיטעט. נאָך דעם ווי ער האָט פֿאַרלוירן זײַן פּאָסטן, האָט ער אָנגע־הויבן אַקטיוו זיך באַטייליקן אין דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור. ער האָט געשריבן אַרטיקלען, רעדאַקטירט צײַטונגען, פֿאַרפֿאַסט לידער, רעקלאַמעס. ווי ער אַליין דערציילט, (18) האָט ער אויך געשריבן פֿאַר פֿאַרלעגערס דאָס, וואָס זיי האָבן באַשטעלט — און באַשטעלט האָבן זיי ראָמאַנען. זעליקאָוויטשעס ראָמאַן „די ביטערע נקבֿה" ווערט פֿון דעם אידעאַלן האַרקאַווין אין זײַן אויבן דער־מאָנטן אַרטיקל כאַראַקטעריזירט מיט די ווערטער „ניט ריין, אָבער שיין גע־שריבן". קיין „ניט ריינקייט" האָבן מיר דאָרטן ניט געפֿונען, אָבער מגושמדיקע אויסדרוקן און וווּלגאַרע אינסינואַציעס זײַנען דאָרט פֿאַראַן איבער פֿול.

אין דעם ראָמאַן געפֿינען מיר די געוויינטלעכע העלדן פֿון די פּאָפּולערע ראָמאַנען: ליבהאָבערס, געליבטע, מערדערס, פּראָסטיטוטקעס, אויסגעלאַסענע מענער און ענלעכע טיפּן. אין די ראָמאַנען קומען פֿאַר פֿאַנטאַסטישע אויסער־געוויינטלעכע פּאַסירונגען. זעליקאָוויטש פֿאַרשלעפּט זײַנע העלדן פֿון לאָנדאָן קיין ניו־יאָרק, פֿון ניו־יאָרק אין אַ קליין שטעטל אין דער ליטע. דער סיפּור־המעשׂה איז אַ פֿלאַכער און אַ נאַרישער. ער פֿירט דאָרט צונויף אַ וואַנט מיט אַ וואַנט.

אין די סצענעס פֿון ניו־יאָרק גיט ער איבער עטלעכע בילדער פֿון דעם נײַעם, רויען, ניט־אָרגאַניזירטן יידישן ייִשובֿ; ווען ער ברענגט, אויף אַן אומ־מעגלעכן אופֿן, זײַנע גרויסשטאָטישע העלדן אין אַ קליינעם יידישן שטעטל אין דער ליטע, גיט ער דעמאָלט ניט־שלעכטע בילדער פֿון יידישן שטייגער לעבן. אָבער מערסטנס פֿירן זײַנע העלדן באַזונדערע געשפּרעכן וועגן פּאָליטיק און מוזיק. דער מחבר גיט אַרײַן אין זיי עטלעכע לידער.

אַ פּאָר מוסטערן פֿון זײַן שרײַבן:

„זײַן טאָכטער אסתּר איז געווען אַ ביסעלע נאָך פֿרײַער ווי איר פּאַפּאַ, זי איז אָבער געווען אַ גאַנץ אָרנטלעך קינד. זי וואָר אַפֿילו אַ גאַנצע קאָקעטקע. זי האָט געוווּסט, אַז זי איז שיין, זי האָט געוווּסט, ווי זיך צו באַנוצן מיט אירע רייצנדע כּלי־זין קעגן די מענער". (19)

„פּלוצלונג האָט זי זיך געפֿילט זינקען אין אַ זיסן הינערפּלעט און גרינוואַלד האָט איר אויפֿגעמונטערט מיט כּפֿל־שמונהדיקן קוש" (זײַט 34).

„זי איז געווען שיין, ווי אַ בייבי, (עופֿהלע) און געזונט ווי אַ בעסטיע! דאָס איז ניט געווען קיין פֿרוי, נאָר אַ שיף! פֿלעגט טאַנצן אין די מוזיק־

האַלם און דערנאָך אין אַלהאַמבראַ־טעאַטער. װען דאָס האָט געגעבן אַ הייב אַ פֿאַלקע, איז געלאָפֿן אַלע מענער שפּײַעכץ פֿון מויל. געהאַט אַ ברוסט װי אַ מילשטיין, שטײַף, קײַלעכדיק" (זײַט 134).

„עס איז געװען אַ קאַלטער דעצעמבער־טאָג. מוטער־נאַטור האָט שוין לאַנג אויסגעטאָן איר גרינע טואַלעט און האָט זיך אָנגעצויגן אירע װײַסע תּכריכים" (זײַט 104).

„די נאַכט איז געװען זייער אַ שטילע;קוים װאָס אַ װינטעלע האָט געאָטעמט און דער גרויסער האָפֿן האָט געמורמלט מיט אַ פֿאַרבאָרגענע שפּראַך, װאָס נאָר דער פּאָעט אַליין קען פֿאַרשטיין. אַרום װאַסער איז געװען אַ װאָרע אילומינאַציאָן, צען טויזנטער עלעקטרישע ליכט האָבן פֿאַרפֿלייצט דעם האָפֿן מיט גאָלדענע שטראַלן, װאָס האָבן אויסגעזען אין אַ װאַסער װי אַ רעגן בריליאַנטן אויפֿן בלויען אָפּגרונט פֿון תּהום. איבער דיזער פֿאַנטאַסטישער פּאַנאָראַמאַ פֿון לאַנד און װאַסער, האָט גע־שמייכלט אַ הימל עכט בלוי, װאָס איז געװען באַדעקט אין מאַנכע ערטער מיט שטיקער העלע װאָלקנס, האַלב אַטלאַס, האַלב װאַטע. צװישן דיזע שטילע שטיקער װאָלקנס, װאָס האָבן זיך געשיפֿט אויף אלהים'ס געװעב, האָט די לבֿנה אַראָפּגעקוקט אויף לאַנדאָן און געגאָסן אין שטראָם אירע קאַלטע שטראַלן ,װאָס האָבן געשײַנט צו זײַן װי זילבערנער אונטערשלאַק (זײַט 24).

**און אָט איז איינס פֿון די לידער, װאָס ער גיט אינעם ראָמאַן:**

עס שנייט, עס שנייט אויף אַלע געדיכטע װעלדער:
עס שנייט, עס שניט אויף אַלע שטילע פֿעלדער,
דער זילבערשניי פֿאַלט אויף אַלע קאַנטן,
די צװײַגן זײַנען באַדעקט מיט אײַזדימאַנטן.
אויפֿן בוים פֿינקלען בריליאַנטן אַלערליי,
זײַ מיר געגריסט, זילבערנער שניי, זילבערנער שניי!

זילבערשניי, זילבערשניי, דו ביסט — װינטערס מתּנה,
איך זע דײַן שאָטן אויף די בלאַסע לבֿנה,
די שולקינדער מיט פֿריידן,
דײַן זילבערװײַסן קאָרפּעט (טעפּיק פֿון גן־עדן!),
זיי טאַנצן אויף דײַן בוזים מיט אַ לוסטיק געשריי
און זינגען: „דער זילבערנער שניי, דער זילבערנער שניי".

זילבערנער שניי, זילבערנער שניי, אַלעס איז יעצט פֿאַרפֿראָרן,
דער מענטש פֿרייט זיך, װאָס די ערד איז פֿון אים פֿאַרלאָרן,
װאָס קימערט אונדז דער פֿראָסט אין אונדזער יעדן אבֿר?
אַבי עס זײַנען ניט יעצט די ערד — אונדזער קבֿר!

נאַטורס ווײַסע מאַנטל! זע שמעלץ ניט, שטיי,
בלײַב נאָך אַ טאָג, דו זילבערשניי, זילבערשניי.

זילבערשניי, זילבערשניי, איך גריס דײַן ווײַסן געזיכט,
אַנשטאָט ערד זע איך נאָך אַ הימל ריין ווי ליכט,
נאָר אַזוי ווי פֿון האָפֿנונג, דער מאָרגן־שטערן,
וועסטו זיך צושמעלצן אין אַ טײַך טרערן.
ווי דער ווײַזער פֿון די זון גיט זיך נאָר אַ דריי,
דאַן זינגען מיר אַדיע, זילבערשניי, זילבערשניי!

(זײַטן 104—105).

**אונדז איז שוין אויסגעקומען צו דערמאָנען דעם איבערזעצער און באַ־אַרבעטער פֿון ראָמאַנען יוסף יאַפּפּאַ (1853—1915). יאַפּפּאַ איז געווען אַן אַקטיווער טוער אין דער אַנאַרכיסטישער פּרעסע און האָט אויך באַאַרבעט פּרעמדשפּראַכיקע ראָמאַנען אין ייִדיש. אין זײַנע באַאַרבעטונגען פֿלעגט ער באַזײַטיקן דעם רעליגיעזן און קאָנסערוואַטיוון שטאַנדפּונקט פֿון מחבר, כּדי עס זאָל ניט באַאײַנפֿלוסן דעם נאַיִוון ייִדישן לייענער. יאַפּפּאַס באַאַרבעטונגען זײַנען גאַנץ גלאַט, אויף וויפֿל אין זײַנע איבערזעצונגען איז פֿאַראַן דער מעלאָ־דראַמאַטישער עלעמענט. דער אויפֿטו איז אָבער ניט זײַנער; ער האָט דאָס גענומען פֿון גרייטן און עס בלויז איבערגעזעצט אין ייִדיש.**

יאָהאַן פּאַליי (1871—1907) (*) **איז שוין דערמאָנט געוואָרן אין פֿאַר־בינדונג מיט ייִדישן זשורנאַליזם אין אַמעריקע. ער איז אויך געווען דער מחבר און איבערזעצער פֿון עטלעכע ראָמאַנען. אין זײַן „אוריאל אַקאָסטאַ" גיט ער איבער די טראַגישע געשיכטע פֿון דעם אומגליקלעכן ייִדישן דענקער. אין דער דערציילונג וועבט ער אַרײַן געשיכטעס וועגן ליבע, קינאה, אײַפֿערזוכט, מאָרד און זעלבסטמאָרד. דאָס פֿאַרוויקלען היסטאָרישע פּאַסירונגען אין אַ ראָמאַנטיש־סענסאַציאָנעלן מאַנטל האָט אויסגענומען בײַ דעם פּרימיטיוון ייִדישן לייענער פֿון יענער צײַט. יאָהאַן פּאַליי איז אויך געווען דער מחבר פֿון אַ ראָמאַן „די שוואַרצע חבֿרה", וווּ ער שילדערט דאָס ייִדישע לעבן אין דער נײַער ניו־יאָרקער געטאָ. אַלץ אין ראָמאַן איז סענסאַציאָנעל, מעלאָדראַמאַטיש מגוזמדיק. עס זײַנען אָבער דאָ בײַ אים עטלעכע ריכטיקע בילדלעך פֿון דעם רויען ייִדישן לעבן אין ניו־יאָרק.**

יצחק ראַבינאָוויטש (1846—1900) **איז געווען אַ באַקאַנטער העברעיִשער דיכטער, אַ תּלמיד פֿון דעם העברעיִשן שריפֿטשטעלער אַבֿרהם מאַפּו און אַ פֿרײַנד פֿונעם דיכטער יהודה־לייב גאָרדאָן. אונטער זייער השפּעה האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן לידער אין העברעיִש און אַרויסגעגעבן פֿיר זאַמלונגען ליריק אין העברעיִש. אין ייִדיש האָט ער אָנגעשריבן אַוואַנטורע־ראָמאַנען. ער האָט**

אויך איבערגעזעצט און באַארבעט אין ייִדיש פּרץ סמאָלענסקינס עטלעכע ראָמאַנען. די איבערזעצונגען זײַנען גאַנץ געטרײַ צו דעם אָריגינאַל.

אַ פּאָפּולער־ייִדישער ראָמאַניסט פֿון יענעם פּעריאָד איז געווען ד. מ. הערמאַלין (1865—1921). הערמאַלין האָט אין די שפּעטערע יאָרן געשריבן אַרטיקלען, דער הויפּט איבער פֿאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן.

ווען מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין ייִדיש, אין די נײַנציקער יאָרן, פּאָפּולערע באַאַרבעטונגען פֿון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור, דער הויפּט פֿון די ווערק פֿון לעאָ טאָלסטאָי און עמיל זאָלאַ, איז הערמאַלין געוואָרן איינער פֿון די אַקטיווסטע באַאַרבעטערס און איבערזעצערס. ער האָט פֿון טאָלסטאָיס ראָמאַנען מערסטנס אַרויסגעוואָרפֿן די פֿילאָסאָפֿישע באַטראַכטונגען, קאָנצענטרירנדיק זיך דער הויפּט אויף דעם סיפּור־המעשׂה. צופּאַסנדיק זיך צום פּרימיטיון און אָפּגעשטאַנענעם לייענער, האָט דער הערמאַלין זיך דער הויפּט אָפּגעשטעלט אויף די מעלאָדראַמאַטישע עלעמענטן אין די ווערק פֿון די אייראָפּעיִשע קלאַסיקערס. זײַנע באַאַרבעטונגען זײַנען געווען ווײַט פֿון אָריגינאַל, זיי זײַנען אָבער געווען אַ טריט פֿאָרויס לגבי די ייִדישע פֿאַרווײַלונג־ראָמאַנען פֿון יענער צײַט. זײַן שפּראַך איז אַלע מאָל געווען ריין און זאַפּטיק.

ד. ה. הערמאַלין האָט געשריבן אויך אָריגינעלע ראָמאַנען, ווי „פֿייגעלע אָדער נויט ברעכט אײַזן" און „דער לעצטער בלוטשטורץ".

אין דעם ערשטן ראָמאַן שילדערט הערמאַלין אויף אַ סענסאַציאָנעלן אופֿן די טראַגישע איבערלעבונגען פֿון אַ ייִדישער משפּחה אין דער נײַער היים. ער שילדערט אַן אומשולדיקע פֿרוי, איר ערלעכן מאַן און דעם אינטריגאַנט, וואָס טרײַבט די אָרעמע פֿרוי צו פֿאַרראַט און זעלבסטמאָרד. אין ראָמאַן וואַרפֿן זיך דורך ניט קיין שלעכטע בילדער פֿונעם לעבן פֿון די אימיגראַנטן אין ניו־יאָרק. אָבער דער דאָמינירנדיקער עלעמענט אינעם בוך, דער מעלאָדראַמאַטישער אופֿן פֿון באַהאַנדלען זײַנע טעמעס, מאַכט זײַנע רייד קלינגען קאָמיש און געקינצלט.

אין ראָמאַן „דער לעצטער בלוטשטורץ" שילדערט ד. ה. הערמאַלין, אויף אַ „רעאַליסטישן" אופֿן, די טראַגעדיע פֿון אַ ייִדיש מיידל, וואָס ווערט געטריבן צו פּראָסטיטוציע. מיר האָבן דאָ בילדער פֿון דער אונטערוועלט און פֿון העלדן, וואָס זינקען אין אַ זומפּ. דער מחבר סימפּאַטיזירט מיט דעם מיידל, וואָס ווערט אַ קרבן פֿון דער געזעלשאַפֿט. אויך דער לייענער סימפּאַטיזירט מיט דער אומגליקלעכער פֿרוי. די דערציילונג וועגן דער געפֿאַלענער פֿרוי איז געשריבן אויף אַזאַ אופֿן, אַז דאָס ביסעלעווירקלעכקייט ווערט דערטרונקען אין אַ ים שונד.

אַ פּאָפּולערער ראָמאַנען־שרײַבער פֿון יענער צײַט איז געווען מ. זייפֿערט. נאָך איידער ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ער שוין אין אייראָפּע

## קאַפּיטל פּיר

געהאַט אָנגעשריבן עטלעכע ראָמאַנען. אָנקומענדיק קיין אַמעריקע אין 1886, האָט ער גלײַך אָנגעהויבן צוצושטעלן די ריכטיקע סחורה. ער האָט זיך גוט צוגע־פּאַסט צו דער פֿאָדערונג פֿון פּרימיטיוון לייענער און איז געוואָרן אַ פּאָפּולערער שרײַבער. אין זײַן ראָמאַן „דער ליטווישער קעניג פֿון די שנאָרערס", שיל־דערט ער דאָס לעבן פֿון אַ ייִדן אַ שנאָרער, וואָס לאָזט זיך אַרויס פֿון זײַן קליין ליטוויש שטעטל קיין אַמעריקע און שנאָרעט ווו נאָר ער שטעלט זיך אָפּ. זיי־פֿערט ברענגט אים ענדלעך קיין אַמעריקע. אין דער נײַער היים קאָן ער זיך ניט אָריענטירן. ער בעטלט און שנאָרעט, אָבער ער איז אַזאַ שלימזל, אַז אַלע נוצן אים גאָר אויס פֿאַר זייערע צוועקן.

אין זײַן ראָמאַן „גראַף פּאָטאָצקי" מאַכט זייפֿערט פֿון דער היסטאָרישער פּאַסירונג אַ לאָקריץ־זיסן און סענטימענטאַלן נאַציאָנאַליסטישן ראָמאַן, פֿול מיט מליצה וועגן דער גרויסקייט און חשיבֿות פֿון דער ייִדישער רעליגיע און פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, און וואָס ווירקט פּונקט פֿאַרקערט ווי דעם מחברס גוטע כּוונות.

מ. זייפֿערט האָט אויך געשריבן אַ סך קורצע דערציילונגען. ער האָט געשילדערט אויף אַ סענטימענטאַלן אופֿן דאָס שווערע לעבן פֿון ייִדן אין זייער נײַער היים. ער לאַכט אויס ביטער מענטשן און זאַכן, וואָס זײַנען אים ניט צום האַרצן. אין די דערציילונגען, ווו ער שילדערט דאָס לעבן פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט אין ניו־יאָרק, איז ער אָפּט מאָל ווייך, ליריש, און זײַנע קורצע דער־ציילונגען שטייען אויפֿן גרענעץ פֿון ליטעראַטור.

מיט שמרן און מיט זײַן טעטיקייט אין אַמעריקע שליסן מיר דאָס קאַפּיטל וועגן די וויכטיקסטע פֿאַרשטייערס פֿון ייִדישן פֿאַרווײַלונג־ראָמאַן אין אַמעריקע. שמר האָט פֿאַרלאָזן רוסלאַנד אין 1889 און זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. דאָ אין ניו־יאָרק האָט ער פֿאָרגעזעצט דאָס שרײַבן ראָמאַנען, אָבער אויך אין דער נײַער היים האָט ער ניט געפֿונען קיין רו. אַזוי ווי ש. דובנאָוו און שלום־עליכם אין אייראָפּע, האָבן אים אויך דאָ אַטאַקירט אָנגעזעענע ייִדישע שרײַבערס אין אַמעריקע. ספּעציעל האָט געקעמפּט קעגן אים די ראַדיקאַלע ייִדישע פּרעסע. מ'האָט אים אַזוי פֿאַרביטערט זײַן לעבן, אַז ער האָט געמוזט אַרויסגעבן ספּע־ציעלע זשורנאַלן אָפּצוענטפֿערן זײַנע קריטיקערס. קיין אָנזען אין דער ליטע־ראַרישער וועלט האָט ער ניט געהאַט. ער האָט געמוזט קאָנקורירן מיט אַנדערע שרײַבערס פֿון זעלביקן זשאַנר און געפֿירט אַ שווערן קאַמף פֿאַר זײַן עקסיסטענץ.

שמר האָט דאָ אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט עטלעכע הומאָריסטישע זשור־נאַלן, וואָס זײַנען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט ניט קיין בעסערן געשמאַק ווי זײַנע ראָמאַנען. ער האָט אין די זשורנאַלן אַפֿילו געשריבן לידער אויף צײַטפֿראַגן, ווי למשל:

## דער יידישער פֿאַרווײַלונג־ראָמאַן

פֿון יענע, וואָס פֿריידיקן אימער מאָראַל,
און גלויבן, אַז זיי וועלן ווירקן אַ מאָל,
דער יושר זאָל הערשן אַליין איבעראַל.
און ווייניק וועט ווערן פֿון פֿאַלשע די צאָל,
דאָס איז אַ טעות, איך מוז שרײַען: ניין!
אימער וועט פֿאַלשקייט אין דער שפּיצע שטיין.

פֿון די אַנאַרכיסטן, וואָס שרײַען קאָמונע
און גלויבן, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צײַט,
וואָס דער קאַפּיטאַל וועט אַ מיתה־משונה
פֿאַרוואַרפֿן, באַגראָבן ערגעץ אין אַ זײַט.
ניין! איך שרײַ, אַז זיי זײַנען נאַראָנים,
אימער הערשן וועלן מזומנים.

פֿון יענע שוטים, וואָס גלייבן צוזאַמען,
אַז לעקסאָוו קאָמיטע פֿאַרהיט די געפֿאַר,
אַז זי וועט די געלטיקער שנעל אויסראַמען,
און אַן ענדע וועט נעמען פֿון נעמען כאַבאַר.
ניין! דאָס זאָג איך און שרײַ גאַנץ לויט.
מען וועט פֿון אונדז שינדן נאָך מער די הויט.

פֿון יענע נאַראָנים, וואָס בילדן זיך אײַן,
אַז דעם דאָקטאָר פּאַרקהורסט וועט געראָטן
צו מאַכן, אַז ניו־יאָרק זאָל אָרדענטלעך זײַן
און פֿון די הײַזלעך פֿאַרטרײַבן דעם שׂטן...
ניין! זײַן אַרבעט וועט ברענגען קיין נוץ,
מיר קאָנען האָפֿן אויף גרעסערן שמוץ. (29)

(„דער פּאָק לאָכט")

אין עטלעכע ראָמאַנען און דערציילונגען באַרירט שמר דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע. דאָס לעבן אין אַמעריקע, וואָס איז געווען, ווי מיר האָבן שוין געזען, רוי, ניט אָפּגעשטעלט און פֿאָרמלאָז. עס זײַנען אָנגעקומען גרויסע מאַסן יידן פֿון אַלע עקן וועלט. צווישן די דאָזיקע אימיגראַנטן האָבן זיך אָפּט מאָל געפֿונען אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע און אַפֿילו פֿאַרברעכערישע עלעמענטן. אָט די מענטשן האָבן אַפֿילו אָנגעהויבן שפּילן אַן אַקטיווע ראָלע אין פּאָליטישן לעבן אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט. צווישן די אימיגראַנטן זײַנען אויך געווען מענער, וואָס האָבן פֿאַרלאָזן זייערע פֿרויען אין אייראָפּע און דאָ נאָך אַ

מאָל חתונה געהאַט. שמר האָט פֿאַר זײַנע ראָמאַנען און דערציילונגען אויסגע־קליבן גראָד אָט דעם סאָרט מענטשן. אויך דער דאָזיקער מאַטעריאַל וואָלט געקאָנט קינסטלעריש באַאַרבעט און פֿאַרפֿיקסירט ווערן. שמר איז אָבער ניט געווען קיין קינסטלער, און זײַנע ראָמאַנען אויף אַמעריקאַנער טעמעס זײַנען ניט מער ווי שונד. אַלץ איז פֿאַרבילּיקט. די טיפּן זײַנען באַשעפֿענישן אָן אַ פֿונק לעבן. שמרס הומאָר איז אַ טעמפּער, אַ מגושמדיקער. שמר האָט, ווי ער האָט אַליין דערציילט, ניט געהאַלטן פֿון רעאַליזם:

„גיט מיר כאָטש אַ דאַנק, מײַנע ליבע יִדן, דערפֿאַר וואָס איך האָב דאָ מאַריך געווען און האָב באַשריבן קורץ מײַן פֿאַרענץ און קומען קיין אַמעריקע. כ'לעבן, וואָס וואָלט איר געטאָן, ווען איך זאָל זײַן ווי אײַערע הײַנטמאָדישע שרײַבערס, וואָס הייסן „רעאַליסטן“, מאַכן פֿון יעדער קלייניקייט אַ גאַנצן טאַרעראַם און וואָלט באַשריבן יעדע זאַך מיט גאַנצע פּירושים“. (21)

אין די אַטאַקעס קעגן שמרן זײַנען אין דער ראַדיקאַלער פּרעסע אויך שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן שמרס ראָמאַנען די שריפֿטשטעלערס לעאָן קאָברין און יעקבֿ גאָרדין. (22) שמר האָט געסטראַשעט, אַז ער וועט אויפֿהערן שרײַבן יִדיש, אַז ער וועט שרײַבן נאָר העברעיִש. (23) אָבער דער קאַמף קעגן שמרן איז בלויז געווען אַ צייכן פֿון דער צײַט. די יִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט שוין דעמאָלט געהאַט איבערגעלעבט שמרן מיטן שמריזם און איז שוין גרייט געווען אויפֿצונעמען און צו באַגריסן עכטע קינסטלערישע ווערק און נײַע עכטע וואָרטשאַפֿערס.

---

(1) דער ראָמאַן „מענטשן־פֿרעסער“ פֿון יצחק ראַבינאָוויטש האָט זיך געצויגן אין צוויי הונדערט זעקס און זעכציק העפֿטן.

(2) אין אַ פֿאַרקירצטער פֿאָרעם איז דער אַרטיקל איבערגעדרוקט געוואָרן אין „כראָניקאַ וואָסכאָדאַ“, נומ׳ 2 פֿון 11טן יאַנואַר 1898.

(3) פֿאָררעדע פֿון יעקבֿ גאָרדין צו לעאָן קאָברינס „יאַנקל בוילע“, ניו־יאָרק 1898. ציטירט לויט משה שטאַרקמאַנס „גאָרדיניאַנאַ“ אין טעאַטער־אַרכיוו פֿון ייִוואָ, באַנד II (אין דרוק).

(4) זשורנאַל „דאָס לעבן“, פּעטערבורג, פֿעברואַר 1905, זז׳ 29—43.

(5) „די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור אין אַמעריקע“ פֿון י. גוידאָ אין יִדיש־אַמעריקאַנישער פֿאָלקס־קאַלענדאַר, ניו־יאָרק 1896/97, זז׳ 73—76.

(6) ב. גאָרין, „די יִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע“, „די אויפֿבליִונג פֿון דער יִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע“, „נידערפֿאַל דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור“, אין די צוקונפֿט, ניו־יאָרק 1902, זז׳ 986—988, 340—343, 398—400.

(7) L. Wiener, *The History of Yiddish Literature*, 1898, pp. 216, 230.

(8) מ. זייפֿערט, „ליטעראַרישע באַשי־בוזוקן“, אין דער פֿרײַע אַרבעטער־שטימע, 21טן און 28טן פֿעברואַר, 7טן, 14טן, 21טן און 28טן מאַרץ, 4טן אַפּריל 1902.

(9) די קנײדל, רעדאַקטירט פֿון נ. מ. שײַקעוויטש (שמר), ניו־יאָרק, 11טן אַפּריל 1897. איראָניש איז, וואָס שמר גיט צו, אַז כּדי פֿאָרט צו באַפֿרידיקן דעם עולם, וועט ער אַרויסגעבן ראָמאַנען אונטער זײַן רעדאַקציע. דער ערשטער ראָמאַן איז: „אַ מײַסטערווערק זאָנדערגלײַכן". דאָס דאָזיקע מײַסטערווערק איז... „דער ביגאַמיסט" פֿון טאַלאַנטפֿולן שריפֿטשטעלער י. רובין.

(10) דער נײַער גײַסט, נומער 6, ערשטער יאָרגאַנג, מאַרץ 1898, זײַטן 352—355.

(11) דער שטומער בעטלער, היסטאָרישער ראָמאַן, באַאַרבעט פֿון א. טאַנענבוים. דריטע אויפֿלאַגע (יאָר?), היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני, ניו־יאָרק, באַנד I, זײַט 34.

(12) זײַט 87 פֿון זעלביקן בוך.

(13) דאָס זעלביקע בוך, באַנד II, זײַט 1132.

(14) די געהיימניסע פֿון רוסישן קייזערלעכן הויף, פֿרײַ איבערזעצט פֿון א. טאַנענבוים. צווייטער באַנד, זײַט 647, היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני, ניו־יאָרק (יאָר?).

(15) זײַט 657 פֿון זעלביקן בוך.

(16) זײַט 959 פֿון זעלביקן ראָמאַן.

(17) דער זעלביקער בוך, באַנד IV, זײַטן 615, 616, 617.

(18) געצל זעליקאָוויטש, די ביטערע נקבֿה, אַ ראָמאַן פֿון יידישן לעבן אין ליטע און לאָנדאָן. היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני, ניו־יאָרק.

(19) דער זעלביקער ראָמאַן.

(*) לויט אַנדערע מקורים — געבוירן אין 1860.

(20) דער יודישער פּאַק, נומער 2, 7טן דעצעמבער 1894.

(21) נ. מ. שײַקעוויטש, יודקע שמערקע פֿאָרט נאָך אַמעריקע. היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני, ברוקלין, זײַט 46.

(22) לעאָן קאָבריז, דערינערונגען פֿון אַ יידישן דראַמאַטורג. ווילנע 1926, זײַטן 62—66.

(23) מיניקעס יום־טובֿ־בלעטער, פּסח־בלאַט, ניו־יאָרק, אַפּריל 1900, זײַט 37.

## קאַפּיטל פינף

# די קינסטלערישע פּראָזע

גלײַכצײַטיק אָדער עטוואָס שפּעטער ווי די אַנטוויקלונג פון דער פּרימיטיווער פאַרווײַלונג־ליטעראַטור האָט זיך דאָ אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ קינסטלערישע ידישע ליטעראַטור. די קינסטלערישע ליטעראַטור איז ניט באַשטאַנען, ווי די פאַרווײַלונג־ליטעראַטור, פון דיקע בענד מיט טויזנטער באַשריבענע זײַטן. די קינסטלערישע ליטעראַטור האָט זיך דאָ באַוויזן אין דער פאָרעם פון קורצע דער־ציילונגען, וואָס זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די צײַטונגען, צווישן נײַס און פאַרשיידענע אַרטיקלען. ערשט בײַם סוף פון נײַנצנטן יאָרהונדערט זײַנען דאָ דערשינען עטלעכע דינינקע ביכלעך דערציילונגען און סקיצן. ווי מיר ווייסן שוין, איז די יִדישע קינסטלערישע ליטעראַטור אין אַמעריקע אויפגע־קומען אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, — און כמעט אַלע שרײַבערס וואָס האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם יִדישן קינסטלערישן וואָרט אין דער נײַער היים זײַנען דערצויגן געוואָרן אין דער יִדישער אַרבעטער־פּרעסע. די יִדישע אַרבעטער־פּרעסע אין אַמעריקע האָט דאָ די ערשטע געדרוקט די ווערק פון אונ־דזערע גרויסע קלאַסיקער פון יענער זײַט ים: מענדעלע מוכר־ספרים, פּרץ און שלום־עליכם. שוין אין די ערשטע נומערן פון דער „אַרבעטער־צײַטונג" איז געווען געדרוקט מענדעלע מוכר־ספרימס „די קליאַטשע". (1) י. ל. פּרצס דערציילונגען האָבן זיך דאָ סיסטעמאַטיש געדרוקט אין די אַרבעטער־אָרגאַנען.

אויך די אַרבעטער־פּרעסע האָט זיך ניט געקאָנט באַגיין אָן דעם געוויינט־לעכן סאָרט ראָמאַנען. נאָר חוץ די פאַרווײַלונג־ראָמאַנען האָט מען שוין דאָרט אויך געדרוקט אַזעלכע ווערק ווי זאָלאַס „זשערמינאַל", פלאָבערס „סאַלאַמבאָ" און ענלעכע ראָמאַנען פון הויכן ליטעראַרישן סטאַנדאַרד. אמת, קינסטלערישע ווערק זײַנען ניט באַטראַכט געווען פון די רעדאַקטאָרן פון דער פּראָלעטאַרישער פּרעסע ווי אַ ציל פאַר זיך אַליין. עס איז בײַ זיי בלויז געווען אַ מיטל צו פאַר־אינטערעסירן אַלערליי סאָרט לייענערס מיט דער אַרבעטער־פּרעסע — און בּיס־לעכווײַז זיי איבערצודערציִען און איבערצוגעווינען פאַרן סאָציאַליזם. זיי האָבן ניט געמאַכט קיין סוד דערפון. אָט וואָס עס האָט אָפן דערקלערט די רעדאַקציע פון אַן אַרבעטער־אָרגאַן:

„מיר שטרענגען זיך אימער אָן און מיר זייען און אַקערן צו געבן ראָמאַנען, וואָס זאָלן זײַן אַנציִענד פאַר דעם פּראָסטן לעזער און צוגלײַך זײַן גוטע און רעאַליסטישע ליטעראַטור. לײַדער זײַנען אַזוינע ראָמאַנען

זייער ווייניק דאָ, און פֿון די, וואָס זײַנען דאָ, זײַנען שוין עטלעכע איבערגעזעצט געוואָרן אין „אָוונט־בלאַט״. איבעריקנס, מיר דרוקן די אַלע ראָמאַנען ניט אום אויסצופֿײַנען זיך מיט זיי, נאָר אום דער איינפֿאַכער לעזער, וואָס גלײַכט זיי, זאָל אויך לעזן די זאַכן, צוליב וועלכע מיר גיבן אַרויס די צײַטונג איבער הויפּט. די הויפּט זאַך איז פֿאַר אונדז די פּראָפּאַגאַנדע פֿון סאָציאַליזם, אַלעס אַנדערעס איז אייגנטלעך נאָך־זאַך״. (2)

אָבער וואָס די צוועקן זאָלן ניט געוועזן זײַן, דער פֿאַקט איז, אַז דאָס וואָס מען האָט איבערגעזעצט און געדרוקט גוטע, ליטעראַרישע ראָמאַנען האָט זיכער געהאַט אַ גוטע ווירקונג סײַ אויפֿן לייענער, סײַ אויפֿן שרײַבער. מיט דער צײַט איז אַנטשטאַנען אַ גרופּע לייענער וואָס האָט זיך שוין געניטיקט אין אַן אָריגינעלער יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור, און ווען אָט די ערשטע שפּראָצונגען האָבן זיך באַוויזן, זײַנען זיי וואַרעם אויפֿגענומען געוואָרן פֿון דעם בעסערן יידישן לייענער־עולם.

די יידישע קינסטלערישע ליטעראַטור אין אַמעריקע איז אויפֿגעקומען אין דער אַרבעטער־פּרעסע, הגם די פּרעסע האָט זיך דירעקט אַזאַ ציל ניט געשטעלט. מען האָט זיך מיט איר באַשעפֿטיקט, ווײַל זי האָט געדינט צוויי צוועקן: זי האָט צוגעצויגן לייענער און זי האָט, אויף אַ קינסטלערישן אופֿן, געפֿירט אַ פּראָפּאַגאַנדע פֿאַרן סאָציאַליזם. די שרײַבערס וואָס האָבן געשאַפֿן די אַמעריקאַניש־יידישע דערציילונג, סקיצע און נאָוועלע זײַנען געווען אַן אָרגאַנישער טייל פֿון דער אַרבעטער־פּרעסע. די בעלעטריסטן פֿון יענער צײַט: יעקבֿ גאָרדין, ב. גאָרין, ז. ליבין, ז. לעווין, לעאָן קאָברין און אב. קאַהאַן זײַנען אַלע געווען מיטאַרבעטער פֿון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, און עטלעכע פֿון זיי זײַנען אַפֿילו געווען די בויער פֿון אָט דער פּרעסע. חוץ די אויסגערעכנטע דערציילערס, סקיצן־שרײַבערס און נאָוועליסטן האָבן פֿיל אַנדערע געפּרוּווט שרײַבן קינסטלערישע זאַכן — און זייערע פּרוּוון האָבן זיי געמאַכט אויף די שפּאַלטן פֿון דער אַרבעטער־פּרעסע. דער איינציקער יידישער סקיצן־שרײַבער וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער בירגערלעכער פּרעסע איז געווען י. זעווין (תּשר״ק). תּשר״ק איז דער איינציקער אויסנאַם, וואָס האָט זיך אין יענע יאָרן אַנטוויקלט אין דער בירגערלעכער פּרעסע.

דער פֿאַקט וואָס אין דעם ערשטן פּעריאָד פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע זײַנען די יידישע שריפֿטשטעלערס געשטאַנען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — דער דאָזיקער קאָנטאַקט האָט דערפֿאַר דעטערמינירט דעם כאַראַקטער פֿון זייער שאַפֿן. עס איז געווען אַ פֿרוכטבאַרע דערשײַנונג און ווירקונג. די שריפֿטשטעלערס זײַנען געוואָרן מיטאַרבעטערס פֿון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע דערפֿאַר, ווײַל עס האָט זיי געצויגן צום אַרבעטער־קלאַס, און זיי האָבן אים טאַקע געוואָלט דינען אויפֿן בעסטן אופֿן ווי זיי האָבן

געקאָנט — מיט דער פּען. די ערשטע ייִדישע קינסטלערס אין אַמעריקע האָבן זיך אָריענטירט הויפּטזאַכלעך אויפן ייִדישן אַרבעטער און אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. זיי האָבן מערסטנס געשעפּט זייער טעמאַטיק פון אַרבעטער־לעבן און זייערע שאַפונגען זײַנען אַלע מאָל געווען דורכגעדרונגען מיט די אידעאַלן פון סאָציאַליזם און רעוואָלוציע. אין פיל דערציילונגען איז קאָנטיק, אַז די סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע איז אַרײַנגעפּאַסט געוואָרן אין דער פאָרעם פון אַ דערציילונג, כדי דער פשוטער לייענער זאָל קאָנען בעסער באַנעמען די אידעען פון סאָציאַליזם. אין דעם דאָזיקן סאָרט דערציילונגען איז דאָ מער פּראָפּאַגאַנדע ווי קונסט, און דער רעזולטאַט איז — שלעכטע דערציילונגען אַפילו פון פּראָפּאַגאַנדיסטישן שטאַנדפּונקט. עס איז דאָרטן אַזוי בולט די טענדענץ, אַז מען פאַרגעסט אָפט מאָל, אַז מען לייענט אַ דערציילונג.

אַזוי באַמבאַסטיש און ניט־איבערצײַגנדיק אַנטוויקלט זיך די שילדערונג, אַז געוויינטלעך איז דאָס אַ געמעל אין צוויי פאַרבן — שוואַרץ און ווײַס. דער אַרבעטער איז אַלע מאָל דער מלאך, און דער „באָס" איז אַלע מאָל דער טײַוול.

אָבער ניט אַלע דערציילונגען וואָס זײַנען פּובליקירט געוואָרן אין יענעם פּעריאָד זײַנען פון דעם איבעראַפּלעכלעכן סאָרט. אין אַנדערע איז די פּראָפּאַגאַנדע אויף אַ נעטן אופן קינסטלעריש אַרײַנגעוועבט געוואָרן אין דעם סיפּור־המעשׂה. עס זײַנען אויך דאָ פיל דערציילונגען, אין וועלכע עס פעלט אַפילו אין גאַנצן דער עלעמענט פון פּראָפּאַגאַנדע; די דאָזיקע דערציילונגען מאָלן פאַרשיידענע פאַזעס פון לעבן — און באַרירן ניט און האָבן אין גאַנצן ניט צו טאָן מיט סאָציאַלע פּראָגעס.

די טעמאַטיק פון די דערציילונגען איז אי אַן אייראָפּעיִשע אי אַן אַמעריקאַ־נישע. די שרײַבערס מאָלן פאַר אונדז בילדער אי פון דער אַלטער היים, אי פון אַמעריקאַנער לעבן. די מערסטע פון זיי זײַנען באַהערשט פון אַ נאָסטאַלגיש געפיל און, מאָלנדיק בילדער פון דער אַלטער היים, שטילן זיי אין זיך די בענק־שאַפט נאָך זייער יוגנט, נאָך זייערע נאָענטע און פאַרלאָזענע היימען. זיי זײַנען נאָך ניט אַקלימאַטיזירט אין אַמעריקע, אָבער מען קאָן ניט זאָגן, אַז זיי פילן זיך ניט אין גאַנצן היימיש אין אַמעריקע. זיי דערנעענטערן זיך אַלץ מער און מער צו דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט, צו דעם אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט און צו דער אַמעריקאַנער סצענע, און זיי גיבן אונדז בילדער און דערציילונגען פון דעם נײַעם, ראַשיקן לעבן דאָ אין לאַנד.

צו קאָנען קינסטלעריש פאַרפיקסירן דאָס אַמעריקאַנער ייִדישע לעבן איז ניט קיין גרינגע אויפגאַבע, באַזונדער אין יענע יאָרן, ווען דאָס לעבן איז נאָך געווען אין פּראָצעס פון פאָרמירן זיך. אַלע טאָג זײַנען געקומען נײַע מענטשן — וואָס האָבן אָנגעהויבן אַלץ פון דאָס נײַ. מיט יעדן טאָג האָט זיך אַלץ אָנגע־הויבן פון בראשית. עס האָבן נאָך פשוט געפעלט דיסטאַנץ און פּערספּעקטיוו.

אָבער ביסלעכווייַז זייַנען די שריפטשטעלערס פון יענע יאָרן בייַגעקומען, מיט פּיאָנירישער עקשנות, די נייַע און שווערע טעמאַטיק. דאָס וואָס די שריפטשטע־לערס זייַנען אין יענע יאָרן געווען ענג פאַרבונדן מיטן לעבן פון די גרויסע יידישע מאַסן, דאָס האָט באַפרוכפּערט זייער אייַנגעבוירענעם טאַלאַנט. יעדער איינער פון זיי האָט זיך דעמאָלט ניט געפילט איזאָלירט, אויסגעוואָרצלט און איבעריק. זיי זייַנען דירעקט אָדער אומדירעקט געווען פאַרבונדן מיט אַן אוידיענץ.

אין דעם נייַ אויפגעקומענעם לעבן האָבן די יידישע שריפטשטעלערס גע־פונען עפּעס אַזוינס וואָס זיי האָבן פריִער קיין מאָל ניט געזען אין דער אַלטער היים — און וועגן וואָס זיי האָבן אַפילו קיין אָנונג ניט געהאַט. אַנשטאָט קליינע שטעטלעך מיט נידעריקע, אייַנגעפאַלענע הייַזלעך, מיט אָפּגעריסענע פאַרחושכטע יידן און יידענעס, — נאָר מיט אַ רייַכער פאַרגאַנגנהייט און מיט אַן אייַנגע־שטעליטער טראַדיציע, — האָבן די שרייַבערס דאָ דערזען יידן וואָס האָבן ביסלעכ־ווייַז אויסגעגליכן די פּלייצעס און אָראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליינשטעטלדיקע מינהגים און פירונגען, וואָס זיי האָבן געירשנט פון די פריִערדיקע דורות. די שרייַבערס האָבן דערזען יידן וואָס האָבן דאָ אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון זייערע פיס, וואָס האָבן זיך געפּרוווט איבערבויען עקאָנאָמיש און גייַסטיק און זיך צו פּאַסן צו דעם נייַעם טעמפּאָ, צו דער באַוועגונג. ווייַל, ווי ס׳איז שוין פריִער אָנגעוויזן געוואָרן, האָט אַמעריקע דעמאָלט דורכגעמאַכט אַ שטורעם־ און דראַנג־פּעריאָד פון בוי און איבערבוי. עס זייַנען דאַן אויפגעקומען נייַע שטעט און נייַע אינדוסטריעס. עס איז אויפגעעפנט געוואָרן דער גרויסער, אומענדלעכער מערב. דאָס גאַנצע לאַנד האָט געפּיבערט מיט אַן איבערפלוס פון דינאַמיק און ענערגיע.

דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם אַנטוויקלט זיך מיט רעש און שטורעם. איבער נאַכט ווערן אויפגעבויט ריזיקע שטעט און פאַבריקן. דער אויסזען פון די שטעט בייַט זיך זייער שנעל. פון אַן אַגראַרלאַנד ווערט דער צפון־אַמערי־קאַנער קאָנטינענט פאַרוואַנדלט אין אַ ריזיקן אינדוסטריעלן צענטער. עס אַנט־שטייט דער אויסגעשפּראָכנסטער טיפּ פון אַן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, עס אַנטוויקלט זיך אַ גרויסע אַרבעטער־באַוועגונג, עס ברעכן אויס ריזיקע שטרייַקן, און אין סאַמע מיטן קאָך פון אָט דעם טומל קומען אָן אַהער אונדזערע יידן פון די קליינע תחום־שטעטלעך. זיי קומען פון לענדער, ווו דאָס לעבן איז געווען אויסערלעך אידיליש, אָבער צוריקגעשטאַנען, און ווו עס האָט נאָך געהערשט אַ מיטלעלטערלעכע עקאָנאָמיק און פאַרעלטערטע באַגריפן. דער ייִד האָט זיך געמוזט איבערבויען אין אַמעריקע, און אַזאַ איבערבראָך איז אים ניט אָנגעקומען לייַכט. ווען אַ היימישער קרעמער האָט געדאַרפט ווערן אַ היטל־מאַכער אָדער אַ שנייַדער און זיך צוגעוווינען צו אַ מאַשין וואָס ווערט געטריבן פון עלעקטרי־ציטעט, איז דאָס אים לייַכט ניט אָנגעקומען. אַפילו אַזאַ אויסערלעכע טראַנס־

פאָרמאַציע האָט געמיינט אַן אינערלעכע איבערקערעניש און פסיכישע ענדערונג אין יענע מענטשן. די טראַנספאָרמאַציע איז געווען שווער און פּײַנלעך.

אָבער דער ייִד וואָס איז דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום, כּדי אָנצוקומען קיין אַמעריקע, האָט געוואָלט אָנהייבן צו פירן דאָ אַ נײַ לעבן און ער האָט גע־שטרעבט צוצופּאַסן זיך דאָ צו די נײַע און אַנדערשדיקע באַדינגונגען.

פאַרן קינסטלער איז דאָס נײַע לעבן דאָ געווען אַן אוצר, אַ „קלאָנדײַק", אַ פאַרכאַפּנדיקער און באַרוישנדיקער שטאָף. אָבער די נײַע טעמאַטיק איז געווען ניט גרינג צו באַנעמען, און נאָך שווערער איז געווען צו שילדערן דאָס נײַע לעבן דאָ, און קינסטלעריש צו פאַרפּיקסירן עס. דער ייִדיש־אַמעריקאַנער קינסטלער האָט אָבער געמאַכט אַן עכטן אָנשטרענג, אַ פּרוּוו צו פאַרשטיין און צו באַנעמען די נײַעווירקלעכקייט, און אין אַ סך פאַלן האָט זיך אים דאָס אײַנגעגעבן. יעדנ־פאַלס, דער פּרוּוו אַליין איז שוין געווען אַ גרויסע דערגרייכונג.

דער ייִדישער אימיגראַנט איז ניט אַרײַנגעדרונגען אין דער שווערער אינ־דוסטריע. ער האָט ניט געאַרבעט אין די גאָר גרויסע פאַבריקן. דער ייִד איז ניט געוואָרן קיין אײַזנבאַן־אַרבעטער, קוילן־גרעבער אָדער שטאָלגיסער. דער ייִד האָט זיך דאָ גענומען צו דער לײַכטער אינדוסטריע. ייִדן זײַנען דער הויפּט געווען באַשעפטיקט בײַ דעם נאָדלפאַך. ייִדישע אַרבעטערס האָבן געאַרבעט אין די שוידערלעכע שוויצפאַבריקן, בײַ די ערגסטע באַדינגונגען, אָן ליכט, אָן זון און אָן לופט. מען האָט אויך געאַרבעט בײַ זיך אין דער היים. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען לאַנג און די שׂכירות צרהדיקע. הונגער און נויט זײַנען געווען אָפטע געסט אין די ייִדישע אַרבעטער־היימען. אָבער ווי שווער ס'איז ניט געווען דאָס לעבן אין דער נײַער היים — האָט געהערשט דער באַוווסטזײַן, אַז מען בלײַבט דאָ. מען האָט געוואָלט בלײַבן דאָ הי און מען האָט זיך געמוזט אַקלי־מאַטיזירן דאָ און זיך אײַנאָרדענען. דער ייִדישער שרײַבער וואָס האָט מיטגע־אַרבעט אין דער אַרבעטער־פּרעסע, דער שרײַבער וואָס האָט זיך פאַרבונדן מיט די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן — האָט געפונען זײַן טעמאַטיק אינעם שווערן לעבן און קאַמף פון די ייִדישע אַרבעטער. די פּיאָניריש־קינסטלערישע ליטעראַטור שילדערט דאָס לעבן פון די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס מיט סימפּאַטיע, פאַרשטענ־דעניש און וואַרעמקייט. איר באַציִונג צום אַרבעטער איז ניט געווען קיין אַרויפּ־געצוווּנגענע, פון דרויסן — נאָר אַן אינערלעכע, אַ נאַטירלעך־אַרויסגעוואַקסענע פון דעם געפיל פון סאָלידאַרישקייט און פון דעם באַוווסטזײַן פון געמיינשאַפט־לעכן גורל.

אמת, די פאַרבינדונג מיט דער פּרעסע האָט געהאַט אויך איר נעגאַטיווע זײַט. טעכניש האָט אַ דערציילונג ניט געטאָרט זײַן צו לאַנג; מען האָט זיך דער־פאַר געמוזט באַגרענעצן, און שרײַבן האָט מען באַדאַרפט פשוט און קלאָר, כּדי דאָס געשריבענע זאָל זײַן פאַרשטענדלעך פאַר די פשוטע אַרבעטערס. דער שרײַ־

בער האָט ניט ווילנדיק אַלע מאָל געמוזט אין זינען האָבן דעם „אינטעלעקטועלן" צושטאַנד פֿון לייענער, און דער פֿאַר האָט ער געשריבן פּשוט און פֿאַרשטענדלעך. דער ייִדישער שרייבער האָט געהאַט דעם באַוווסטזיין, אַז ער שרייבט ניט פֿאַר אינטעליגענטן, פֿאַר געבילדעטע אָדער פֿאַר פֿרויען פֿון דער הויכער געזעלשאַפֿט; זיין שרייבן איז הויפּטזאַכלעך געווען געווידמעט דעם אַרבעטער. און דערפֿאַר איז די ייִדישע דערציילונג פֿון יענער צייט קיין מאָל ניט פֿאַרשפּיצט און קיין מאָל ניט עלעגאַנט און היפּער־ראַפֿינירט — נאָר אַלע מאָל אוממיטלבאַר.

די הויפּט־שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור זיינען געווען רעאַליזם און נאַטוראַליזם. דאָס לעבן איז געשילדערט געוואָרן מיט געדיכטע פֿאַרבן. דער שרייבער האָט געמאָלן אַלץ אויף אַ בולטן אופֿן. עס פֿעלט סובטעלקייט אין דער קורצער דערציילונג פֿון יענער צייט. און אפֿשר האָט דאָס שווערע, גראָע לעבן פֿון יענער צייט גאָרניט געקענט געשילדערט ווערן אַנדערש ווי אויף אַזאַ אופֿן. אויך די ענלעכקייט פֿון די סוזשעטן האָט געפֿירט צו אַ געוויסן שאַבלאָן, פֿון וועלכן עס איז שווער געווען זיך צו באַפֿרייען.

דער ייִדישער שרייבער איז געווען שטאַרק באַאיינפֿלוסט פֿון דער רעאַ־ ליסטישער שול פֿון אייראָפּע. זיין אידעאַל איז דעמאָלט געווען זאָלאַ. די זעל־ ביקע ייִדישע שרייבערס זיינען אויך געווען באַאיינפֿלוסט פֿון די גרויסע רוסישע מייסטערס, וועלכע זיי האָבן אימיטירט. קיין ענלעכע גרויסע מייסטערס זיינען אָבער דעמאָלט ניט אויפֿגעקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. עס איז אויך מערקווערדיק וואָס אין די דערציילונגען פֿון די ערשטע אַמעריקאַניש־ ייִדישע שרייבערס פֿילט זיך אין גאַנצן ניט דער איינפֿלוס פֿון אונדזערע גרויסע ייִדישע קלאַסיקערס פֿון יענער צייט ים. אומזיסט וועט איר זוכן זייער איינפֿלוס אין די ווערק פֿון אַ לעאָן קאָברין. ז. ליבין באַנוצט זיך אַפֿילו יאָ מיט מענדעלע מוכר־ספֿרימס כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק „ניט דאָס בין איך אויסן" — אָבער דאָס איז ביי ליבינען בלויז אַ צופֿעליקע דערשיינונג.

ווי עס ווייזט אויס, זיינען די שרייבערס פּשוט ניט דערצויגן געוואָרן אויף דער ניי אויפֿגעקומענער ייִדישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד. די שרייבערס האָבן געלייענט די רוסישע ליטעראַטור אָדער ליטעראַטורן אין אַנדערע שפּראַכן, קיין ייִדיש האָבן זיי אָבער, ווייזט אויס, ניט געלייענט, — במילא האָט זיי די ייִדישע קלאַסישע ליטעראַטור ניט געקאָנט באַאיינפֿלוסן — און דאָס איז געווען צום שאָדן פֿון דער ניי אויפֿגעקומענער ליטעראַטור דאָ אין לאַנד. לעאָן קאָברין דער־ ציילט, אַז ער האָט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור ניט געהערט ביז מיט יאָרן שפּעטער אין אַמעריקע. וועגן מענדעלע מוכר־ספֿרים און י. ל. פּרצן האָט ער געוווסט בלויז פֿון אַ פּאָר איבערזעצונגען, וואָס ער האָט געלייענט אין דעם רוסיש־ייִדישן זשורנאַל „וואָסכאָד". (3) דאָס זעלביקע קאָן מען זאָגן וועגן יעקבֿ גאָרדינען און וועגן אַב. קאַהאַנען. אָט די מענטשן האָבן צווישן זיך

געדערט רוסיש און זײַנען אין די ערשטע יאָרן אין גאַנצן ניט געווען פֿאַר־אינטערעסירט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָט אב. קאַהאַן אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט דער ייִדישער ליטעראַטור און האָט צוגעצויגן צו דו צײַטונגען, וואָס ער האָט רעדאַקטירט, אַזוינע שרײַבערס ווי י. ל. פּרץ.

מיט קיין אויסערגעוויינטלעך רײַכע אויפֿטוען קאָן זיך די ייִדישע ליטעראַ־טור אין אַמעריקע ביזן אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ניט באַרימען. עס איז אָבער קלאָר, אַז אָן דער פּיאָנירן־אַרבעט, אָן דעם פֿונדאַמענט, וואָס איז געלייגט געוואָרן אין די יאָרן 1870—1900, וואָלטן מיר ניט געהאַט די אַמעריקאַניש־ייִדישע ליטעראַטור, וואָס מיר האָבן הײַנט צו טאָג. מען מוז אָנערקענען, אַז די ערשטע ייִדישע שרײַבערס האָבן געלייגט דעם יסוד פֿאַר דעם שפּעטערדיקן אויפֿקום פֿון דער גרויסער און פֿאַרצווײַגטער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

צווישן די רוסיפֿיצירטע פּיאָנירן־שריפֿטשטעלערס אין אַמעריקע איז ב. גאָרין געווען אָן אויסנאַם. גאָרין האָט אָנגעהויבן צו שאַפֿן אין ייִדיש נאָך אין אייראָפּע. וועגן ב. גאָרינען אַלס קריטיקער האָבן מיר זיך שוין פֿריִער אָפּ־געשטעלט. עס איז אָבער אויך כּדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף זײַנע קינסטלערישע זאַכן, ווײַל גאָרין איז איינער פֿון די בויערס פֿון דער קינסטלערישער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

ב. גאָרין (פּסעוודאָנים פֿון יצחק גוידאָ) איז געבוירן געוואָרן אין לידע, ווילנער קאַנט, אין יאָר 1868. זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אין 1889, ווען ער האָט אַוועקגעשיקט עטלעכע דערציילונגען צו מ. ספּעקטאָרן, וואָס האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן דעם זאַמלבוך „דער הויזפֿרײַנד".

י. ל. פּרץ האָט זיך פֿאַראינטערעסירט מיט ב. גאָרינען און האָט אים אײַנ־געלאָדן מיטצואַרבעטן אין זײַן „ייִדישער ביבליאָטעק". צו יענער צײַט האָט זיך ב. גאָרין באַקאַנט מיט דעם העברעיִשן שריפֿטשטעלער און פֿאַרלעגער בן־אַביגדור און אויף זײַן אײַנלאַדונג האָט ער אָנגעשריבן אין העברעיִש צוויי לעגנ־גערע דערציילונגען: „דער אויפֿגעקלערטער סטאָליער" און „די עגונה". אין ביידע דערציילונגען שילדערט ב. גאָרין דאָס ייִדישע לעבן פֿון יענער צײַט. זײַ־נע דערציילונגען זײַנען רעאַליסטישע. די העלדן זײַנען מענטשן פֿון פֿאָלק, פּשוטע ייִדן און ייִדענעס. זיי רעדן פּשוט, קלאָר, אָט אַזוי ווי פּשוטע ייִדן האָבן גערעדט. גאָרין גיט אונדז בילדער פֿון ייִדישן שטעטל און פֿון די מענטשן וואָס לעבן דאָרט אין דחקות און נויט.

אין זײַן דערציילונג „דער אויפֿגעקלערטער סטאָליער" שילדערט ער אונדז דאָס לעבן פֿון אַ ייִנגל אין אַ קליין שטעטל. דאָס ייִנגל וואַקסט אין אַן אָרעמער משפּחה, ער לערנט זיך פֿריִער אין חדר און שפּעטער אין אַ ישיבֿה, וווּ ער ווײַזט אַרויס גרויסע פֿעיִקייטן אין לערנען. דער פֿאָטער זײַנער, אַ פּשוטער ייִדישער

בעל־מלאָכה, און די מוטער, אַ פּשוטע ייִדענע, זײַנען שטאָלץ אויף זייער זון, וואָס איז אַ בן־תּורה און וועט אַ מאָל, האָפן זיי, זײַן אַ רבֿ און אַ פירער בײַ ייִדן. די עלטערן זײַנען זיך מקריבֿ פֿאַרן זון, כּדי ער זאָל ווערן אַ מושלם אין לערנען.

ווען דאָס ייִנגל ווערט עלטער, פֿאָרט ער אַוועק זיך לערנען אין דער גרויסער שטאָט — אָבער דאָ, אַנשטאָט פֿאַרצווזעצן זײַנע תּלמודישע שטודיעס, ווערט ער גאָר אַרײַנגעצויגן אין דער השׂכּלה־באַוועגונג, פֿאַרנעמט זיך מיט וועלטלעכע פֿראַגעס און שטודירט די מאָדערנע וויסנשאַפֿטן. דער עילוי גרייט זיך אַרײַנצוטרעטן אין אוניווערסיטעט. ער באַגעגנט זיך מיט די ערשטע ייִדישע ראַדיקאַלן און ער ווערט אַליין אויך ראַדיקאַל געשטימט. ער וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך דעם עול פֿון ייִדישקייט, נאָר צוליב געוויסע טעמים טרעט ער ניט אַרײַן אין אוניווערסיטעט, נאָר קומט צוריק אַהיים און ווערט אַ סטאָליער, אַן אויפֿגעקלערטער, אַ געבילדעטער, אָבער פֿאָרט נאָר אַן אַרבעטער. די עלטערן האָבן געפּשוטער אַרבעטער. זייער אַנטוישונג איז דער הויפּטמאָטיוו אין דער דערציילונג.

אין זײַן צווייטער העברעיִשער דערציילונג „די עגונה" שילדערט ב. גאָרין ווי אַזוי אַ ייִדיש ייִנגל, אַ גוטער בעל־מלאָכה, וואָס טרוימט וועגן פֿרײַהייט, וועגן דער גרויסער וועלט, האָט קעגן זײַן ווילן חתונה מיט אַן אָפּגעשטאַנענער, קליינשטעטלדיקער, פֿרומער ייִדישער מיידל. נאָך דער חתונה ווערט ער ווי עס איז אַרײַנגעצויגן אין פֿאַמיליע־לעבן. זיי האָבן שוין קינדער — אָבער גליקלעך איז ער ניט. עס איז שווער פֿאַר אים צו טראָגן דעם עול פֿון פֿאַמיליע־לעבן. לסוף פֿאָרט ער אַוועק קיין אַמעריקע. די ערשטע צײַט שיקט ער נאָך אַ ביסל געלט און שרײַבט אַ מאָל אַ בריוו — אָבער גיך ווערט אים מיאוס דער עסק. ער פֿאַרבינדט זיך מיט אַ יונגער פֿרוי און פֿאַרגעסט זײַן געזעצלעכע פֿרוי מיט די קינדער. זײַן ווײַב ווערט אַן עגונה. (4)

ביידע דערציילונגען זײַנען געשריבן ראַעליסטיש. מיר געפֿינען אין זיי עכטע בילדער פֿון ייִדישן לעבן. דאָ און דאָרטן כאַפּט זיך אַרײַן אַ טאָן פֿון ראָמאַנטיזם — ווען ער שילדערט, למשל, אַ פֿרײַטיק צו נאַכט אין אַ ייִדיש הויז, — אָבער גאָרינס ראַעליזם ווערט באַהערשט פֿון ראָמאַנטיזם. ער האָט זיך שפּעטער באַפֿרײַט פֿון דעם ראָמאַנטישן זשאַנר און האָט אַפֿילו אויף העברעיִש געשריבן ראַעליסטישע דערציילונגען. קיין העברעישער שרײַבער איז אָבער גאָרין ניט געוואָרן, און זײַן פֿלירט מיט העברעיִש האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. עס איז געווען זייער באַטירלעך, אַז ב. גאָרין זאָל פֿאַרלאָזן העברעיִש און זיך פֿאַרבינדן מיט ייִדיש. די העברעיִשע ליטעראַטור, אין יענער צײַט, האָט שוין געהאַט פֿאַרוואָרפֿן דעם השׂכּלה־אידעאַל, זי האָט שוין ניט געפּריידיקט אַפֿילו די מילדע רעפֿאָרמען וואָס די משׂכּילים פֿון די פֿריִערדיקע דורות האָבן געפּריידיקט. די העברעיִשע ליטעראַטור איז געווען דורכגעדרונגען מיט די אייניציקע אידעאַלן

פון חיבת־ציון און ציוניזם. חיבת־ציון איז געוואָרן דער לייטמאָטיוו פון דער גאַנצער העברעישער ליטעראַטור — און אָט די שטרעמונג איז געוואָרן די איינ־ציקע שטרעמונג וואָס האָט פאַרכאַפּט יעדן אייזנציקן העברעישן שריפטשטעלער. אַ שרייבער וואָס האָט זיך ניט פאַראינטערעסירט מיט חיבת־ציון האָט ניט גע־פונען קיין פּלאַץ אין דער העברעישער ליטעראַטור. און אַזאַ רעאַליסטישער שרייבער ווי ב. גאָרין, וואָס איז געווען אויסגעשפּראָכן סאָציאַל, האָט געמוזט געפינען זיין וועג צו דער יידישער ליטעראַטור — וואָס האָט זיך דעמאָלט אַלץ מער און מער אידענטיפיצירט מיטן יידישן אַרבעטער און מיט דער אויפקו־מענדיקער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

ב. גאָרין האָט אין 1893 אין ווילנע געגרינדעט אַ פאַרלאַג און אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ סעריע „קליינע דערציילונגען". חוץ זיינע אייגענע שאַפונגען האָט ער אויך אַרויסגעגעבן עטלעכע דערציילונגען פון י. ל. פּרץ און דוד פּינסקי. צוליב צענזור־שוועריקייטן און אויך צוליב מאַנגל אין געלט איז די אויסגאַבע אָפּגעשטעלט געוואָרן, און ב. גאָרין איז אין 1894 אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

אין דער סעריע „קליינע דערציילונגען" האָט ב. גאָרין פאַרעפנטלעכט זיינע דריי דערציילונגען, צוויי אָריגינעלע און איינע אַ פאַריידישטע באַאַרבעטונג פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. (5)

אין זיין דערציילונג „פון זאַוואָד ביז באָד" שילדערט ב. גאָרין ווי אַ יידי־שער אַרבעטער פאַרלירט זיין האַנט ביי דער אַרבעט. נאָך דעם ווי ער גייט אַרויס פון שפּיטאָל קריגט ער אַ שטעלע אין שטאָטישן באָד, וווּ ער היט די זאַכן פון די יידן וואָס קומען אַהין זיך טובלען. אין דער דערציילונג גיט אונדז גאָרין בילדער פון דעם טרויעריקן לעבן פון יידישן אַרבעטער און פון דער ברו־טאַליטעט פון בעל־הבית, וואָס האָט ניט קיין שום אייזנעניש מיטן אַרבעטער. דעם אַרבעטערס טראַגעדיע גייט אים אין גאַנצן ניט אָן. דער בעל־הבית פילט זיך מיט קיין זאַך ניט פאַרפליכטעט צום אַרבעטער, וואָס האָט פאַרלוירן אַ האַנט, אַרבעטנדיק פאַר אים. ב. גאָרין רייסט אַרונטער אָן רחמנות די מאַסקע פון דעם נייַ אויפגעקומענעם יידישן גביר און עקספּלואַטאַטאָר.

אין דער דערציילונג „דער נייער פּראַצענטניק" שילדערט גאָרין אַ יונג פאַרפאָלק, וואָס האָבן פאַר דער חתונה ראָמאַנסירט, געטרוימט און געלייענט וועגן דעם נייעם לעבן און דער נייער צייט. בילדונג, קולטור, מענטשלעכקייט זיינען געווען זייער אידעאַל. דער בחור האָט אַפילו געטרוימט פון זיין אַ דיכטער און האָט געשריבן העברעישע שירים וועגן ליבע. נאָך דער חתונה לייגט אים זיין שווער פאָר, אַז ער זאָל ווערן אַ וווכערניק. צום ערשטן פּראָטעס־טירט, — ער וויל ניט; אַ דיכטער, אַן אידעאַליסט זאָל גאָר ווערן אַ פּראַצענטניק און זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ מלאכה־בזויה, — אָבער ביסלעכווייז גיט ער זיך אונטער, און מיט דער צייט נעמט ער אָן זיין גורל און הייבט אָן לייען געלט אויף

פּראָצענט. דער זעלביקער געוועזענער משׂכּיל הייבט אָן גיין אין שול און ווערט אַ מיושבֿדיקער יונגערמאַן. אין אָט דער דערציילונג האָט ב. גאָרין שטאַרק אויסגעלאַכט די בעל־הבתּישע קינדער, וואָס טרוימען פֿלומרשט וועגן דער נײַער צײַט און ווערן גאָר וווּכערניקעס. די דערציילונג איז אַ גלענצנדע סאַ־טירע. אין פֿאַרגלײַך מיט גאָרינס העברעיִשע דערציילונגען איז „דער נײַער פּראָצענטניק״ רייפֿער, שטאַרקער און פֿיל קינסטלערישער.

אין זײַן פֿאַרייִדישונג פֿון סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס „דער סאָוועסט איז פֿאַר־פֿאַלן״ דערציילט ב. גאָרין ווי אַזוי פּראָצענטניקעס, שענקערס, שנײַדערס־בעלי־בתּים ווערן פּלוצלונג גוט און ערלעך, ווען דער „סאָוועסט״ (געוויסן) באַזעצט זיך אין זייערע קליידער. דער פּראָצענטניק וויל שענקען זײַנע קליִענטן די חובֿות און די פּראָצענטן, וואָס ער האָט פֿון זיי גענומען. דער שענקער טרײַבט אַרויס אַלע שיכּורים פֿון שענק, און דער שנײַדער וויל אָפּגעבן די געגנבֿעטע מאַטעריאַל. עס איז קלאָר, אַז דער „סאָוועסט״ וועט אומגליקלעך מאַכן די אַלע מענטשן — און אַזוי שנעל ווי זיי דערטאַפּן דעם „סאָוועסט״ אין זייערע זאַכן, וואַרפֿן זיי אים אַרויס. דער „סאָוועסט״ קאָן ניט געפֿינען קיין רו בײַ אָט די מענטשן. ערשט ווען ער באַזעצט זיך בײַ אַן אָרעמען, דערשלאָגענעם טרעגער, געפֿינט דער „סאָוועסט״ זײַן רו.

ב. גאָרין האָט גלענצנד צוגעפּאַסט סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס דערציילונג צו דער ייִדישער סבֿיבֿה. מיט אָט די דערציילונגען און מיט די „זכרונות פֿון חדר״ און „שכנא און שרגא״ צייכנט זיך אויס ב. גאָרינס ליטעראַרישע טעטי־קייט אין אייראָפּע. ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1894, האָט זיך ב. גאָרין באַלד פֿאַרבונדן מיט דער אַרבעטער־פּרעסע, הגם ער האָט אויך מיט־געאַרבעט פֿון צײַט צו צײַט אין בירגערלעכע צײַטונגען און זשורנאַלן. אין 1897 האָט ער, לויטן מוסטער פֿון זײַן ווילנער אויסגאַבע „קליינע דערציילונגען״, גע־גרינדעט „די ייִדישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק״, ווו ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע דערציילונגען. אַ יאָר שפּעטער האָט ער איבערגענומען די רעדאַקציע פֿון דעם ערנצטן זשורנאַל „דער נײַער גײַסט״. ב. גאָרין איז געווען אַקטיוו אין דער ייִדישער ליטעראַטור, פּובליציסטיק און קריטיק ביזן סוף פֿון זײַן לעבן, אין 1925. מיר וועלן דאָ אויסלאָזן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווײַל זי גייט ניט אַרײַן אין די גרענעצן פֿון דער דאָזיקער אַרבעט. מיר וועלן זיך בלויז אָפּשטעלן אויף די דערציילונגען, וואָס ער האָט געשאַפֿן אין אַמעריקע אין די יאָרן 1894—1900.

אין ב. גאָרינס דערציילונגען פֿאַרנעמט די „אַלטע היים״ דעם אויבנאָן. און עס איז נאַטירלעך. גאָרין האָט צו גוט געקאָנט דאָס ייִדישע לעבן אין דער אַלטער וועלט, ער איז צו פֿיל געווען פֿאַרבונדן מיטן אייראָפּעיִשן ייִדישן לעבנס־שטייגער, אַז ער זאָל עס קענען שנעל פֿאַרגעסן. ער קערט זיך דעריבער זייער

אָפּט אום, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל צו שילדערן דאָס לעבן פון די פּשוטע ייִדן און ייִדענעס אין דער אַלטער היים. אויך אין זײַנע אַמעריקאַנישע דערציילונ־גען איז גאָרין צאַרט רעאַליסטיש — ער האָט געשריבן אויפן זעלביקן אופן ווי ער האָט געשריבן אין אייראָפּע, און רעאַליזם איז געווען זײַן באַליבטער זשאַנר. ניט אומזיסט האָט ער איבערגעזעצט אין ייִדיש די רעאַליסטישע מײַסטערווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור. זײַנע קליינע דערציילונגען זײַנען געשריבן דירעקט אונטערן אײַנפלוס פון די אייראָפּעיִשע רעאַליסטישע שרײַבערס.

אין זײַן נאָוועלע „דער זומפּ" (1897—1898) באַשרײַבט גאָרין ווידער דאָס לעבן אין אַ קליין שטעטל אין רוסלאַנד. אָרעמקייט, קראַנקייט, אָפּגעלאָזנקייט — אָט דאָס זײַנען די טעמעס, וואָס גאָרין באַהאַנדלט אין דעם „זומפּ". עס באַקומט זיך אַ שוידערלעך בילד פון דעם גראָען לעבן פון ייִדן אין רוסלאַנד. מיר זעען ווי צוויי ייִנגלעך ווערן ביסלעכווײַז אַרײַנגעצויגן אין זומפּ פון פאַר־ברעכן און גנבֿה. געטריבן פון אָרעמקייט און אומוויסנהייט, ווערן די ייִנגלעך גנבֿים. די שולד איז ניט זייערע — עס איז די שולד פון דער גראָער, אָרעמער סבֿיבֿה. גאָרין ווײַזט דאָס אונדז ניט דורך פּראָפּאַגאַנדע און פּריידיקערײַ, נאָר דורך בילדער וואָס ער מאָלט פאַר אונדז קלאָר, בולט און רעאַליסטיש.

צו דער זעלביקער טעמע קערט זיך גאָרין אום אין זײַן דערציילונג „חיימקע מזיק" (1898). אויך דאָ שילדערט ער ווי אַ ייִנגל פון אַן אָרעם הויז ווערט פאַרווילדעוועט. דער יונג הייבט זיך אָן מישן אין שטאָטישע אָנגעלעגנהייטן, — אַ זאַך וואָס עס געפעלט ניט די ראָשי־קהל, — און דער רעזולטאַט איז, אַז די שיינע ייִדן שיקן אים אַוועק קיין סיביר. גאָרינס רעאַליזם פילט זיך אויך שטאַרק אין דער דערציילונג, און זײַן סאָציאַלע טענדענץ איז דאָ נאָך בולטער. די שיינע בעלי־בתּים זײַנען ניט פאַראינטערעסירט אינעם גורל פון די אָרעמע קינדער, זיי זײַנען ניט פאַראינטערעסירט אין דערציִען זיי, נאָר זיי ווילן ווערן די אונטער־דריקער און פאַרפאָלגער פון די קינדער פון אָרעמקייט.

„ווער מענס קרבן?" (1898) איז איינע פון גאָרינס בעסטע און שטאַרקסטע נאָוועלן. עס איז אַ פּרעכטיקע שילדערונג ווי אַזוי אַ מיידל, אַן אַרבעטערין, ווערט דורך איר בעל־הבית געטריבן צו פּראָסטיטוציע. די טענדענץ איז דאָ אַ קלאָרע, אָבער אַלץ אַנטוויקלט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן אין דער דערציי־לונג. אַלץ איז דאָ בהדרגהדיק, אַזוי אַז מיר גלייבן דעם שרײַבער. אין דער נאָוועלע דערציילט אונדז גאָרין וועגן אַ ייִדישער מיידל וואָס הייבט אָן אַרבעטן אין אַ פאַבריק, כּדי צו זאַמלען געלט אויף נדן. די פאַבריק געפינט זיך אין איינער פון די גרעסטע שטעט פון תּחום אין רוסלאַנד. מיר האָבן דאָ בילדער פון דער פאַבריק און פון די ערשטע ייִדישע פּראָלעטאַריער. גאָרין שילדערט די באַציִונגען צווישן די אַרבעטער און דעם בעל־הבית, און ספּעציעל צווישן אַרבע־טער און אַרבעטער. דאָס מיידל, וואָס הייבט אָן אַרבעטן אויף דער פאַבריק,

קומט אין קאָנטאַקט מיט מענטשן, מיט מענער. עס דערוואַכט אין איר די פרוי און זי הייבט זיך אָן פּוצן און לייענען ראָמאַנען.

דאָס מיידל ווערט שפּעטער פאַרפירט פון איר בעל־הבית און ביסלעכווייז הייבט זי אָן זינקען. זי ווערט אָן אַם ביי פרעמדע פרויען. גאָרין שילדערט ווי גרויזאַם די פרעמדע, רייכע פרויען באַגייען זיך מיט דעם אומגליקלעכן מיידל. ביז זי ווערט אַרויסגעשטויסן פון לעבן — און ווערט אַ גאַסנפרוי.

גאָרין מאָלט מיט פיל סימפּאַטיע די געפאַלענע פרוי. דער שרייבער באַציט זיך ניט צו איר מיט שינאה אָדער פאַראַכטונג; פאַרקערט, ער האָט רחמנות אויף איר און שילדערט אַזוי די געשעענישן, אַז דער לייענער דערפילט, אַז דאָס מיידל איז אַ קרבן פון דער סאָציאַלער אָרדענונג. „וועמענס קרבן?" איז אַ מוס־טער פון אַ נאָוועלע, ווו די טענדענץ סטאַרטשעט ניט אַרויס, נאָר וואַקסט אַרויס פון דער נאָוועלע גופא.

אין דער נאָוועלע „די געשמיסענע" (1897) שילדערט ב. גאָרין ווי מען האָט צוגעכאַפּט ביי אַ פרוי איר קינד פאַר אַ רעקרוט, ווי די פרוי קעמפט קעגן די כאַפּערס, און ווי דער בכבודיקער ייִד, דער ראָש־הקהל, באַפעלט צו שמייסן זי דערפאַר. די פרוי ווידמעט איר גאַנץ לעבן אויסצוגעפינען די פאַרברעכנס פון ראָש־הקהל, כדי אים צו פאַרמסרן פאַר דער מאַכט. זי געפינט טאַקע אויס ניט קיין שיינע זאַכן, וואָס דער ראָש־הקהל האָט אָפּגעטאָן, אָבער זי איז אומ־מעכטיק קעגן אים, ווייל ער קויפט אָפּ די מאַכט מיט געלט. די דערציילונג מאַכט אַן איינדרוק מיט איר דראַמאַטישקייט און מיט דעם אויפריכטיקן דערציילערישן טאָן.

אין „בן־יחיד" (1898) דערציילט אונדז גאָרין וועגן לעבן פון אַ בן־יחיד, וואָס ווערט דערצויגן אונטער דער שטאַרקער השגחה פון זיינע עלטערן. שפּעטער מאַכט מען אים אָבער חתונה מיט אַ מיידל, וואָס ער האָט ניט ליב, און ער פאָרט אַוועק קיין אַמעריקע. ער הייבט דאָ אָן לעבן אַ פרייען לעבן. ער פילט זיך גליקלעך אָן זיין ווייב. ער קאָן זיך אָבער ניט באַפרייען פון די חתונה־קייטן. שפּעטער קומט זיין ווייב צו פאָרן קיין אַמעריקע קעגן זיין ווילן. זי באַרויבט אים פון זיין פרייהייט און צווינגט אים צו ווערן איבער אַנייס אַ פאַמיליע־מענטש. עס קומט אים אָן שווער ווידער איינצולעבן זיך מיט אַ מענטשן, וואָס איז אים אין גאַנצן פרעמד. ער פאַרלירט זיך און, זייענדיק אַ שוואַכער מענטש, — באַגייט ער זעלבסטמאָרד.

ניט אַלע דערציילונגען, וואָס ב. גאָרין האָט געשאַפן אין די יאָרן 1894—1900, זיינען פון איין שניט און פון דער זעלביקער סביבה. גאָרין האָט געפּרוווט געבן בילדער פון דער נייער היים — און גלייכצייטיק האָט ער אויך געשריבן דער־ציילונגען וועגן לעבן אין אייראָפּע. ער האָט אין דער זעלביקער צייט געשריבן וועגן דער אַלטער און נייער היים.

## קאפּיטל פינף

אין די אַמעריקאַנער דערציילונגען שילדערט גאָרין פאַרשיידעמע טיפּן פון דער ייִדישער געטאָ. מיר באַגעגענען אין זײַנע דערציילונגען מיידלעך, וואָס אַרבעטן אין שאַפּ, אַרבעטער, דאָקטוירים, פּעדלערס און פּעדלערקעס. מיר זעען דאָ מענטשן, וואָס זײַנען אין דער היים געווען גאַנצע מיוחסים, און דאָ מוזן זיי ווערן אַרבעטער אָדער פּעדלערס. זיי מוזן זיך איבערברעכן און זיך צופּאַסן צום נײַעם לעבן, און וואָס פאַר אַ שווערער פּראָצעס דאָס איז אָפט מאָל.

גאָרין חוזקט טייל מאָל אין זײַנע דערציילונגען פון יענע מיידלעך, וואָס האָבן אין יענע יאָרן שווער געאַרבעט און האָבן אויסגעהאַלטן בחורים, וועלכע האָבן שטודירט, און ס'האָט זיך זייער אָפט געטראָפן, אַז ווען די בחורים זײַנען, מיט דער הילף פון די מיידלעך, געוואָרן דאָקטוירים, דענטיסטן און אַדוואָקאַטן, האָבן זיי זיך שפּעטער אויסגעלאַכט פון די אַרבעטער־מיידלעך און חתונה געהאַט מיט אַנדערע. ב. גאָרין האָט אין אַלעם געזען און געפילט די אומגערעכטיקייט און די פאַלשקייט פון דער „סיסטעם" און האָט דאָס געשילדערט אין דערציי־לונגען.

ער האָט אָפט געשילדערט געוויסע ראַדיקאַלע יונגעלײַט, וואָס האָבן איבער־געריסן מיט דער פּאַרטיי, מיט דער באַוועגונג און האָבן זיך גענומען צו אַ פּראַ־פעסיע אָדער געשעפט. זיי האָבן פאַרוואָרפן די יוגנט־אידעאַלן און פאַרגעסן אין אַלץ און אין אַלעמען, אין גאַנצן איבערגעבנדיק זיך דעם אידעאַל פון רײַך ווערן. מיט ניט ווייניק פאַראַכטונג שילדערט ב. גאָרין אָט די טיפּן אין זײַן דערציילונג „ביידע גליקלעך" (1897).

גאָרין האָט גוט געקאָנט אַלערליי טיפּן ייִדן אין אַמעריקע. סײַ דעם אַרבע־טער, סײַ דעם סוחר, סײַ דעם דאָקטאָר און סײַ דעם פּעדלער — גאָרין האָט זיי אַלעמען געשילדערט אויף אַן עכטן און ערלעכן שטייגער. זײַנע דערציילונגען, סײַ פון דעם לעבן אין אייראָפּע, סײַ פון דעם נײַעם ייִדישן לעבנס־שטייגער אין אַמעריקע זײַנען עכט, אמתדיק און קינסטלעריש.

מיר האָבן זיך שוין פריִער אָפּגעשטעלט אויף אב. קאַהאַנס פאַרדינסטן אין פאַרבינדונג מיטן ייִדישן זשורנאַליזם. מיר מוזן זיך אָבער דאָ אויך אָפּשטעלן אויף זײַנע בעלעטריסטישע פאַרדינסטן, כאָטש קאַהאַן אַליין האָט זיך ניט אַלע מאָל באַצויגן מיט צו פיל ערנצט צו זײַנע ייִדישע שאַפונגען. קאַהאַן האָט זיכער פאַרמאָגט אַן ערנצטן, אײַנגעבוירענעם דערציילערישן טאַלאַנט, עס האָט אים אָבער געצויגן צו דער גרויסער אַמעריקאַנער וועלט, ווו עס איז געווען אַ גרע־סערע לייענער־אוידיטאָריע און זייער אַ פאַרשפּרייטע פּרעסע. קאַהאַן האָט מער ווי איין מאָל פאַרלאָזט די ייִדישע וועלט און געווען אַקטיוו אויפן פעלד פון ענגלישן זשורנאַליזם. ער האָט באַטראַכט פאַר אַ גרויסער דערגרייכונג זײַנע רעפּאָרטאַזשן פון דער ענגלישער פּרעסע וועגן דעם ייִדישן לעבן אין ניו־יאָרק, און שפּעטער איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון אַן ענגלישער צײַ־

טונג. קאַהאַן האָט גענומען ערנצט זײַן שרײַבן ענגליש. ער האָט זיך ניט צו־פרידנגעשטעלט בלויז מיט רעפּאָרטאַזשן אָדער מיט באַריכטן וועגן שׂרפות און ענלעכע געשעענישן, נאָר האָט אויך אָנגעהויבן שרײַבן ענגלישע בעלעטריסטיק. זײַנע טעמעס האָט ער גענומען פון יידישן לעבן אין ניו־יאָרק, וואָס ער האָט גוט געקאָנט. קאַהאַן איז שוין דעמאָלט געווען אַ גרויסער פאַרערער פון דער רוסי־שער ליטעראַטור און דער הויפּט פון דעם רוסישן רעאַליזם. ער האָט דעריבער אָנגעהויבן שרײַבן אין ענגליש רעאַליסטישע דערציילונגען פון יידישן לעבן אין ניו־יאָרק. זײַן אַרט שילדערן דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע האָט אויסגע־נומען בײַ די אַמעריקאַנער רעדאַקטאָרן. ער האָט געפונען חן אין די אויגן פון אַזאַ וויכטיקן אַמעריקאַנער שרײַבער פון יענער צײַט ווי וויליאַם דיען האָועלס, וואָס איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער און וויכטיקסטער ממונה איבער ליטעראַ־טור אין אַמעריקע. דער ליטעראַרישער דערפאָלג האָט נאָך מער דערמוטיקט קאַהאַנען, און ער האָט געשריבן אַ סך אין ענגליש. אַפילו ווען ער האָט זיך שפּעטער צוריק אומגעקערט צום „פאָרווערטס״ און צום יידישן זשורנאַליזם, האָט קאַהאַן פון צײַט צו צײַט געשריבן אין ענגליש — און מיט יאָרן שפּעטער האָט ער אָנגעשריבן אַ קינסטלערישן ראָמאַן וועגן יידישן לעבן אין אַמעריקע אונטערן נאָמען „דער אויפשטײַג פון דייוויד לייווינסקי״, וואָס ווערט באַטראַכט פאַר אַ פּערמאַנענטן, וויכטיקן בײַטראַג צו דער אַמעריקאַנער נאָוועלע.

צו זײַן יידישער בעלעטריסטיק האָט זיך קאַהאַן ניט באַצויגן מיט צו פיל אחריות. דער אונטערשייד צווישן קאַהאַנס בעלעטריסטיק אין יידיש און זײַן בעלעטריסטיק אין ענגליש איז אַזוי גרויס, אַז עס איז שווער צו גלייבן, אַז דער זעלביקער מענטש האָט געקאָנט אַזוי פאַרשיידנאַרטיק שרײַבן: אין יידיש איז קאַהאַן אַ מגיד, און אין ענגליש — אַ קינסטלער. אין יידיש שרײַבט קאַ־האַן אָפּגעלאָזן, ער מאַכט „פון אַ וואָרט אַ קוואָרט״, ווי ער וואָלט ניט געהאַט צו פיל צוטרוי אין דער קאָמפּעטענץ פון יידישן לייענער אויפצוכאַפּן אַן אָנדײַט, אַ סובטעלן געדאַנק, און דערפאַר וויל ער אים אַלץ פאַרטײַטשן און אויסטײַטשן.

שוין אין זײַנע „דרשות פון אַ פּראָלעטאַרישן מגיד״ (1890) ווײַזט קאַהאַן אַרויס אַן אינטערעס פאַר בעלעטריסטיק. שוין אין יענע דרשות זײַנען פאַראַן וויכטיקע בעלעטריסטישע עלעמענטן, וואָס קאַהאַן האָט ניט אַנטוויקלט אין יידיש ביז שלימות.

די דערציילונג „רפאל נעריצד״ האָט קאַהאַן געשריבן אין 1894. דער צוועק פון דער דערציילונג איז ניט צו שילדערן דאָס לעבן פון אַ יידן, אַ סטאָ־ליער, וואָס קומט קיין אַמעריקע און דאַרף זיך דאָ צופּאַסן צום נײַעם לעבן, — קאַהאַנס צוועק איז געווען צו פּראָפּאַגאַנדירן דעם סאָציאַליזם. ער האָט פריִער אויסגעקליבן עטלעכע פונקטן פון סאָציאַליזם, וואָס ער האָט געוואָלט פּאָפּולאַ־ריזירן, און די דאָזיקע פונקטן האָט ער אַרײַנגעפּאַסט אין דער פאָרעם פון אַ

דערציילונג. אַלס פּראָפּאַגאַנדע איז דאָס געווען עפֿעקטפֿול. אַ פּשוטער יידישער אַרבעטער האָט בעסער און גרינגער געקאָנט פֿאַרשטיין און באַנעמען דעם סאָציאַליזם דורך „רפֿאל נעריצך“, ווי דורך טרוקענע, וויסנשאַפֿטלעכע בראָשורעס. דערפֿאַר איז טאַקע די דערציילונג געווען זייער פּאָפּולער צווישן די יידישע אַרבעטער סיי אין אַמעריקע, סיי אין אייראָפּע.

אין „רפֿאל נעריצך“ דערציילט קאָהאַן וועגן אַ פּשוטן ייִדן, אַ סטאָליער. אין דער היים איז ער געווען אַ גוטער בעל־מלאכה און האָט ניט שלעכט פֿאַר־דינט. ער איז געווען אַ פֿריילעכער סטאָליער און אַ בעל־הבית פֿאַר זיך, און דאָ אין אַמעריקע מוז ער ווערן אַן אַרבעטער ביי יענעם. אַלץ איז פֿאַר אים ניי, אַנדערש, און ער נעמט אויף אַלץ ווי אַ בייז ווונדער. רפֿאלס פֿרוי האָט פֿיינט אַמעריקע, ווייל איר מאַן, וואָס איז אין דער היים געווען אַ גאַנצער תּקיף, דאַרף דאָ גאָר אַרבעטן ביי יענעם. ער איז אַ גאַנצן טאָג ניטאָ אין דער היים, און עס איז איר אומעטיק, זי פֿילט זיך איינזאַם.

ביים אָנהייב פֿילט זיך אויך רפֿאל דאָ זייער אומגליקלעך. ער קאָן ניט זינגען ביי דער אַרבעט, און דער בעל־הבית שרייט אויף אים ווי אויף אַ ייִנגל. דער בעל־הבית באַגריסט זיך ניט מיט די אַרבעטער און האַלט זיך פֿון דער ווייטנס פֿון זיי. די אַרבעט איז לאַנגווייליק, מאָנאָטאָן. זי ווערט איינגעטיילט אין סעקציע־אַרבעט, און רפֿאל טוט אַלע מאָל דאָס זעלביקע. ער טאָר זיך אויף קיין רגע ניט פֿאַרטראַכטן. ער איז ווי אַ שרייפֿל אין דער מאַשין. ער פֿאַרלירט ביסלעכווייז די רויטקייט פֿון די באַקן, ווערט בלאַס. דאָך הייבט ער אָן צו באַגרייפֿן די וויכטיקייט פֿון מאַשינען, און אַז אַ מענטש קאָן מיט די מאַשינען ניט קאָנקורירן. ער הייבט אָן צו פֿאַרשטיין ווי בייטיק עס איז די צעטיילונג פֿון אַרבעט. צום ערשטן קוקט רפֿאל אויף די מאַשינען ווי אויף פֿיינט ,וואָס מען מוז פֿאַרניכטן, אָבער שפּעטער באַגרייפֿט ער, אַז ניט די פֿאַבריקן און די מאַשינען זיינען שולדיק אין דער אָרעמ־קייט פֿון מענטשן, און ער הייבט אָן זוכן די אמתע סיבה פֿון דער עקסיסטירנ־דיקער בויט און דחקות.

רפֿאל זעט ווי איין פֿאַבריקאַנט שלינגט איין אַ צווייטן, ווי דער גרויסער פֿאַרניכטעט דעם קלענערן קאָנקורענט. ער זעט ווי אַ דאַנק די דערפֿינדונגען פֿאַרלירן אַ סך אַרבעטער זייער חיונה, ווייל אויף איין אָרט קאָן די זעלביקע אַרבעט געטאָן ווערן פֿון ווינציקער מענטשן. רפֿאל דערטראַכט זיך, אַז די מאַשינען וואָס דאַרפֿן מאַכן דאָס לעבן גרינגער, פֿאַרשווערן נאָך מער די עקסיס־טענץ פֿון מענטשן. אַרבעטער בויען שיינע הייזער און אַליין וווינען זיי אין שוידערלעכע „טענעמענטס“.

די וועלט דערשיינט אים ווי אַ תּפֿיסה. אָבער אויב מענטשן האָבן אויס־געטראַכט מאַשינען, פֿאַר וואָס זאָלן זיי אויך ניט קאָנען צוטראַכטן אַן אָרדענונג

וואָס זאָל האַרמאָנירן און דינען דעם ווילזיין פֿון מענטשן? פֿאַר וואָס ניט איבער־מאַכן די וועלט, אַז אַלעמען זאָל זײַן גוט? אויב די וואַסער־לייטונג, די בריקן, די פּאָסט געהערן צום כּלל און אַלץ אַרבעט ווי געהעריק, פֿאַר וואָס זאָלן אויך די פֿאַבריקן און די מאַשינען ניט געהערן צום כּלל? רפֿאל קומט צו אַ סאָציאַ־ליסטישן מיטינג און דאָרט הייבט ער אָן, אויף אַ פּרימיטיוון אופֿן, צו אַנטוויקלען זײַנע אידעען. נאָך רפֿאלס רעדע קומט פֿאַר אַ דעבאַטע און דער הויפּט־לעקטאָר פֿאַרענטפֿערט פּראַגעס. און אויף דעם פּאָפּולערן אופֿן ברענגט קאַהאַן אַרויס די גרונט־אידעען פֿון סאָציאַליזם. דער גאַנצער קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט ווערט איבערגעגעבן אויף אַ לײַכטן בעלעטריסטישן אופֿן.

שפּעטער קומט רפֿאל אין קאָפּע, ווו די ראַדיקאַלן פֿאַרזאַמלען זיך. קאַהאַן אַנטוויקלט צווישן רפֿאלן און אַ „גענאָסע" אַ געשפּרעך וועגן רעליגיע — און דער לעצטער קלערט רפֿאלן אויף וועגן דעם אויפֿקום פֿון רעליגיע און וועגן דער שעדלעכער ראָלע וואָס די רעליגיע האָט געשפּילט אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט. רפֿאל באַפֿרײַט זיך ביסלעכווײַז פֿון רעליגיע און פֿילט זיך פֿרײַ און גליקלעך.

אָבער מיט דעם האָט נאָך קאַהאַן ניט פֿאַרענדיקט. ער מוז אויך באַרירן די פּראָבלעם פֿון ליבע, חתונה און פּראָסטיטוציע. רפֿאלס אַ פֿרײַנט פֿאַרטרויט אים וועגן זײַן טראַגישן פֿאַמיליע־לעבן און פֿון דעם געשפּרעך וואַקסט אַרויס דער סאָציאַליסטישער שטאַנדפּונקט און בליק אויף אָט די אַלע פּראָבלעמען.

ווי מיר זעען, האָט דאָ קאַהאַן אַנטוויקלט אויף אַ פּאָפּולערן אופֿן די אידעען פֿון סאָציאַליזם. ער האָט די געדאַנקען אָנגעקליידט אין דער פֿאָרעם פֿון אַ דער־ציילונג, אָבער קיין קינסטלערישע שאַפֿונג איז דאָס ניט, ווײַל די דערציילונג איז פֿאַרויס צוגעשניטן געוואָרן צוליב דער סאָציאַליסטישער טענדענץ.

„די נשמה יתירה" (1900) איז אַ גרעסערע זאַך, וואָס באַשטייט פֿון אַ געמיש פֿון בעלעטריסטיק, מוסר־זאָגערײַ, קריטיק און סאַטירע. אין דער „נשמה יתירה" ווי אין זײַן „רפֿאל נעריצקי" זײַנען די טיפּן, וואָס קאַהאַן שילדערט, ניט קיין לעבעדיקע טיפּן, נאָר קאַהאַנס פּערזאָניפֿיצירונג פֿון די סאָציאַליסטישע אידעען.

קאַהאַן קריטיקירט אין דער „נשמה יתירה" סאָציאַליסטן, וואָס זײַנען פֿאַ־נאַטיש אין זייער סאָציאַליזם, ווי זייערע זיידעס זײַנען געווען פֿאַנאַטיש אין זייער רעליגיעזן גלויבן. ער קריטיקירט די ניט־שיינע געוווינהייטן און מינהגים פֿון דעם ייִדישן אַרבעטער. ער שילדערט דעם קאַמף צווישן די אָנהענגער און קעגענער פֿון דעניעל דע לעאָן, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין די נײַנציקער יאָרן. קאַהאַן איז ווײַט פֿון זײַן אָביעקטיוו אין זײַנע שילדערונגען אין דעם ביטערן קאַמף, וואָס איז דעמאָלט פֿאָרגעקומען. ער דעקט אָבער אויף אינטערעסאַנטע ווינקלען פֿונעם לעבן פֿון די אַקטיווע סאָציאַליסטן. ער דערציילט, אַז די מערסטע סאָציאַליסטן זײַנען

## קאַפּיטל פֿינף

אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג צוליב דעם אינטערעס אין קהלישע אָנגעלעגנהייטן — ווי אַזוי די סאָציאַליסטן וואָס ווערן רײַך פֿאַרלאָזן באַלד די באַוועגונג, און די וואָס האָבן געמאַכט קאַריערעס אַלס דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן אָדער דענטיסטן בײַטן אויס זייער אידעאַל אויף קאָרטנשפּיל און אויף דעם פּוסטן, צופֿרידענעם לעבן פֿון דער בורזשואַזיע.

קאַהאַן דעקט אויף ניט נאָר צעפּוילטקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג; נאָר ער ווענדט זיך אויך צו דער שול און צום רעליגיעזן לעבן פֿון די ייִדישע מאַסן אין אַמעריקע, ווײַל ער געפֿינט אויך דאָרטן ביליקייט, שווינדל און קאָרופּציע. קאַהאַן פֿאַלט דאָ אַרײַן אין דער ראָלע פֿון אַ פּראָפּאַגאַנדיסט און נעמט שילדערן די גרויסקייט און הערלעכקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק. דאָס ייִדישע פֿאָלק ווערט אונטערדריקט, פֿאַרפֿאָלגט, — אָבער ניט דעם פֿאָלקס נשמה יתירה, וואָס זעצט פֿאָר איר קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט.

„די נשמה יתירה" דעקט אויף געוויסע שוואַכקייטן אינעם ייִדישן לעבן אין ניו־יאָרק, אָבער די זאַך לײַדט מערסטנס דערפֿון וואָס זי איז ניט קיין בעלע־טריסטיק און ניט קיין פּובליציסטיק. ס'פֿעלט דאָ די קינסטלערישע פֿאָרעם. קאַ־האַן האָט אַחוץ דעם אויך געשריבן אַנדערע דידאַקטישע דערציילונגען. ער האָט אויך איבערגעזעצט עטלעכע ענגלישע דערציילונגען אויף ייִדיש, — אָבער די איבערזעצונגען גייען ניט אַרײַן אין די ראַמען פֿון דער דאָזיקער אַרבעט. און דאָס אַלץ איז אין קורצן קאַהאַנס בײַטראַג צו דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע אין יענע יאָרן.

איינער פֿון די טאַלאַנטפֿולע רעאַליסטישע שרײַבערס, וואָס האָט אָנגע־הויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אין די 90ער יאָרן, איז געווען ז. לעווין (1877—1935). זײַנע ערשטע דערציילונגען האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער אַרבעטער־פּרעסע. ז. לעווין האָט ניט געשריבן קיין סך, אָבער זײַנע דערציי־לונגען זײַנען פֿול מיט בילדער פֿון ייִדישן לעבן. ער האָט געזען און געפֿילט דאָס שווערע לעבן פֿון די ייִדישע מאַסן, און דאָס האָט געפֿונען אַן אָפּקלאַנג אין זײַן שאַפֿן. אין זײַנע ערשטע דערציילונגען פֿילט זיך ליריזם און ראָמאַנטיזם. זייער אָפֿט פֿאַרגייט זיך ז. לעווין אין אַ נשמה־אויסגוס אין זײַנע ערשטע דער־ציילונגען.

אָבער וואָס מער ז. לעווין האָט געשריבן, אַלץ רייפֿער, רעאַליסטישער איז ער געוואָרן. אין זײַן דערציילונג „פֿאַפּירענע קינדער" (1898) גיט ער איבער די געפֿילן פֿון אַ מוטער, וועמענס צוויי קינדער זײַנען אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמע־ריקע. זי האָט געאַרבעט שווער, זיך געמאַטערט, פֿון אַלץ זיך אָפּגעזאָגט, כּדי זיי זאָל חס־וחלילה גאָרניט ניט פֿעלן. ווען זיי זײַנען אויסגעוואַקסן — זײַנען זיי אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. די מוטער בענקט נאָך אירע זין און איז שטאַרק מקנא יענע ייִדן, וואָס האָבן זייערע קינדער לעבן זיך, און וואָס האָבן

פֿון זיי נחת. עס פּאַדריסט איר וואָס אירע זין וועלן דאָרט ווערן „גוים" און וועלן דערציִען אַ פֿרעמדן דור. זי טרייסט זיך מיט איר טאָכטער, וואָס איז געבליבן מיט איר, און אַז איר איידעם וועט נאָך איר זאָגן קדיש. זי בענקט אָבער פֿאָרט נאָך אירע קינדער. און איין מאָל שבת פֿאַר נאַכט, זיצנדיק לעבן פֿענצטער און צוקוקנדיק ווי עס שפּאַצירן אַרום עלטערן מיט זייערע קינדער, ווערט זי אַנטדרימלט און עס חלומט זיך איר, ווי אירע צוויי קינדער קערן זיך אום אַהיים. זיי זײַנען געוואָרן רײַך אין פֿרעמדן לאַנד — און זײַנען געקומען אַהיים לעבן ווי פֿרומע ייִדן. עס קומט אַרײַן דער פּרויס איידעם פֿון שול און וועקט זי אויף מיט אַ „גוט וואָך". דער זיסער חלום פֿאַרשווינדט און עס רוקט זיך אָן די אומעטיקע, גראָע ווירקלעכקייט.

עס איז אַ שטאַרקע דערציילונג, פֿול מיט פֿײַנער שילדערונג און מיט שטילער, סובטעלער שטימונג. ז. לעווין האָט געשאַפֿן אויך אַנדערע פֿײַנע דער־ציילונגען. ער פֿאַרנעמט אַ באַשיידן אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. זײַן ליטעראַרישער בײַטראָג האָט אין די נײַנציקער יאָרן פֿון לעצטן יאָרהונדערט געהאָלפֿן לייגן דעם פֿונדאַמענט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

יעקבֿ גאָרדין (1853—1909) איז הויפּטזאַכלעך באַקאַנט אַלס אַ דראַמאַטורג. אין זײַן צײַט האָט ער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פֿון ייִדישן טעאַטער. סײַ מיט זײַנע צענדלינגער פּיעסעס וואָס ער האָט אַדאַפּטירט פֿון פֿרעמדע שפּראַכן, און סײַ מיט זײַנע אָריגינעלע ייִדישע דראַמעס האָט ער אַרײַנגע־בראַכט אַ נײַעם גײַסט אין דעם אַמעריקאַניש־ייִדישן טעאַטער. זײַנע דראַמעס זײַנען אויך געשפּילט געוואָרן אין די ייִדישע טעאַטערס אין אייראָפּע, און אויך דאָרטן האָבן זיי אַרײַנגעבראַכט אַ פֿרישן שטראָם.

אָבער אַחוץ דראַמעס האָט יעקבֿ גאָרדין אויך געשריבן דערציילונגען און סקיצן, און אויף דעם אָפּשניט פֿון זײַן אַרבעט וועלן מיר זיך איצט דאָ אָפּשטעלן.

נאָך זײַענדיק אין אייראָפּע, האָט שוין גאָרדין געהאַט אָפּגעדרוקט פֿעליע־טאָנען און דערציילונגען אין רוסיש. אין רוסלאַנד האָט גאָרדין דורכגעמאַכט אַ קאָלירפֿולע קאַריערע ווי אַן אַרבעטער־שרײַבער און גרינדער פֿון אַ „ביבלישער ברודערשאַפֿט" און אָרגאַניזאַטאָר אין אַן אַגריקולטורעלער קאָלאָניע. ערשט ווען פֿון אַלע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך גאָרניט נית אויסגעלאָזט, איז ער געקומען קיין אַמעריקע מיטן צוועק צו גרינדן אין נײַעם לאַנד אַ קאָמוניסטישע קאָלאָניע. אָבער אַנשטאָט אַ קאָלאָניסט איז גאָר גאָרדין דאָ געוואָרן אַ ייִדישער שרײַבער און דראַמאַטורג.

גאָרדין האָט פֿאַרמאָגט מער טעכניק און קולטור ווי אײַנגעבוירענעם טאַ־לאַנט. ער האָט גוט געקאָנט די מלאָכה פֿון שרײַבן, און דאָס האָט אַ סך בײַגע־טראָגן צו זײַן דערפֿאָלג ווי אַ דראַמאַטורג און שרײַבער. יעקבֿ גאָרדין האָט

זיך אין אַמעריקע ניט אַקלימאַטיזירט, הגם ער האָט אונדז געגעבן אַנצאָליקע בילדער פֿון ייִדישן לעבן אין אַמעריקע. גאָרדין איז ניט געווען באַאײַנפֿלוסט פֿון דער אַמעריקאַנישער סבֿיבֿה, און אין זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט איז ער געשטאַנען אין גאַנצן אונטער דער השפּעה פֿון אייראָפּעיִשע שרײַבערס.

גאָרדין האָט ניט געהאַט קיין צו ערנצטע באַציִונג צו ייִדיש און צו דער ייִדישער ליטעראַטור. ערשט אין די שפּעטערע יאָרן האָט ער זיך גענומען באַציִען אַ ביסל ערנצטער צו ייִדיש און צו דער ייִדישער ליטעראַטור, און גענומען מערער גלייבן אין איר צוקונפֿט. (6) אָבער טראָץ דעם אַלעמען האָט זיך גאָרדין באַצויגן, אַפֿילו אין די ערשטע וואָכן פֿון זײַן שאַפֿן, ערנצט צו זײַן אייגענער אַרבעט. גאָרדין האָט ניט געגלייבט אין דער טעאָריע פֿון ריינער קונסט; ער איז געווען בײַ דער מיינונג, אַז קונסט מוז עפּעס לערנען און ער האָט זײַנע לייענער געוואָלט דערציִען, זיי לערנען און באַלערנען, און זיי מאַכן געבילדעטער און פֿרײַער. (7)

יעקבֿ גאָרדין איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע סוף יולי 1891, און דרײַ וואָכן שפּעטער, דעם 21טן אויגוסט 1891 האָט ער אָפּגעדרוקט זײַן ערשטע זאַך אין דער „אַרבעטער־צײַטונג״. (8) גאָרדינס ערשטע זאַך איז געווען אַ רעפּאָרטאַזש — וועגן דעם פּאָגראָם אויף ייִדן אין יעליסאַוועטגראַד. אַ וואָך שפּעטער איז אין דעם זעלביקן אָרגאַן פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן גאָרדינס ערשטע דערציילונג „די אַבלאַווע״. אין דער דערציילונג שילדערט גאָרדין ווי צו אַ ייִדן אין קיִעוו איז געקומען צו פֿאָרן זײַן פֿאָטער מיט זײַנער אַ שוועסטער, כּדי צו היילן אירע קראַנקע אויגן. ביידע פֿאַרמאָגן ניט קיין פּאַספּאָרטן און שרעקן זיך פֿאַר דער פּאָליציי. זייער מורא איז געווען באַגרינדעט, ווײַל גאָר אין גיכן איז געקומען פּאָליציי און דאָרט געמאַכט אַ רעוויזיע. דעם אַלטן פֿאָטער באַהאַלט מען אין אַלמער און די טאָכטער אין אַ גרויסן קישן. מען באַהאַלט זי טאַקע אויס פֿון דער פּאָליציי — אָבער ווען מען דעקט זי אָפּ שפּעטער געפֿינט מען זי אַ דערשטיקטע. די דערציילונג האָט באַלד געמאַכט אַ גרויסן רושם צווישן די אַמעריקאַניש־ייִדישע לייענערס, וואָס האָבן אַזוי געהאַסט דעם צאַריזם מיט זײַנע ווילדע פּאָגראָמען אויף ייִדן.

אין גיכן (דעם 11טן סעפּטעמבער) האָט גאָרדין פֿאַרעפֿנטלעכט אַ צווייטע דערציילונג אונטערן נאָמען „פּאַנטעלע פּאַלג פֿאַר דעם בית־דין של מעלה״. פּאַנטעלע איז געווען אַ פּשוטער ייִד, אַ שנײַדער, אַ שווערער אַרבעטער, און האָט ניט האָט ניט אָפּגעהיט אַלע מיצוות. ווען ער איז געשטאָרבן און איז אָנגעקומען פֿאַר די הימלישע ריכטערס, האָט ער געציטערט, מען זאָל אים ניט פֿאַרשיקן אין גיהנום, ווײַל ער איז געווען אַ פּראָסטער אַרבעטער אַלע זײַנע יאָרן. מען שיקט אים אָבער אָפּ אין גן־עדן, און דאָרט נעמט אים אויף אַ הימלישער כאָר, וואָס זינגט דאָס דאָזיקע ליד:

## די קינסטלערישע פּראָזע

אָ, מענטשן! אָ, ברידער! ערוועקט אײַער האַרץ,
לאָז ניט זײַן מער קיין צרות, ניט זײַן מער קיין שמאַרץ!
נאָר אַהבֿה, נאָר ליבע איז דער איינציקער גאָט:
נאָר אַהבֿה, נאָר ליבע איז זײַן איינציק געבאָט.

אַז עס וועט הערשן די ליבע, וועט הערשן דאָס פֿרייד,
וועט ניט זײַן קיין שום חילוק פֿון אַ קריסט ביז אַ ייִד,
וועלן אַלע זײַן ברידער, אַלע זײַן גלײַך,
אַלע נאָר גליקלעך, אַלע נאָר רײַך.

ס׳וועט ניט זײַן מער קיין קייטן, קיין שווערד,
אײַער גן־עדן וועט זײַן דאָרט אויף דער ערד!
ביטערע טרערן וועלן מער זיך ניט גיסן,
פֿון צרות, פֿון לײַד וועט קיינער ניט וויסן.

אָ, מענטשן! אָ, ברידער! ערוועקט אײַער האַרץ,
לאָז ניט זײַן מער קיין צרות, קיין שמאַרץ!
אמת און ליבע איז דער ענין פֿון גאָט,
נאָר אַחדות און ליבע איז זײַן געטלעך געבאָט.

**יעקבֿ גאָרדינס קינסטלערישער אני־מאמין איז אויסגעדריקט אין אָט די פּאָעטיש־אומבאַהאָלפֿענע פֿערזן, אָבער דער סוזשעט פֿון דער דערציילונג איז שטאַרק ענלעך צו י. ל. פּרצס „באָנטשע שווײַג״.**

**גאָרדין שילדערט שפּעטער דאָס ייִדישע לעבן אין אַמעריקע און אין אייראָפּע. הגם ער איז געווען רוסיפֿיצירט און האָט זיך אַליין באַטראַכט ווי אַ רוסישער ליטעראַט, איז אָבער גאָרדין געווען אײַנגעוואָרצלט אין ייִדישן לעבן און האָט עס גוט געקאָנט. גאָרדין באַציט זיך מיט סימפּאַטיע צום ייִדישן העראָיזם און צום קאַמף פֿון די ייִדישע מאַסן פֿאַר פֿרײַהייט און קולטור. אין אײנער פֿון זײַנע ערשטע דערציילונגען, „יאַנקעלעס חלום״ (9) (אַ חנוכה־דערציילונג פֿאַר ייִדישע קינדער), גיט ער אונדז פֿאָלגנדיקע שילדערונג:**

„אויף דיזן אָקעאַן פֿון שניי זײַנען געוואָרן צעוואָרפֿן אַזוי ווי שוואַרצע אינדזעלען קליינע שטעטלעך און דערפֿער, קליינע אָרעמע שטיבלעך זײַנען פֿאַרזונקען אין ווײַסן שניי־זאַמד. און אין פֿילע פֿון דיזע הײַזלעך האָבן געבלישטשעט קליינע ברענענדע חנוכּה־ליכטלעך. און דער גרויסער גײַסט פֿון ייִדישן פֿאָלק האָט אַ זיפֿץ געטאָן און געזאָגט: „איר זעט דאָס לאַנד, איר מיינט, דאָרטן איז פֿינצטער? ניין! דאָרטן אין די אָרעמע קליינע הײַזלעך ברענט נאָך די אמתע ליכט... דאָס ליכט פֿון

באַגײַסטערונג פֿאַר גרויסע אידעען, דאָס פֿײַער פֿון קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט איז קיין מאָל בײַ מײַן פֿאָלק ניט אויסגעלאָשן געוואָרן... דאָס פֿײַערל ברענט איצט טונקל, ווײַל עס איז פֿאַרשטיקט אין די ווילדע שנײַ־סטעפּעס פֿון אָרמוט, אומגליק, נויט, ערנידערונג.

„עס וועט אָבער באַלד קומען אַ צײַט, ווען דאָס קליינע טונקעלע ליכ־טעלע וועט ווידער ברענען מיט דער זעלביקער מאַכט און שײַן, ווי עס האָט געברענט ווען עס האָט באַגײַסטערט דיך, יהודה המכבי: מיט דײַנע ברידער צו קעמפֿן פֿאַר פֿרײַהייט און פֿאַרן גליק פֿון דײַנע ברידער!"

ווען מען לייענט אַזוינע דערציילונגען גאָרינס ווי „דער מעור", „וואָס זינגט דער ייִד" אָדער „משיח גייט", פֿילט מען ווי גאָרדין בענקט אַהיים, בענקט נאָכן אַלטן ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד. נאָר מאָדנע איז דאָס, וואָס אין רוסלאַנד האָט גאָרדין אין איין צײַט געגרינדעט אַ געזעלשאַפֿט וואָס האָט געזאָלט אָפּשאַפֿן אַלע ייִדישע מינהגים און דעם גאַנצן ייִדישן ריטואַל, אָבער זײַענדיק אין אַמעריקע, שילדערט ער אין זייער אַ ראָמאַנטישן טאָן דאָס ייִדישע לעבן, די שול און ייִדישע טרוימען. גאָרדין צעגיסט זיך אָפֿט מאָל אין אַ לירישן טאָן וועגן כל־נדרי און וועגן ייִדישע תּפֿילות.

גאָרדין שרײַבט אַ סעריע קינדער־דערציילונגען „פֿון דער קינדער־וועלט", (11) וואָס זײַנען פֿול מיט סימפּאַטיע און פֿאַרשטענדעניש פֿאַרן לעבן פֿון קינדער. אַ ספּעציעל וואַרעמע באַציִונג האָט גאָרדין צו די לײַדן פֿון די אָרעמע, שוואַכע און בלאַסע אַרבעטער־קינדער. גאָרדין באַציט זיך מיט רחמנות צו די בעלי־חי און אין זײַן דערציילונג „אַ יאַמאַ", וואָס ער ווידמעט מאָריס ווינטשעווסקין, (12) שילדערט גאָרדין דאָס לעבן פֿון אַ הינטעלע און ווי די קינדער האָבן שטאַרק ליב דאָס הינטל. די מוטער אָבער טרײַבט אַרויס פֿון הויז דאָס הינטל, ווי דאָס הינטל הונגערט און פֿרירט און גייט אויס אין איינעם מיט אַ היימלאָזן מענטשן אויף די טרעפּ פֿון אַ מאָנומענט. עס איז אַ פּאַטעטישע שילדערונג, וואָס לאָזט איבער אַ שטאַרקן רושם.

אַ גרויס אָרט אין יעקבֿ גאָרדינס דערציילונגען פֿאַרנעמט אַמעריקע און דאָס אַמעריקאַניש־ייִדישע לעבן. אין זײַן דערציילונג „דער ים ברענט" (13) שילדערט ער ווי אַ יונגער בחור, אַ טרוימער, קומט אָן קיין אַמעריקע. מען שיקט אים אַהער, כּדי ער זאָל זיך אויסמענטשלען, אָבער ער קאָן זיך דאָ ניט צופּאַסן, און ער גייט אַראָפּ פֿון זינען. אין „די שטוב מיטן נומער 279" דערציילט גאָר־דין וועגן אַ בחור וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. קיינער באַ־געגנט אים ניט בײַם האַפֿן. ער איז איינזאַם. ער קומט צו זײַנעם אַ ווײַטן קרובֿ, און יענער נעמט אים אויף זייער קאַלט. גאָרדין שילדערט דערבײַ דאָס שווערע לעבן אין אָט דעם הויז נומער 279. מיר פֿילן דעם טומל און די ענג־שאַפֿט. אין דער ענגער דירה וווינט דעם נײַ אָנגעקומענעמס קרובֿ און זײַנע

קוואַרטיראַנטן. מען שרײַט, מען טומלט און מען קאָכט זיך. דער נײַ אָנגעקו־
מענער פֿילט זיך עלנט און פֿאַרלאָרן.

די ייִדישע אימיגראַנטן וואָס האָבן נאָך געטראָגן די היימישע קליידער און
האָבן ניט געוואָלט אָפּשערן די בערד, זײַנען אויסגעשטאָנען געברענטע צרות
פֿון די ניו־יאָרקער ווײַסע־חבֿרהניקעס, ייִדישע ווי ניט־ייִדישע. אויך מיט דעם
לעבן פֿון די פֿאַרעקשנטע, פֿרומע ייִדן האָט זיך גאָרדין פֿאַראינטערעסירט, און
ער קערט זיך אום עטלעכע מאָל צו די טעמעס. אין דער דערציילונג „לאַכט
נאָך" שילדערט גאָרדין ווי אַן אָרעמער פּעדלער פֿאָרט אַהיים נאָך אַ טאָג פֿון
שווערער מי. זײַנע האָפֿענונגען צו לייזן געלט זײַנען ניט דערפֿילט געוואָרן,
ער פֿאָרט אַהיים מיט זײַן פּאַק סחורה. אָבער די אָרומיקע לאַכן און חוזקן פֿון
אים. גאָרדין פֿלעגט אָפֿט מאָל אַריבערכאַפּן די מאָס מיט זײַן מיטגעפֿיל צום
אָרעמען און צום אַרבעטער. אָפֿט מאָל אידעאַליזירט ער אַזוי זײַנע אַרבעטער־
העלדן, אַז זיי הערן אויף צו האַנדלען ווי לעבעדיקע מענטשן און זײַנען מער ענ־
לעך צו מלאכים ווי צו מענטשן.

גאָרדין קערט זיך אום נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל צו שילדערן דאָס שווערע
לעבן פֿון די וואָס אַרבעטן אין שאַפּ. אין „אַן אַ פּעס" (צײַגעניש) דערציילט
ער וועגן אַ געזונטער, פֿרישער מיידל וואָס קומט אָן קיין ניו־יאָרק און ווערט אַ
שאַפּ־אַרבעטערין. זי אַרבעט שווער, קריכט אויף די הויכע גאָרנס. דאָס ווירקט
שלעכט אויף איר געזונט און זי ווערט קראַנק. בײַ דער מאַשין ווערט איר מיט
אַ מאָל שלעכט; זי בעט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין אויף אַ ווײַלע — אַזאַ דער־
לויבעניש קריגט זי ניט און זי שטאַרבט אַזוי בײַ דער מאַשין. ווען זי איז טויט,
פֿירט מען זי אַרויס פֿון שאַפּ — אָן אַ צײַגעניש. גאָרדין גיט אונדז אָפֿט מאָל
גרויל־בילדער פֿון דער ברוטאַליטעט פֿון דער בורזשואַזער סיסטעם. ער שיל־
דערט מיידלעך וואָס ווערן קראַנק אויף טובערקולאָז, אַרבעטנדיק בײַ מאַשינען;
מוטערס וואָס שטאַרבן און לאָזן איבער הילפֿלאָזע עופֿהלעך.

גאָרדין ווײַזט אַרויס אַ בולטע טענדענץ אין זײַנע דערציילונגען. ער האָט
ניט מורא צו זאָגן מוסר און צו דרשענען. ער קאָן ניט פֿאַרטראָגן קיין עוולות
און זאָגט עס אָפֿן אַרויס. אין „איין טרער" לערנט ער אונדז, אַז אַ טרער פֿון אַן
אָרעמער פֿרוי וועגט אַריבער אַלע טויזנטער וואָס אַ ייִד, אַ גבֿיר, האָט געגעבן
פֿאַר צדקה און פֿאַר תּלמוד־תּורות. אין „בני־אָדם" לאַכט גאָרדין אויס די גבֿירים
וואָס שינדן די הויט בײַ אָרעמעלײַט, און דערנאָך קויפֿן זיי הינער און קלאַפּן מיט
זיי כּפּרות . . . כּדי מען זאָל זיי פֿאַרגעבן די זינד. די טענדענץ אין אָט די דער־
ציילונגען איז בולט און קלאָר — מען זעט אומעטום אַרויס גאָרדינען דעם פּריידי־
קער און פּראָפּאַגאַנדיסט.

גאָרדין האָט אויך געהאַט אַ שוואַכקייט צו פֿילאָסאָפֿירן. ער פֿילאָסאָפֿירט
וועגן לעבן, ליבע און טויט. אין „סייפּרעסהיל" דערציילט גאָרדין וועגן מענטשן

וואָס טאַנצן און פרייען זיך אין אַ פּאַרק וואָס ליגט לעבן אַ בית־עולם. גאָרדין פרעגט פילאָסאָפיש: צי וואָס טאַנצן און פרייען זיך, ווען מען ווייסט, אַז מען מוז שטאַרבן? אָבער גאָרדין האָט אַן ענטפער אויף דער פראַגע: פון טויט קומט לעבן. אין „דער אייביקער גנבֿ" גיט אונדז גאָרדין אַ ווידוי פון איינעם אַ גנבֿ, וואָס זאָגט ליגן און וואָס טוט זאַכן וואָס זײַנען אים אַליין ניט צום האַרצן. ער טוט דאָס אַלץ, ווײַל די וועלט פאָדערט עס, און ער מוז אַזוי האַנדלען.

אין „מלחמה־סילועטן" חוזקט גאָרדין פון מלחמה און פּאַטריאָטיזם. גאָר־דין באַשרײַבט די טראַגישקייט פון מלחמה, דעם אומזין פון קריג, און ווײַזט, ווי דער פּאַטריאָטיזם צעשיידט משפחות און ברענגט אַרײַן מלחמה און קריגערײַ צווישן עלטערן און קינדער. גאָרדין באַרירט אויך די פראַגע פון חתונה, ליבע און אייפערזוכט. ער אַטאַקירט די פרײַהייט פון מאַן און די לײַדן פון אַ פרוי. גאָרדין חזרט איבער די אַלט באַקאַנטע מאָראַלישע פראַגע: פאַר וואָס אַ מאַן מעג זיך אַלץ דערלויבן און אַ פרוי ניט. גאָרדין פאַראורטיילט די דאָזיקע אומרעכט לגבי דער פרוי. אין „די בלעטער פאַלן" שילדערט גאָרדין ווי אַ מיידל טרוימט וועגן ליבע. עס איז זומער צײַט, ס'מיידל באַגעגנט זיך מיט אַ יונגנמאַן, זיי פאַר־ליבן זיך, מען טרוימט וועגן גליק. דאָס מיידל ווערט שוואַנגער און איר געליב־טער פאַרשווינדט. דאָס מיידל איז שטאַרק אַנטוישט און אומגליקלעך. און גאָר־דין פילאָסאָפירט דערבײַ: „די נאַטור האָט פאַרלאַנגט, זי זאָל אַ מוטער זײַן — אָבער מענטשן ווילן עס איר ניט דערלויבן". אין „דער סוד פון ים הגדול" באַגעגענען מיר אַ יונגע פרוי, וועמענס מאַן איז אין אַמעריקע. זי פאַרליבט זיך דערווײַל אין אַ צווייטן און ווערט שוואַנגער. זי פילט, אַז די וועלט וועט זי פאַרדאַמען פאַר איר אויפריכטיקער ליבע; די וועלט פאַרדאַמט דאָך יענע וואָס פאַרבינדן זיך אָן אַ רבֿ אָדער געריכט. און זי באַגייט זעלבסטמאָרד אויף דער שיף וואָס פירט זי צו איר מאַן. אין „וואָס וועלן לײַט זאָגן?" באַגעגענען מיר אַ פרוי וואָס לײַדט שרעקלעך פון איר מאַן. זי האָט אַ געליבטן, זי קאָן אָבער איר מאַן ניט פאַרלאָזן, ווײַל זי ציטערט פאַר דעם, וואָס וועלן לײַט זאָגן, און דער רעזולטאַט איז, אַז זי שטאַרבט. גאָרדין שילדערט מענטשן מיט שוואַכע כאַ־ראַקטערן, וואָס קאָנען זיך ניט אַנטשיידן אויסצופירן זאַכן, אין וועלכע זיי גלייבן, און דאָך זײַנען זיי קעגן די אָנגענומענע קאָנווענציעס פון בירגערלעכן לעבן.

די פראַגע פון אַמעריקאַנישקייט און אַמעריקאַניזם אין די ייִדישע משפחות איז אַן אָנגעווייטאָגטיקע פּראָבלעם. אויפן גרונט פון „אַמעריקאַניזם" קומען פאָר צוזאַמענשטויסן. די „אַמעריקאַניזירטע" קאָנען ניט פאַרטראָגן די „ניט־אַמעריקאַניזירטע", און אין „צום טײַוול דער טיקעט" דערציילט אונדז גאָרדין וועגן אַן אַדוואָקאַט וואָס קריגט זיך אַרום מיט זײַן פרוי, ווײַל זי פירט זיך אין הויז ווי זי האָט זיך געפירט אין רוסלאַנד — און ניט ווי מען „דאַרף" זיך פירן אין דער נײַער וועלט. דער מאַן פאָדערט, אַז די שפּײַז, די קליידונג זאָלן זײַן

„אַמעריקאַניש" — און זי וויל ניט, זי קאָן ניט נאָכגעבן. דער רעזולטאַט איז, אַז זי באַשליסט צו פֿאָרן צוריק אַהיים. עס איז אַ טראַגעדיע וואָס וואַקסט אַרויס דירעקט פֿון אַמעריקאַנער באָדן. אין זײַן סעריע דערציילונגען „זעקס נעכט" מאָל אונדז גאָרדין די אָפּגעזונדערטקייט וואָס עס הערשט אין אַמעריקע צווישן יידן און ניט־יידן. אַפילו אין אַ האָטעל, אַ פּלאַץ, ווו מען קומט זיך אָפּרוען און פֿאַרווײַלן, מאַכן זיך יידן זייער אייגענע געטאָ און טיילן זיך אָפּ פֿון די ניט־יידישע געסט.

גאָרדין שרײַבט וועגן די אידעאַליסטן און טרוימערס וואָס פֿאָרן קיין אַמעריקע, כּדי דאָרטן, אין דעם פֿרײַען לאַנד, זאָלן זיי קאָנען ווײַטער אָנגיין מיט זייער אַרבעט פֿאַרן סאָציאַליזם. אָבער ניט אַלע דערפֿאָרן אַהין. אין „דער שווימענדער אָרון" שילדערט גאָרדין דאָס לעבן פֿון אַ יונגן מענטשן, אַן אידעאַליסט, וואָס אַרבעט פֿאַר דער באַפֿרײַונג פֿון די אונטערדריקטע. צוליב דער צענזור קאָן ער גאָרניט שרײַבן, ער קאָן אַפֿילו ניט אויסדריקן זײַנע מיינונגען. ער פֿאַרלאָזט ענדלעך רוסלאַנד, ער פֿאָרט קיין אַמעריקע, אָנצוהויבן אַלץ פֿון דאָס נײַ, אָבער אויפֿן וועג שטאַרבט ער און מען וואַרפֿט אים אין ים אַרײַן. (14)
אַ טראַגעדיע פֿון אַן איידעלן מענטשן, פּרעכטיק און סובטעל געשילדערט.

אַ שטאַרקן אײַנדרוק לאָזט איבער די דערציילונג „אומבאַמערקטע טרער". אַ מאַמע איז געקומען מיט איר זון קיין אַמעריקע. זי האָט דאָ שווער געאַרבעט, און דער זון האָט שטודירט און איז געוואָרן אַ דאָקטאָר. ער האָט חתונה מיט אַן אַריסטאָקראַטיש מיידל. דער זון קאָן זײַן מוטער ניט האַלטן בײַ זיך און זי פֿאָרט אָפּ אַהיים. גאָרדין גיט אַ גלענצנדע שילדערונג, ווי די מוטער זיצט אַליין אויף דער שיף; זי האָפֿט, אַז דער זון וועט כאָטש קומען זיך געזעגענען מיט איר, אָבער ער קומט ניט און זי איז אַנטוישט. די שיף גייט אָפּ. אין דער דערציילונג שילדערט גאָרדין די טראַגעדיע פֿון אַ מוטער, וואָס איז זיך מקריבֿ פֿאַר אירע קינדער — און וואָס ווערט שרעקלעך באַעוולהט.

אין דער דערציילונג „פֿאַרשטעלט" חוזקט גאָרדין אויס די אינטעליגענץ. ער שילדערט ווי עס זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען אויף אַ געבורטסטאָג־פֿײַערונג אַ גרופּע אינטעליגענטן, שרײַבערס, גלחים און זשורנאַליסטן. מען רעדט וועגן פֿילאָסאָפֿיע, מוזיק, פּאָליטיק און ליטעראַטור. מען עסט, מען טרינקט און מען פֿילט זיך פֿריילעך, ביז אַן אָרעמער היימלאָזער מאַן קומט אַרײַן און בעט עפּעס אָפּצועסן. די פֿרוי, אויסגעפּוצט אין בריליאַנטן, אַנטזאָגט אים. ער לאָזט זיך אַוועקגיין און פֿאַלט פּלוצלונג אַוועק אויף די טרעפּ אַ טויטער. ער איז אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. מען דערוווסט זיך וועגן דעם אויף דער שׂימחה און דאָס פֿאַרשטערט די פֿײַערונג. אין דער דערציילונג „בערל דער פֿאַרפֿאַסער פֿאַרן בית־דין של מעלה" שילדערט גאָרדין דעם טרויעריקן מזל פֿון אַ יידישן שרײַבער. בערלס גורל איז געווען דער גורל פֿון אַלע טאַלאַנטירטע יידישע שרײַבערס פֿון יענער צײַט — בערל דלפֿנזאָן שטאַרבט, און ס'איז אַפֿילו ניטאָ קיין געלט מיט

וואָס אים מקבר צו זײַן. אַז מען באַערדיקט אים שוין און ער קומט אָן צו די הימ־לישע ריכטער, דערקלערט ער, אַז ער איז אַ באַרימטער ייִדישער שרײַבער, וואָס האָט ערלעך געדינט זײַן פֿאָלק. מען זוכט אָבער זײַן נאָמען אין האַנטביכער, ענציקלאָפּעדיעס, און מען געפֿינט אים אין ערגעץ ניט — דאָס איז דערפֿאַר וואָס ער האָט געשריבן אין „זשאַרגאָן". ווען בערל דערציילט וועגן דעם „זשאַר־גאָן" און אַז עס רעדן אויף אים מיליאָנען מענטשן און אַז ער האָט אויף דער שפּראַך אויסגעדריקט אַלץ וואָס איז גוט און איידל — באַשליסט מען אַראָפּצושיקן אַ מלאך און אויסצוגעפֿינען, צי דאָס איז אמת. דער מלאך קומט אין ייִדישן קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק. דאָרטן זײַנען ניט קיין מאָנומענטן לכּבֿוד בערל דלפֿנזאָן, אין ייִדישע הײַזער הענגען בילדער פֿון באַראָן הירש, באַקונין, ר' יצחק אלחנן, ר' מענדעלע, אָבער ניט פֿון דלפֿנזאָנען.

דער מלאך פֿרעגט אַ ייִדן, צי ער האָט געלייענט דלפֿנזאָנס ווערק, און דער ייִד ענטפֿערט: „יאָ, איך לייען יאָ אַ מאָל די ביכלעך, אָבער ווער זייער מחבר איז געווען געדענק איך ניט. עס ליגט מיר זייער אין קאָפּ צו געדענקען, צי דלפֿנזאָן, צי קבצנזאָן, צי דלותזאָן האָט עס געשריבן... איך האָב באַצאָלט פֿינף סענט, און אַראָפּ פֿון מאַרק. אַז איינער קויפֿט בײַ מיר אַ פּאָר שלייקעס, איז ער מחויבֿ דערפֿאַר אייביק צו געדענקען מײַן נאָמען? אַ נײַס!"

ווען דער הויפּטריכטער האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגעשריגן: „ווײַל דו ביסט געווען אַזאַ באַר און האָסט מקריבֿ געווען דײַן טאַלאַנט פֿאַר אומדאַנק־באַרע מענטשן, וועלכע שעצן ניט און שטאַלצירן ניט מיט זייערע דיכטער, ווײַל דו האָסט אומגליקלעך געמאַכט דײַן ווײַב און דײַנע קינדער, זאָלסטו פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אינדיק, און דער ערשטער ייִדישער שרײַבער, וואָס דרוקט פּאַט־ריאָטישע אַרטיקלען, זאָל דיך אויפֿעסן..." דלפֿנזאָן הייבט זיך אָן בעטן בײַ די ריכטער: אַזוי ווי ער איז אַ גאַנץ לעבן געלעגן אין דער ערד — בעט ער מען זאָל אים אויך ווײַטער לאָזן ליגן אין דער ערד...

אָט אַזוי האָט גאָרדין געשילדערט דאָס טרויעריקע לעבן פֿון ייִדישן שרײַ־בער. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט גענוי אויפֿן אינהאַלט און כאַראַקטער פֿון יעקבֿ גאָרדינס דערציילונגען, ווײַל גאָרדין האָט זיך ניט באַנוגנט בלויז מיט דער־ציילן — ער האָט אויך געפּרוווט זײַנע אידעען אויסצודריקן אין זײַנע דערציי־לונגען. גאָרדין ווי אַן אינטעליגענטער מענטש און קולטורעלער ליטעראַט איז געווען פֿאַראינטערעסירט אין אַלע פֿאַזן פֿון מענטשלעכן לעבן, און זײַן אינטערעס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זײַנע דערציילונגען. קיין גרויסן קינסטלערישן טאַ־לאַנט מערקן מיר ניט בײַ גאָרדינען, עס פֿילט זיך אָבער אַן ערנצטער צוגאַנג. אין גאָרדינס דערציילונגען פֿעלט דער טאַלאַנט פֿון אַן עכטן, אײַנגעבוירענעם שאַפֿער. מען פֿילט אָבער אין זײַנע ווערק דעם פֿײַנעם אָטעם פֿון אַ קולטיווירטן ליטעראַט און דעם גײַסט פֿון אַ קולטור־מענטש.

## די קינסטלערישע פּראָזע

איינער פון די הויפּט־בויערס פון דער ייִדיש־קינסטלערישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, איינער פון די, וואָס האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם ייִדיש־אַמעריקאַנישן ראָמאַן, איז לעאָן קאָברין (געב׳ 1872). נאָך אין דער פריִער יוגנט האָט קאָברין זיך באַקאַנט מיט דער רוסישער ליטעראַטור. ער האָט נאָך אין אייראָפּע געפּרוּווט שרײַבן אין רוסיש, אָבער אַ וויכטיקער שרײַבער איז ער געוואָרן, ווען ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין ייִדיש. קאָברינס טאַלאַנט האָט זיך צעבליט, ווען ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן אויף זײַן מוטערשפּראַך. קאָברין איז געווען גוט באַקאַנט מיט די ווערק פון טשעכאָוו, און זײַן אײַנפלוס אויף קאָברינען פילט זיך שטאַרק אין זײַנע קורצע און לענגערע דערציילונגען. די מערסטע פון זײַנע דערציילונגען זײַנען רעאַליסטיש, הגם פון צײַט צו צײַט פאַלט ער אַרײַן, אין די ערשטע יאָרן, אין אַ טאָן פון ראָמאַנטיזם; דער רעאַליזם איז אָבער זײַן נאַטירלעכע פאָרעם, און אין דער פאָרעם האָט ער געשאַפן זײַנע בעסטע דערציילונגען און נאָוועלעס.

קאָברין איז גוט באַקאַנט מיטן לעבן סײַ אין רוסלאַנד, סײַ אין אַמעריקע, און אין זײַנע דערציילונגען מאָלט ער בילדער פון ייִדישן לעבן איןביידע וועלטן. דאָס ייִדישע לעבן אין אייראָפּע איז געווען אויסגעקריסטאַליזירט, עס איז געווען אַן אײַנגעוואָרצלטער לעבנס־שטייגער, און דאָס ייִדישע לעבן אין אַמעריקע איז, להיפּוך, געווען נײַ, רוי, פאָרעמלאָז. דאָך האָט דאָס קאָברינען ניט אָפּגע־שראָקן און אים איז אָפט מאָל געלונגען קינסטלעריש צו פאַרפיקסירן דאָס נײַע און רויע ייִדישע לעבן אין דעם נײַעם לאַנד.

„אַ מערדער אויס ליבע״ (1894) איז דער נאָמען פון לעאָן קאָברינס ערש־טער דערציילונג. די דאָזיקע דערציילונג איז געווען גאַנץ אַנדערש פון לעאָן קאָברינס איבעריקע שאַפונגען. דאָס איז געווען „אַ פּאָעמע אין פּראָזע״ — אַ ראָמאַנטישע דערציילונג וועגן אַ שיינער בלום ,וואָס האָט זיך פּרעכטיק צע־בליט — און ווערט פאַרניכטעט פון אַ פאַרבײַגייער. אָט די קורצע דערציילונג איז געשריבן אין אַ צאַרטן, לירישן טאָן — אַ טאָן וואָס מען טרעפט זעלטן אין קאָברינס שפּעטערדיקע דערציילונגען.

דער זעלביקער לירישער טאָן שפּירט זיך אין דער דערציילונג „איך בין דאָן אַלט געווען זיבעצן יאָר״ (1897). אַ יונגער ייִנגל איז פאַרליבט אין זײַנער אַ שוועסטערקינד, אַ פאַרהייראַטע פרוי. ער לײַדט שרעקלעך פון דער האָפע־נונגסלאָזיקייט. דער זעלביקער ראָמאַנטישער טאָן וואָס מערקט זיך אין זײַן ערשטער דערציילונג פילט זיך אויך אין דער דאָזיקער דערציילונג וואָס איז גע־שריבן פיר יאָר שפּעטער. אָבער דער דאָזיקער טאָן ווערט אַלץ זעלטענער און זעלטענער און אין זײַנע ווערק הייבט אָן דאָמינירן דער רעאַליזם און דער נאַטו־ראַליזם.

אין „רחלע די שטומע״ גיט אונדז קאָברין אַ שילדערונג פון דעם אומגליק־לעכן לעבן פון אַ שטומער. דאָס מיידל פילט איר טראַגישע לאַגע, זי בענקט

נאָך ליבע, זי איז פֿול מיט לײַדנשאַפֿט — אָבער קײנער קוקט זיך ניט אום אויף איר בלויז דערפֿאַר, װײַל זי איז שטום. װען אַ בחור װײַזט שוין יאָ אַ מאָל אַרויס אַן אינטערעס צו איר — שטאַרבט ער. קאָברין שילדערט אָט די טראַגעדיע מיט פֿאַרשטענדעניש, געפֿיל און רחמנות. ער איז דאָ ניט קײן זײַטיקער צושויער — ער סימפּאַטיזירט שטאַרק מיט דער אומגליקלעכער מײדל, און זײַן סימפּאַטיע צו דער שטומער פֿילט זיך אין אופֿן פֿון זײַן שילדערונג.

אין „װער איז שולדיק?‟ (1898) האָבן מיר אַ רעאַליסטישע שילדערונג פֿון דעם שװערן, גראָען לעבן פֿון אַ ייִדישער אַרבעטער־משפּחה אין ניו־יאָרק. די פֿאַמיליע איז אָרעם, און כּדי צו פֿאַרגרינגערן דעם עול פֿון דירה־געלט נעמט מען אַרײַן קוואַרטיראַנטן. דער קוואַרטיראַנט און די טאָכטער פֿאַרליבן זיך, אָבער צוליב קאָנװענציאָנעלע סיבות קאָנען זײ ניט חתונה האָבן. זײ זײַנען צו שװאַך צו שטעלן זיך קעגן דרויסנדיקע שטערונגען און דער סוף איז אַ טראַגישער.

אין „חוה נעבעך‟ (1897) האָבן מיר פֿײַנע ,רעאַליסטישע בילדער פֿון אַ תּנאים אין ייִדישן קוואַרטאַל. דאָ װערט געגעבן אַ גאַלערײע פֿון פּשוטע ייִדן און ייִדענעס, פֿאַרגרעבטע, פֿאַראײַנזאַמטע אין זײער בײַער היים. אין יענער הפקר־דיקער צײַט, װען מענער פֿלעגן פֿאַרלאָזן זײערע װײַבער אין אײראָפּע און פֿלעגן אין אַמעריקע נאָך אַ מאָל חתונה האָבן, דערצײלט אונדז קאָברין װעגן אַזאַ מאַן, װעמען אײגענע דערקאָנען אויף דער חתונה. חוה, אַן עלטער מײדל, װאָס ריכט זיך, אַז אָט װעט זי חתונה האָבן און גליקלעך װערן, װערט טראַגיש אַנטוישט. ניט באַשערט געװען דער אומגליקלעכער חוהן אַ ביסעלע גליק.

אין „עני נעבעך‟ (1898) האָבן מיר װידער אַ טרויעריק בילד — אַ בילד װאָס איז געמאָלן מיט שטאַרק טונקעלע פֿאַרבן, — אָן אַ ביסל ליכט. אַן אַרבעטער־מײדל טרוימט װעגן ליבע און װעגן חתונה. זי האָט טאַקע אַ חתן און זי האָפֿט אין גיכן חתונה צו האָבן. אָבער צװײ װאָכן פֿאַר דער גליקלעכער פּאַסירונג טרעפֿט מיט איר אַן אומגליק און זי פֿאַרלירט אַ פֿוס. דער חתן איז אַפֿילו גרײט מיט איר חתונה צו האָבן, אָבער זי פֿאַרשטײט, אַז ער טוט עס אויס רחמנות — און קײן רחמנות װיל זי ניט — באַגײט זי זעלבסטמאָרד.

דאָס פֿאַמיליע־לעבן, די באַציִונג צװישן מאַן און פֿרוי, ליבע צו אַ פֿרעמדן מאַן אָדער צו אַ פֿרעמדער פֿרוי פֿאַרנעמען אַ װיכטיק אָרט אין קאָברינס שאַפֿן. די דערצײלונגען װאָס גיבן זיך אָפּ מיט פֿאַמיליע־פּראָבלעמען זײַנען אַלע געשריבן שטאַרק רעאַליסטיש. קאָברין באַהאַנדלט די באַציִונגען צװישן מאַן און פֿרוי אָפֿן און זײער אָפֿט אויף אַ ברוטאַלן, נאַטוראַליסטישן אופֿן. אַזוינע דערצײלונגען װי „אין דרײַ חדשים נאָך דער חתונה‟ (1897), „פֿיש‟ (1896), „אַ יאָר נאָך דער חתונה‟ (1896), „אויפֿן דאַך‟ (1894), „אַ באַשערטע זאַך‟ (1897), „דעם אַלטנס מערקװערדיקע געשיכטע‟ (1898), „דער ערשטער אַקט פֿון אַ פֿאַמיליע־דראַמע‟ (1897) שילדערן פֿאַרשײדענע פֿאַזעס פֿון ליבע און

משפּחה־באַציִונגען. אַזוי צום בײַשפּיל אין דער דערציילונג „דער ערשטער אַקט פֿון אַ פֿאַמיליע־דראַמע" האָבן מיר אַ שילדערונג פֿון די לײַדן פֿון אַ פֿרוי צוליב דעם וואָס איר מאַן איז אַ שוואַכער און איז שטענדיק פֿאַרשלאָפֿן. די פֿרוי, אַ געזונטע, אַ יונגע, וואָס איז פֿול מיט לעבן, פֿאַרליבט זיך אין איר מאַנס ברו־דער. ווען איר שוואָגער דערציילט איר וועגן זײַנע באַגעגענישן מיט יונגע מיידלעך, טוט דאָס איר שטאַרק וויי. די פֿרוי מאַכט ליבע־דערקלערונגען צו איר שוואָגער, און ער, — הגם ער האָט רחמנות אויף זײַן ברודער, — נעמט ער דאָך אָן איר ליבע. געשלעכט איז שטאַרקער פֿון רחמנות. אין דער דערציילונג „דעם אַלטנס מערקווערדיקע געשיכטע" שילדערט קאָברין די חתונה פֿון אַ יונגער מיידל מיט אַן עלטערן ייִדן. דאָס מיידל האָט מורא פֿאַרן עלטערן ייִדן, און זי וויל מיט אים ניט לעבן. די געפֿילן פֿון דעם יונגן, דערשראָ־קענעם און נאַיִוון מיידל צו דעם עלטערן מענטשן ווערן העכסט קינסטלעריש געשילדערט. אײַפֿערזוכט איז די הויפּטטעמע פֿון דער דערציילונג „אויפֿן דאַך". אין „פֿיש" און אין „דרײַ חדשים נאָך דער חתונה" ווערן געשילדערט די ליבעס און קריגערײַען צווישן מאַן און פֿרוי. אַ שטאַרקן אײַנדרוק לאָזט איבער די דער־ציילונג „אַ יאָר נאָך דער חתונה". דער מאַן איז אין גאַנצן גלײַכגילטיק צו זײַן פֿרוי, וועמען ער האָט אַזוי ליב געהאַט בלויז מיט אַ יאָר צוריק. ער לאָזט זי איבער אין דער היים כּמעט יעדע נאַכט — כּלומרשט צו גיין צו אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין. ווען ער בלײַבט אַ מאָל אין דער היים, איגנאָרירט ער זי אין גאַנצן און ענטפֿערט ניט אַפֿילו אויף אירע ווענדונגען. איין מאָל נעמט זי אַרויס די ליבע־בריוו וואָס ער האָט איר געשריבן פֿאַר דער חתונה און פֿאַרברענט זיי, און זי שפּירט, אַז צוזאַמען מיט די בריוו זײַנען אויך צו אַש געוואָרן איר ליבע, איר פֿרײַהייט און איר יוגנט. אָט די קורצע דערציילונג איז איינע פֿון די שטאַרקסטע וואָס לעאָן קאָברין האָט געשריבן אין יענער צײַט.

לעאָן קאָברין איז אויך געווען פֿאַראינטערעסירט מיטן לעבן פֿון ייִדישן קינסטלער אין אַמעריקע. אין „די פֿידל" (1897) שילדערט ער די לײַדן פֿון אַ ייִדישן פֿידל־שפּילער אין אַמעריקע. ער האָט אַ ווײַב און קינדער, זיי בעטן עסן — און אים ציט צום פֿידל. ער טרייסט זיך און האָפֿט, אַז ער וועט אַ מאָל קריגן אַרבעט אין אַ טעאַטער, ווו ער וועט דערווײַל קאָנען שפּילן פֿידל — אָבער דערווײַל ווערט ער אַ ציגאַרן־מאַכער — און זייער אַ שלעכטער אַרבעטער דערצו. אין הויז הערשט אַלע מאָל נויט, נידערגעשלאָגנקייט, און אין אַ מאָמענט פֿון צאָרן צעברעכט זײַן ווײַב די פֿידל. מיט דעם פֿידל איז צעבראָכן געוואָרן אויף אייביק דעם מאַנס לעצטע האָפֿענונג. עס איז אַ טרויעריקע דערציילונג, געשילדערט ערלעך, אויפֿריכטיק און קינסטלעריש. אין זײַן „דער ערשטער מײַ פֿון 50טן יאָר" (1898) מאָלט קאָברין אַ מין טרייסט־דערציילונג ווי גליקלעך מענטשן וועלן לעבן אין דער צוקונפֿט.

די סאָציאַלע פּראָבלעם, דער קאַמף צווישן די קלאַסן האָט שטאַרק אינטע־

רעסירט קאַברינען. קאַברין האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיטן לעבן פון די ייִדישע ראַדיקאַלן פון די פאַרשיידענע לאַגערן. ער האָט זיך צוגעקוקט ווי אַזוי זיי האָבן דאָ אײַנגעאָרדנט זייער פּריוואַטן לעבן, ווי אַזוי זיי האָבן אײַנגעשטעלט באַציִונגען מיט אַ קאַפּיטאַליסטישער וועלט, וואָס עס איז זיי געבליבן פון זייער רעליגיעזער ירושה, פון זייערע רעליגיעזע מינהגים, צערעמאָניעס און יום־טובֿים. אין זײַנע דערציילונגען „קאַרל מאַרקס", „באַקונין" (1897), „וואָס איז ער?" (1897) באַהאַנדלט קאַברין אין קינסטלערישע בילדער די סאָציאַלע פּראָגעס. אין „קאַרל מאַרקס" ווערט געשילדערט אַ קאַמף צווישן אַרבעטער און אַ בעל־הבית — און ווו דער פירער פון די אַרבעטער איז דעם בעל־הבית'ס אַ ברודער. קאַברין מאָלט ווי דער קלאַסנקאַמף, דער האָס צווישן איין קלאַס און אַ צווייטן, ווישט אָפּ די בלוט־קרובֿישאַפט, און אַז דער קלאַסנקאַמף איז שטאַרקער פון ברודער־ליבע.

אין „באַקונין" שילדערט קאַברין דעם לעבן פון אַ ייִדישן אַנאַרכיסט, וואָס איז איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. ער גייט אויף אַלע מיטינגען, רעדט, קריגט זיך, דעבאַטירט און קעמפט פאַר זײַן אידעאַל. ער פאַרליבט זיך אין אַ מיידל און זי האָט אים אויך ליב, זי פאָדערט אָבער אַ חתונה מיט אַ רעליגיעזער צערעמאָניע. ער קאָן דאָס ניט נאָכגעבן, ער קאָן ניט גיין קעגן זײַנע איבערצײַגונגען — און זיי צעגייען זיך. אין אָט דעם פאַל האָט דער אידעאַל געזיגט איבער דער לײַדנשאַפט און דער ליבע.

אין „וואָס איז ער?" באַגעגענען מיר אַ ייִדישן סאָציאַליסט וואָס האָט איבערגעריסן מיט דער ייִדיש־רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער טראַדיציע. ער דערציט זײַן זון, וועמען ער רופט ניקאָלײַ טשערנישעווסקי, אין אַ פרײַהייטלעכן גײַסט. דאָס יונגל שפּירט זיך שפּעטער אומגליקלעך, ווײַל אַ די קריסטלעכע ייִנגלעך אַ די ייִדישע דערווײַטערן זיך פון אים. דאָס ייִנגל בענקט נאָך יום־טובֿים און נאָך שיינע זיטן, וואָס זײַנע באַקאַנטע חבֿרים האָבן געקראָגן פון זייערע עלטערן. ער פילט, אַז זײַן לעבן איז פּוסט און ער פרעגט בײַם פאָטער: ווער איז ער? און דער פאָטער אַליין פאַרבענקט זיך נאָך דעם אַלטן, טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער.

הײַנט צו טאָג, קאָן זײַן, קלינגען אַ סך פון די סוזשעטן נאַיִוו און די ענטפערס אפשר נאָך מער נאַיִוו. אָבער ווײַזט אויס, אַז דאָס ייִדיש־אַמעריקאַנישע לעבן פון יענע יאָרן וואָס האָט דאָ דורכגעמאַכט אַזעלכע שנעלע און אומדערוואַרטעטע ענדערונגען האָט טאַקע געמאָנט די תשובֿה אויף די אַלערליי פּראָבלעמען. אין די ערשטע יאָרן פון דער אימיגראַציע איז דאָס ייִדישע לעבן דאָ געווען פול מיט טראַגיש־קאָמישע פּאַסירונגען. פאַר מענטשן, ספּעציעל פון עלטערן דור, איז געווען זייער שווער צו אָריענטירן זיך אין דער נײַער וועלט. עס אַנטשטייען פיל ייִדישע חבֿרות און אָרגאַניזאַציעס און עס קומען דאָרט פאָר טראַגיש־קאָמישע פּאַסירונגען און שפּאַלטונגען. טייל האָבן געמיינט, אַז עס איז

## די קינסטלערישע פּראָזע

אַ מיצווה מיסצובברויכן די פּריַיהייט אין אַמעריקע, און אַז פּריַיהייט מיינט פּריַי־הייט און הפקרות. און אָט די אַלע מאָמענטן שילדערט לעאָן קאָברין אין „דער גרויסער שפּאַלט אין דער חבֿרה אַנשי יום אתמול־אונטערשטיצונגס־פֿאַראיין" (1895), „וואָו איז שׂרקה?" (1898), „באָבע באַשעס טערק" (1897), „באָבע באַשע אין יידישן טעאַטער" (1897), „אַלץ איז ביַי זיי נאָר אַ שפּיל" (1894), „ווי אַזוי מען רעכנט שלושים" (1898).

איינע פֿון די שטאַרקסטע און קינסטלערישסטע דערציילונגען קאָברינס פֿון יענעם פּעריאָד איז „יאַנקל בוילע" (1898). עס איז אייגנטלעך ניט קיין דערציילונג, נאָר אַ נאָוועלע. קאָברין שילדערט דאָ קינסטלעריש דאָס לעבן פֿון פֿרומע, פֿאַרגרעבטע יידישע פֿישער. ער פֿירט דאָ אַרויס פֿאַר אונדז פּראָסטע מגושמדיקע יידן. די מענטשן זיַינען אַרבעטזאַם, פֿאַנאַטיש און ווי אַלע פּרי־מיטיווע מענטשן זיַינען זיי אויך איבערגלייבעריש. יאַנקל בוילע, אַ געזונטער בחור, אַ פֿישער, איז פֿאַרליבט אין דעם דאָרפֿסמיידל נאַטאַשע. מען שרעקט אָבער דעם דאָרפֿסיונג מיט זיַין טויטן טאַטן, און דער פּשוטער, פּרימיטיווער בחור באַגייט זעלבסטמאָרד. די מורא פֿאַרן טויטן טאַטן, פֿאַר דער אומבאַ־קאַנטער געהיימער יענער וועלט און פֿאַר גײַסטער, טריַיבט יאַנקל בוילען צו מאַכן אַ סוף צו זיַין יונגן לעבן. קאָברין מאָלט אונדז אָט די פּרימיטיווע טיפּן מיט שטאַרקע פֿאַרבן. אַלץ איז דאָ בולט און רעאַל, עס איז אַ פּרימיטיווער לעבן, געמאָלן אויף אַן עכטן און באַטיראַלעכן אופֿן.

„יאַנקל בוילע" האָט אין זיך עלעמענטן פֿון אַ ראָמאַן — אַ פּאָרעם, צו וועלכער קאָברין איז שפּעטער איבערגעגאַנגען מיט אַ סך דערפֿאָלג.

לעאָן קאָברין מיט זיַין קינסטלעריש אויג, מיט זיַין געזונטן חוש פֿאַר דער ווירקלעכקייט — פֿאַרנעמט אַ מיזרח־אָרט צווישן די בויערס פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

וויַיניקער אינטעלעקטועל ווי גאָרדין, קאָברין אָדער גאָרין — דערפֿאַר מער טאַלאַנטפֿול און שאַפֿעריש איז ז. ליבין (געב' 1872). ליבין איז אַ געפֿיל־פֿולער, נאַיווער שריַיבער. ער שריַיבט אַלץ ערלעך און אויפֿריכטיק. ליבין באַציט זיך צו זיַינע העלדן מיט ליבשאַפֿט, רחמנות און פֿאַרשטענדעניש, אָבער אָפֿט מאָל פֿאַלט ער אַריַין אין אַ סענטימענטאַלן טאָן. ליבין איז אַליין געווען אַן אַרבעטער, ער האָט אַליין דורכגעמאַכט אַלע עינויים און ליַידן וואָס אַן אַרבעטער אין אַמעריקע איז דורכגעגאַנגען אין יענע יאָרן. ליבין האָט גוט געוווסט וואָס עס מיינט צו אַרבעטן אַכצן שעה אַ טאָג אין אַ שוויצפֿאַבריק פֿאַר מיזערנע שׂכירות. ליבינס דערציילונגען פֿון דעם פּעריאָד, וואָס מיר באַהאַנדלען, גיבן זיך אָפּ אויסשליסלעך מיטן לעבן פֿון די יידישע אַרבעטער — מיטן לעבן וואָס ליבין אַליין האָט אַזוי גוט געקאַנט. ליבין האָט אַליין געלעבט צווישן די אַרבעטער און זייערע לעבנס זיַינען פֿאַר אים געווען אָפֿן און נאָענט ווי זיַין אייגן לעבן.

# קאַפּיטל פינף

אַן אומעט איז אויסגעגאָסן איבער אַלע ליבינס ערשטע דערציילונגען, אָבער עס האָט אַנדערש ניט געקאָנט זײַן, ווײַל אומעטיק און גראָ איז געווען דאָס לעבן וואָס ליבין האָט געשילדערט. זײַנע טיפּן זײַנען אַזױנע נאַיִווע און פּשוטע, אַז אָפּט מאָל וווּנדערט מען זיך ווי אַזוי אַזעלכע אומוויסנדיקע מענטשן האָבן גאָר געקאָנט אַרויסרײַסן זיך פון שטעטל און אָנקומען קיין אַמעריקע. ליבין האָט אָבער אַ סך געדולד, אויסדויער און אַ רחמימפולע פאַרשטענדעניש פאַר די דאָזיקע פּשוטע מענטשן.

זײַן ליטעראַרישן דעביוט האָט ליבין געמאַכט אין 1892, און זינט דעמאָלט האָט ער אָנגעשריבן אַן אַ שיעור דערציילונגען און סקיצן. מיר וועלן זיך אָבער בלויז אָפּשטעלן אויף די דערציילונגען וואָס ער האָט געשריבן ביז אַרום 1900.

איינע פון ליבינס באַקאַנטסטע דערציילונגען איז „אַ פּיקניק". דאָ האָבן מיר אַן אמת גרויליבילד פונעם לעבן פון אַן אַרבעטער־פאַמיליע, פון זייער אומבאַהאָלפנקייט. אַן אַרבעטער וואָס אַרבעט שווער אַ גאַנצע וואָך באַשליסט אַרויסצופאָרן מיט זײַן ווײַב און קינדער אין אַ פּאַרק, כּדי הנאה צו האָבן פון דער פרישער לופט. די שלימזלדיקע משפּחה נעמט אָבער ניט דעם ריכטיקן טראַמווײַ, און אויפן וועג צעברעכט מען די פלעשלעך מיט מילך, מען מאַכט אַ תּל פון דעם צוגעגרייטן עסן. קיין געלט אויף קויפן אַנדערע שפּײַז איז ניטאָ, מען קריגט זיך, מען שילט זיך און מען דערשלעפּט זיך קוים צוריק אַהיים — נאַס, הונגעריק און פאַרמאַטערט. ליבין ווײַזט דאָ אויף אַ שטילן אופן, אַז טאָמער האָט שוין אַן אַרבעטער אַ פרײַען טאָג, ווייס ער ניט ווי אים אויסצונוצן. אין „טוביה נעבעך" גיט אונדז ליבין בילדער פון שאַפּ און סצענעס אין אַן אַרבעטער־וווינונג. קיין אַרבעט האָט ניט טוביה, און אין הויז הערשט אָרעמקייט, גראָקייט און אָפּגעלאָזנקייט. עס ווערט בלויז לײַכטער, ווען עס ווײַזט זיך אַ האָפענונג אויף אַרבעט — אָבער די האָפענונג ווערט ניט פאַרווירקלעכט.

אין „אָפּרופן" האָבן מיר אַ שילדערונג ווי אַן אָרעמער אַרבעטער האַלט בײַם שטאַרבן. ער האַלט בײַם איבערלאָזן אַ פרוי, קינדער מיט אַ פּאַק צרות. די פרוי קאָן אָבער ניט דערלאָזן, אַז דער מאַן זאָל שטאַרבן. פּרוּווט זי אים אָפּשרײַען, אָפּרופן. עס העלפט אָבער ניט. דער מאַן שטאַרבט. אין דער דאָזיקער שילדערונג איז פאַראַן אַזאַ שטאַרקייט, אַזאַ פּאַטאָס, אַז עס לאָזט איבער אַן אויסערגעוויינטלעכן, פײַנפולן אײַנדרוק.

אין „אַ פאַרשלאָפענער גזר־דין" האָבן מיר סצענעס און בילדער פון דער אַרבעט אין שאַפּ. שנײַדער אַרבעטן אין דער צײַט פון סעזאָן. מען אַרבעט שווער, שנעל און לאַנגע שעהן. מען ווערט אויס מענטשן, מען זעט אויס פון מידקייט ווי סקעלעטן. עס איז ערבֿ יום־כּיפּור. אַלע וואַרפן די אַרבעט און לויפן אַוועק. איין אַרבעטער בלײַבט און שלאָפט אײַן בײַ דער אַרבעט. ער איז אַזוי פאַרמאַטערט פון דער אַרבעט, אַז ער שלאָפט אײַן ביז איבערן תּענית.

עס חלומט זיך אים דאָס ווײַב און די קינדער. ער שרײַט און וויינט פֿון שלאָף, און ווען ער כאַפּט זיך אויף, ערגערט ער זיך זייער וואָס ער האָט פֿאַרשלאָפֿן דעם תּענית.

אַ טיף פֿילנדיקע דערציילונג איז „מאָריסעס טויט". אַן אַרבעטער ווערט קראַנק און קאָן מער צו דער אַרבעט ניט גיין. זײַן ווײַב נעמט איבער זײַן אַרבעט. דער מאַן הייבט אַן לעבן אויף זײַן ווײַבס חשבון. דאָס ערגערט אים זייער. ער לעבט איבער טראַגישע שעהען. עס פֿאַרדריסט אים, וואָס זײַן ווײַב דאַרף אים אויסהאַלטן. אין הויז ווערט גראַמער מיט געלט — און דער מאַן איז חושד זײַן פֿרוי, אַז זי פֿאַרראַט אים מיט זײַן בעל־הבית. דער מאַן שטאַרבט פֿון ערגערניש.

די דערציילונג „ווער?" איז אַ געמיש פֿון סענטימענטאַלקייט און סאָציאַל־קייט. אַ שרײַבער, וואָס וווינט אין ניו־יאָרק, בענקט נאָך לופֿט, שיינקייט און פֿרײַהייט. אין שטאָט זײַנען אַלע פֿאַרשפּאַרט — די פֿייגעלעך, די מענטשן און די קינדער, און ער פֿרעגט: „ווער האָט דאָס אַוועקגערויבט די לופֿט פֿון די מענטשן?".

ליבין גיט אויך בילדער פֿון פֿאַמיליע־לעבן — פֿון די באַציִונגען צווישן מאַן און פֿרוי. ער באַשרײַבט סצענעס פֿון אייפֿערזוכט, חשד און ליבע. אָט די מאָטיוון דאָמינירן אין אַזוינע דערציילונגען ווי „דער נאַכטשליסל", „הונט און קאַץ".

עס זײַנען פֿאַראַן בײַ ייִדן אין אַמעריקע פּרנסות, וואָס נעמען בײַ זיי אַוועק די גאַנצע צײַט. מען אַרבעט בײַ טאָג און בײַ נאַכט. עס איז ניטאָ קיין שבת, ניט קיין יום־טובֿ. ליבין גיט אונדז אין „דאָס שטילע פֿאַרפֿאַלק" אַ בילד פֿון אַזאַ שוידערלעכער עקסיסטענץ, ווו דער מענטש און זײַן גאַנץ לעבן זײַנען רעדוצירט געוואָרן צום שטאַנד פֿון אָקס אין יאָך. עס בלײַבט ניט אָבער קיין מינוט צײַט און קיין טראָפּ כּוח פֿאַרן לעבן און פֿאַר חשבון־הנפֿש.

ליבין האָט ניט פֿאַרזען די טראַגעדיעס פֿון די ייִדישע טאַטע־מאַמע אין נײַעם לאַנד. קינדער האָבן דאָ אָפֿט מאָל ניט געוואָלט אויסהאַלטן קיין אָרעמע, אַלטע מוטער אָדער אַ קראַנקן טאַטן. אין „די ייִדישע קעניגין ליר" גיט ליבין אַ בילד פֿון דער טראַגעדיע פֿון אַן עלטערער מוטער וואָס האָט זיך ניט ווו אַהינ־צוטון. ליבינס טעמאַטיק איז פֿאַרשידנאַרטיק און רײַך מיט מאָדנע פּערסאָ־נאַזשן. ער שילדערט אין „דער מעמבער און זײַן פֿרוי" דאָס אומעטיקע לעבן פֿון אַ פֿרוי, ווועמענס מאַן פֿאַרנאַכלעסיקט זי צוליב זײַן אינטערעס און געזעל־שאַפֿטלעכער אַרבעט.

אַמשטאַרקסטן אָבער איז ליבין, ווען זײַנע העלדן זײַנען די אָרעמע, אָפּגע־שטאַנענע און עלנטע אַרבעטער. אין „אַ מעשׂה מיט אַן אָווערקאָוט", „די ירושה",

## קאַפּיטל פינף

„יובילעום״, „מאַכט״, „סלעקטײַם שלאָפן זיי״, „מאיר דעם ביגלערס באַנדל״, „איבער אַ נאָדל״, „די נײַע גזירה״ גייט דורך פאַר אונדז אַ גאַנצע פּראָצעסיע פון אַרבעטער, פעדלערס, אָרעמעלײַט, שלימזלס און ענלעכע טיפּן. איבער די דערציילונגען הענגט אַ שווערער אומעט. אַלץ איז טרויעריק, האָפענונגסלאָז. אָבער דאָ און דאָרט לײַכט אויף ליבינס מילדקייט און דינער הומאָר, וואָס מאַכן לײַכטער דעם שווערן עול פונעם לעבן.

דער קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן, וואָס איז שוין דעמאָלט אָנגעפירט געוואָרן אויף דער ייִדישער אַרבעטער־גאַס, דער אידעען־קאַמף צווישן די פאַרשיידענע ריכטונגען פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן אין ליבינס דערציילונגען קיין אָפּקלאַנג ניט געפונען. ליבין האָט זיך באַנוגנט מיט אויסדריקן זײַן מיטלײַד און מיטגעפיל בלויז אין שילדערן דאָס שווערע לעבן פון די אַרבעטער; ער האָט זעלטן בלויז אויסגעדריקט דעם פּראָטעסט פון דעם דערוואַכנדיקן ייִדישן אַרבעטער אין אַמעריקע.

אין דער אַרבעטער־פּרעסע האָבן זיך אויך פון צײַט צו צײַט באַוויזן דער־ציילונגען און בילדער פון מענטשן, וואָס זײַנען שפּעטער אין גאַנצן פאַרשוווּנדן פון דער ליטעראַטור, אָדער וואָס זײַנען איבערגעגאַנגען אויף אַנדערע געביטן פון ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק.

שריפטשטעלערס ווי ב. ווײַס, ב. ג. ריטשאַרדס, מאָררים, ראַססאָס, י. ראָזעט, יעקב מאַרינאָוו, מ. זאַמעטקין האָבן אין יענע יאָרן פאַרעפנטלעכט דערציילונגען און בילדער פון אַרבעטער־לעבן. די דערציילונגען האָבן אָבער ניט קיין גרויסן ליטעראַרישן ווערט. קיין איבעריקן וויכטיקן טאַלאַנט פאַר בעלעטריסטיק האָבן די שרײַבערס ניט אַרויסגעוויזן. דאָס זײַנען געווען טרוקענע טענדענציעזע זאַכן, דאָס זײַנען מער באַריכטן ווי דערציילונגען, מער צײַטונג־נײַס ווי קינסט־לערישע בילדער.

יואל ענטין (געב׳ 1875), דער אומדערמידלעכער קולטור־טוער, טע־אַטראַל און ליטעראַט, האָט אויך פּרובירט שרײַבן בעלעטריסטיק. אין זײַנע דערציילונגען „קינדעריאָרן״ (1900), „אַ לעצטעס וואָרט״ (1899) טרעט ענטין אַרויס ווי אַ ליריקער, אין זײַנע זאַכן מערקט זיך אַ לירישער אויסגוס, און זייער אָפט פאַלט ער אַרײַן אין אַ טאָן פון סענטימענטאַליטעט. ענטין האָט ניט גע־שילדערט דאָס לעבן אין אַמעריקע, נאָר האָט געטרוימט און רעמיניסצירט פונעם לעבן אין אייראָפּע.

דער טאָן פון זײַן גרעסערער דערציילונג „אַ לעצטעס וואָרט״ איז באַ־הערשט פון פּעסימיזם און אַנטוישונג. אומקום זײַנען דאָרטן די גרונט־מאָטיוון. מיר באַגעגענען דאָ אַ יונגנמאַן, וואָס האָט געטרוימט, געחלומט, האָט געוואָלט גוטס טאָן דער מענטשהייט — אָבער ער קאָן זײַנע טרוימען ניט פאַרווירקלעכן. ער געפינט ניט קיין רו, ניט אין אייראָפּע און ניט אין אַמעריקע. ער דערפילט,

אַז זײַן גאַנץ לעבן האָט ניט קיין זינען — און ער באַגייט זעלבסטמאָרד. עס איז די טראַגעדיע פֿון אַ סך יונגעלײַט, וואָס זײַנען געקומען קיין אַמעריקע מיטן צוועק אויפֿצוטאָן גרויסע זאַכן — זיי האָבן זיך אָבער ניט געקאָנט צופּאַסן צום שווערן לעבן דאָ, און זײַנען אומגעקומען.

אין לויף פֿון דער אַרבעט איז אונדז שוין ניט איין מאָל אויסגעקומען צו קאָנסטאַטירן, אַז די קינסטלערישע ליטעראַטור אין אַמעריקע איז הויפּטזאַכלעך אויפֿגעקומען אין דער אַרבעטער־פּרעסע. עס איז אַ פֿאַקט, אַז אַרום דער בעל־הבתישער פּרעסע האָבן זיך ניט גרופּירט קיין קינסטלער און עס איז אויף די שפּאַלטן פֿון אָט דער פּרעסע ניט אויפֿגעקומען קיין וויכטיקע קינסטלערישע ליטעראַטור. די לייענערס פֿון דער בירגערלעכער פּרעסע זײַנען אַזוי דעמאָראַ־ליזירט געוואָרן פֿון די שונדראָמאַנען, אַז ווען מען האָט אין אַ בירגערלעכער צײַטונג אָנגעהויבן צו דרוקן פּרץ'ס דערציילונגען, האָבן די לייענערס פּראָטעס־טירט און מען האָט פּרצ'ן אויפֿגעהערט צו דרוקן דאָרטן. (15) עס איז דערי־בער ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז אין אַזאַ אַטמאָספֿערע האָט ניט געקאָנט באַשאַפֿן ווערן קיין אמתע פֿרײַהייטלעכע און הומאַנע ליטעראַטור. אַרום דער ביר־גערלעכער פּרעסע האָט זיך דאָך אַנטוויקלט בלויז איין שרײַבער, דאָס איז י. זעווין—תּשר״ק (1872—1926). תּשר״ק איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1889 און האָט זײַן ליטעראַרישן דעביוט געמאַכט אין דעם „יִדישן טאָגעבלאַט״ אין 1893. זינט דעמאָלט איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון אָט דער צײַטונג און איז פֿאַרבליבן אויפֿן זעלביקן פּאָסטן ביז זײַן טויט.

תּשר״ק האָט גוט געקאָנט דאָס יִדישע לעבן אין אַמעריקע, וואָס איז געווען נײַ און פֿאַרעמלאָז. דער יִדישער קיבוץ אין ניו־יאָרק איז געווען פֿול מיט פֿאַרשיידענע מינים מענטשן וואָס האָבן זיך געמוזט „אויסגרינען״ און צופּאַסן זיך צו די פֿירונגען און מינהגים פֿון דעם נײַעם לעבנס־שטייגער. עס זײַנען דעמאָלט פֿאָרגעקומען טראַגיש־קאָמישע פּאַסירונגען, און תּשר״ק האָט אויף אַ הומאָריסטישן אופֿן געשילדערט די טראַגיש־קאָמישע זײַטן פֿון יענעם אַרט לעבן. תּשר״ק באַציט זיך מיט רחמנות צו זײַנע טיפּן און זײַן הומאָר איז אָפֿט מאָל דורכגעדרונגען מיט צאַרטקייט און מיט סענטימענטאַליזם.

תּשר״קס העלדן זײַנען מערסטנס אָרעמע יִדישע פּעדלערס. אין זײַנע דערציילונגען גייט דורך פֿאַר אונדז אַ גאַנצע פּראָצעסיע פֿון קאָמישע טיפּן — טיפּן פֿון דער נײַער יִדישער געטאָ. אין זײַנע דערציילונגען „אין גלות״, „דאָס לעבן אין פּלא לוי לוי״, „אַ ניו־יאָרקער שבת־נחמו״, „דער קאָנסיליום״ שיל־דערט תּשר״ק פֿאַרשיידענע יִדישע טיפּן. די דערציילונגען זײַנען דורכגע־דרונגען מיט אַ לעבנסלוסטיקן, פּשוטן הומאָר. אין דער דערציילונג „אַלול״ קלאָגט תּשר״ק אויף דעם קריזיס פֿון יִדישקייט אין אַמעריקע. (מען האָט, ווי ס'ווײַזט אויס, שוין דעמאָלט דיסקוטירט די פּראָבלעמען פֿון קיום־הלאום אין אַמעריקע.)

# קאַפּיטל פינף

דער פּעריאָד, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, פאַלט צענויף מיט דעם אויפבלי פון דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור אין איראָפּע, ווו עס אַנטשטייט דער־מאַלט דער קלאַסישער פּעריאָד פון אונדזער ליטעראַטור. עס איז די עפּאָכע פון מענדעלע מוכר־ספרים, י. ל. פּרץ און שלום־עליכם. אין אַמעריקע ווערט אין דער זעלביקער צייט באַטראַכט פאַר אַ דערגרייכונג אַ דערציילונג פון יעקב גאָרדין אָדער ז. ליבין. די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע אין די יאָרן 1870—1900 קאָן זיך לחלוטין ניט פאַרגלייכן מיט דער איראָפּעאיש־יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט. פון איין זייט פאַרמאָגן מיר מענדעלע מוכר־ספרים, און פון דער צווייטער זייט — יעקב גאָרדין. אין איראָפּע — י. ל. פּרץ, אין אַמעריקע — ז. ליבין, דאָרטן — שלום־עליכם, דאָ — ז. ליבין. מען דאַרף אָבער ניט פאַרגעסן, אַז די יידישע ליטעראַטור אין איראָפּע האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ זעקס הונדערטיאָריקע געשיכטע, און אַז די קלאַסיקערס פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור האָבן הינטער זיך געהאַט אַזוינע פאָרגייערס ווי ישראל אַקסענפעלד ,שלמה עטינגער און ענלעכע שריפטשטעלערס. די יידישע ליטע־ראַטור אין אַמעריקע האָט אָבער אין יענע צייטן געשטעלט אירע ערשטע טריט און האָט ניט געהאַט הינטער זיך ניט קיין געשיכטע, ניט קיין מוסטערן און ניט קיין טראַדיציע.

אמת, די גרונטלייגערס פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע זיינען טאַקע געקומען פון איראָפּע. זיי זיינען אָבער מערסטנס געווען רוסיפיצירטע יידן און האָבן ניט געהאַט קיין שום אַנונג פון דער יידישער ליטעראַטור. די גאָרדינס, די ליבינס און די קאָברינס זיינען דאָ געווען די אָנהייבערס, די גרונט־לייגערס פון דער יידישער קינסטלערישער פּראָזע, און אַז אָנהייב האָבן זיי גע־מאַכט אַ גוטן, — דאָס האָבן זיי דאָ געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער ליטעראַ־טור, וואָס האָט זיך שפּעטער אַזוי רייך און קאָלירפול צעבליט און פונאַנדערגע־בליט אויפן רייכן באָדן פון דעם נייעם לאַנד — אַמעריקע. אָבער די מערסטע פון זיי זיינען געווען, ביז זייער אָנקומען קיין אַמעריקע, ווי ס'איז שוין פריער אָנגעוויזן געוואָרן, אַסימילירטע אָדער האַלב אַסימילירטע יידן, אָן דער מינדסטער אַנונג און באַקאַנטשאַפט מיט די ווערק פון אונדזערע גרויסע, יידישע קלאַסי־קערס.

---

(1) אַרבעטער־צייטונג, נומער 6, 1890.

(2) אַרבעטער־צייטונג, 12טן סעפּטעמבער 1897.

(3) לעאָן קאָברין, געזאַמלטע שריפטן, היברו פּאַבלישינג קאָ., ניו־יאָרק 1910.

(4) די יידישע איבערזעצונגען פון די דערציילונגען ווערן געגעבן אין ב. גאָרינס געזאַמלטע שריפטן, ניו־יאָרק 1927, ערשטער באַנד.

(5) די דערציילונגען זיינען געגעבן אין די געזאַמלטע שריפטן, ניו־יאָרק 1927, ערשטער באַנד.

(6) מ. ווינטשעווסקי, אַ טאָג מיט יעקבֿ גאָרדין. ניו־יאָרק 1909, ז׳ 87—88.

(7) דאָס ציטירטע בוך, זײַט 32.

(8) משה שטאַרקמאַן, „יעקבֿ גאָרדינס דעביוט אויף יִדיש״. יוואָ־בלעטער, באַנד III 1932, זײַטן 180 און ווײַטער.

(9) יעקבֿ גאָרדינס דערציילונגען. די אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטעק פֿאַרלאַג־קאָמפּאַניע, ניו־יאָרק 1900. — אַלע דערציילונגען אין דעם דאָזיקן באַנד, אַחוץ די וואָס זײַנען באַצייכנט מיט שפּעטערדיקע דאַטעס, זײַנען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1891—1898.

(10) אין דעם זעלביקן ציטירטן באַנד.

(11) אין דעם זעלביקן ציטירטן באַנד.

(12) זעלביקע זאַמלונג.

(13) זעלביקע זאַמלונג.

(14) די דערציילונג איז געווען געדרוקט אין דער צוקונפֿט 1892. זי איז צום ערשטן געווען געדרוקט אין רוסיש און איז איבערגעזעצט געוואָרן פֿון גאָרדינען אַליין.

(15) ב. גאָרין, „די אויפֿבליִונג פֿון דער יִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע״, צוקונפֿט 1902, זײַטן 340—341.

## קאַפּיטל זעקס

# די ייִדישע פּאָעזיע

די אַמעריקאַנער ייִדישע פּאָעזיע איז אויפֿגעקומען אין די לעצטע 20 יאָר פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. באַשאַפֿן האָבן זי סײַ די יעניקע וואָס האָבן אָנגעהויבן שרײַבן אין אַמעריקע, סײַ די יעניקע וואָס האָבן נאָך אָנגעהויבן זייער ליטעראַרישע קאַריערע אין אייראָפּע. אַמעריקע האָט אָבער געלייגט איר ספּעציפֿישן שטעמפּל אויף דער ייִדישער פּיאָנירן־דיכטונג דאָ אין לאַנד. מען קאָן זאָגן אויף זיכער, אַז די ייִדישע דיכטונג אין אַמעריקע איז באַלד בײַם אָנהייב אַמעריקאַניש. די דיכטערס שרײַבן מערסטנס אויף אַמעריקאַנער טעמעס, און אַפֿילו יענע וואָס שרײַבן ניט אויף אָט די טעמעס זײַנען באַווירקט געוואָרן פֿונעם לעבן און פֿון דער אַטמאָספֿערע פֿון דער נײַער וועלט.

די ייִדישע דיכטונג אין אַמעריקע אין די לעצטע דרײַסיק יאָר פֿון 19טן יאָרהונדערט איז מיט קליינע אויסנאָמען דורך און דורך סאָציאַל אין איר אָריענטאַציע. די דיכטערס גיבן זיך אָפּ מיט אַקטועלע פּראָגעס. סײַ יענע דיכטערס, וואָס זײַנען אויסגעשפּראָכן סאָציאַל אין זייערע ווערק, סײַ יענע, וואָס שרײַבן ניט דירעקט וועגן אַרבעטער און וועגן דעם אַרבעטערס נויט, זײַנען אָבער אַלע סאָציאַל באַוווסטזיניק. זיי באַרירן אַלע אַקטועלע געזעלשאַפֿטלעכע פּראָגעס און די פּראָבלעמען פֿון דעם ייִדישן אימיגראַנט אין אַמעריקע. ווי מיר וועלן באַלד זען, האָט שוין די ערשטע ייִדישע לידער־זאַמלונג, וואָס איז אַרויס אין אַמעריקע, אַנטהאַלטן אַקטועלע מאָטיוון. דער דיכטער האָט געשריבן וועגן ענינים, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם טאָג־טעגלעכן לעבן דאָ אין לאַנד. די ערשטע ייִדישע דיכטערס אין אַמעריקע האָבן ניט געשוועבט אין די הימלען — זיי זײַנען געווען ענג פֿאַרבונדן מיטן לעבן, מיט די מאַסן, — און דערפֿאַר דאָמינירט מסתמא אין דער דיכטונג אַלע מאָל די אידעע, די פּראָבלעם — און ניט די פֿאָרעם. די סאָציאַלע אידעע איז געווען דער גרונט־מאָטיוו פֿון דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליריק, אין יענע יאָרן. און שפּעטער זײַנען צוגעקומען דיכטערס, וואָס האָבן פֿאַראייניקט די אידעע מיט דער פֿאָרעם און באַשאַפֿן אַן עכטע ייִדיש־קינסטלערישע דיכטונג. דער פֿאַרדינסט פֿון די ערשטע אַמעריקאַנער ייִדישע דיכטערס ווערט אָבער ניט געמינערט. אונדזער געשיכטלעכער זכרון דאַרף זיי דאַנקבאַר זײַן דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר אַ גרויסער און פֿאַרברײַטער ייִדישער דיכטונג אין אַמעריקע.

די ייִדישע דיכטונג פֿון די יאָרן, וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, קאָן אײַנגעטיילט ווערן אין דרײַ גרופּעס. צו דער ערשטער גרופּע געהערן אַזוינע דיכטערס ווי

סאָבעל, רייזנגאָלד, צונזער, גאָלדפאַדן. די דאָזיקע גרופּע האָט געהאָלפן לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע, כאָטש קיין גרויסע קונסטווערטן האָבן זיי אַליין ניט באַשאַפן. זיי זיינען אָבער געווען די פּיאָנירן. און אויב מיר פרעגן אָפּ דעם ריינעם דיכטערישן ווערט פון די מערסטע לידער זייערע, זיינען זיי אָבער קולטור־היסטאָריש וויכטיק פאַר אונדז, און אַ שטודיע וועגן יענע יאָרן קאָן זיי בשום אופן ניט אויסלאָזן אין גאַנצן. דאָס איז שוין דער ספּעציפישער גורל פון פּיאָנירן.

די צווייטע גרופּע איז באַשטאַנען פון די מער רייפערע דיכטערס ווי מ. ווינטשעווסקי, ד. עדעלשטאַט, י. באָוושאָווער און מ. ראָזענפעלד. דערנאָך קומען די נאָכפאָלגערס, אָדער די מינאָרנע דיכטערס: נ. לעמפּערט, וו. קיינער, נ. באַבאַד, ב. ראָזענבלום און אַנדערע.

יעקב צבי סאָבעל (1831—1913), אַ משכיל, אַ סטודענט פון אָדעסער אוניווערסיטעט, אַ געוועזענער רב, אַ קולטור־טוער אין אָדעס, האָט געהאַט דעם כבוד אַרויסצולאָזן אויף דער וועלט די ערשטע געדרוקטע יידישע לידער־זאַמלונג אין אַמעריקע. אין 1877 איז אין ניו־יאָרק דערשינען אַ קליינע לידער־זאַמלונג, אין העברעיש און יידיש, פון דעם מחבר יעקב צבי סאָבעל. (1) די קליינע לידער־זאַמלונג שטעלט מיט זיך פאַר דעם אָנהייב פון דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע. זינט יענער צייט האָט זיך אַנטוויקלט אין אַמעריקע אַ רייכע און טיפע יידישע דיכטונג, אָבער אַ המשך — אַ ריין אויסערלעכער המשך — צווישן סאָבעלס פּרווו און דער היינטצייטיקער יידישער דיכטונג איז זיכער פאַראַן. שוין דאָס ערשטע ליד, מיט וואָס די זאַמלונג הייבט זיך אָן, גיט זיך אָפּ מיט אַ פּראָבלעם, וואָס איז איצט אַזוי אַקטועל, ווי זי איז געווען אין 1877.

## די בינע (בין)

צו דער בינע:

וואָצו, דו בינע, ווילסט דו נור בעשטרעבן,\
פאַן דיינעם האָניקע אַנדערן צו געבן?\
ווייסטו דען ניכט, אַלע ווערדן עס נאַסן\
און דיך פּיליַיכט פאַן הונגער שטערבן לאַסן?

די בינע:

איך וויס עס, איך בין אָבער זאָ געשאַפן,\
זיך פאַרגניגן, אונד פאַרגניגן פערשאַפן!

צום מחבר:

דו, יידישער שריפטשטעלער, זאָגע, וואָצו\
שרייבסט דו, ווען דו איין יודע ביסט, איין דזיו?

## קאפיטל זעקס

מיט דער פעדער בייסט דו, זאָ ווי די בינע,
ווען אויך דו גיבסט האָניק אויס דיינעם זינע,
געהיילט ווירד ווערדן ווער פאָן דיר געניסן.
פיליכט אויך דיר שמייכלען, דו האָסט טאַלענט,
אָבער ווירסטו דען פּראָפיטירן אין סענט?
מאַנכער יודע, ווערד נאָך דיין ווערקכען לייהען,
און עס לעזן שטיל, אונד הער נאָך שרייען,
„ניע לעזע איך יידישע ליטעראַטור,
דען איין בריטע בין איך, אָדער גאָר איין מור,
זאָגע נון, שריפטשטעלער, דו יודע, דו דזיו,
וואָצו דיין שרייבן, דיינע מיע וואָצו?

דער מחבר:

איך וויס עס, לאָסן זי אויס מיינעם ווערק נאָסן,
אָבער, מאָן מוס לעבן, אויך לעבן לאָסן.

**„ישׂראל דער אַלטער" איז אַ נאַציאָנאַליסטיש ליד ווענן דעם ייִד און וועגן דער העברעיִשער שפּראַך.**

פיל וויכטיקער איז סאָבעלס לענגער ליד „דער פּאָלנישער תּלמיד־חכם אין אַמעריקע". דאָס ליד איז געשריבן אין אַ שפּראַך, וואָס איז ניט קיין יידיש און ניט קיין דייטש, נאָר אַ מין דייטשמעריש, — און דאָך איז עס אויך שפּראַכ־לעך ווערטפול, ווייל עס דערמאָנט אונדז דעם ריזיקן מהלך, וואָס יידישע דיכ־טונג אין אַמעריקע האָט דורכגעמאַכט זינט 1877. דאָס ליד איז אויך וויכטיק פון טעמאַטישן שטאַנדפּונקט. עס גיט אונדז אַ רעאַליסטישע שילדערונג פון דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע ערבֿ דער גרויסער מאַסן־אימיגראַציע. קינסט־לעריש האָט דאָס ליד אַ קנאַפּן ווערט — עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, אַז די ערשטע יידישע לידער־זאַמלונג אין אַמעריקע זאָל אַנטהאַלטן אַן אויסגע־שפּראָכן סאָציאַל־רעאַליסטיש ליד, אַ ליד וואָס גיט איבער אין רעאַלע בילדער דאָס לעבן פון יענע יאָרן. סאָבעל געהערט ניט צו דער שפּעטערדיקער גרופּע פון אויסגעשפּראָכענע סאָציאַלע דיכטערס. עס איז אָבער אינטערעסאַנט, אַז די הייַנטיקע אַמעריקאַנער יידישע דיכטונג האָט הינטער זיך אַ טראַדיציע פון סאָציאַלער דיכטונג, און אַז אין דעם ערשטן ביכעלע לידער, וואָס איז דערשינען אין אַמעריקע, יעקבֿ צבֿי סאָבעלס „ישׂראל דער אַלטער", דאָמינירט שוין דער סאָ־ציאַלער מאָטיוו. מיר ברענגען דאָ אין גאַנצן דאָס לאַנגע ליד „דער פּאָלנישער תּלמיד־חכם אין אַמעריקע", אי דערפאַר ווייל סאָבעלס ביכל לידער איז אַ יקר־המציאות און דער לייענער קאָן ניט אַלע מאָל באַוויזן צו באַקענען זיך מיט דעם, און אויך דערפאַר וואָס ווי ווייניק איינער זאָל ניט שעצן סאָבעלס דיכטונג, איז

## די ייִדישע פּאָעזיע

**ער דאַרף דער מחבר פֿון ערשטן ביכל ייִדישע לידער, וואָס איז דערשינען דאָ אינעם נייעם לאַנד:**

1

נון, בין איך שוין אין דעם פֿרייען לאַנדע,
וואו עס עקזיסטירט פֿרייע רעכט,
וואו דער יודע איזט ניכט צו שאַנדע,
וואו דער העבר איזט גלייך ווי דער קנעכט,
וואו עס גיבט קיינע סקלאַפֿן,
קיינע באַראָנען, קיינע גראַפֿן;
נו, גאָט זיי דאַנק, איז מיר אַלעס געלונגען!
פֿוילע יחוס, פּאַני וועלמאָזשי,
קנאה, שׂנאה, חוצפּה, העזה,
מיט רעליגיאָנס־האַס האָט דער ים פֿאַרשלונגען.
צוואַר ביי זיך האָב איך נור איין סענט,
אונד מיין זאָן קען זיין פֿילייכט פּרעזידענט!

2

איך תּלמיד־חכם אויספֿאַלען,
דאַכט האָבע איך געדולד פֿיל;
פֿיר ווירדע איך מיך ערפֿאַלן,
עררייכן דאָס גאָלדענע ציל;
היר מיס איך בעשטרעבן
ווי איין מענטש צום לעבן,
שאָן ענדע מיט דעם ווילדן געזינדל,
שאָן איין ענדע מיט מסר׳ן,
מיט רבֿלעך, מיט אַסר׳ן,
שאָן ענדע מיט אַלער שווינדל,
דיר בין איך יהודי, ניכט דורך אויגן גלאַנצן,
אַרבייטן, ערלעכקייט, זאָל זיין מיין פּאָסטן.

3

איך זע איין שלאָס מיר ענטגעגן,
גראָס אונד האָך ווי איין גיגאַנט,
צו אים פֿאָרן פֿיל וואָגן,
גוטע פֿערדע הין איינגעשפּאַנט,

עס גיבט איין אָרקעסטער,
אויך איין כאָר דער בעסטער;
איך גלויבטע, דאָס זײַ אין פאַבריק,
אונד יענע רײַכע פּריסט
איזט גאָר איין אַרטיסט,
ער אונטעררירכט פּיזיק, מוזיק,
די פּערדע זינד פּיר יענעם אַרמען בוי,
ייִדן איבן זיך היר, אים אַקער־בוי.

4

וויר צייכענען זיך אויס אַלס עם־סגולה,
אויך איך בעקאָמע לאַנד און הויז,
דען היר גיבט דאָך איינע לאַנד־בוישולע,
צווײ זענע אַרבעטן דאָס לאַנד אויס,
איך בעקאָמע פּערדע, אָקסן,
ווייץ אונד ווײַן, נור קיין לאַקסן.
איך אַמעריקאַנער! איך בין קיין נאַר!
צווײ זאָנע לערנען שלאָסער,
איינער אַרצט, איינער לאַנד־מעסער,
היר גיבט אויך איין ייִדישער סעמינאַר.
מײַן מוזיניק האָט דאָרט סטודירט ראַבינער,
די זינדט פאַרזאָרגט מיט סאָפּער, מיט דינער!

5

קוים האָט מען מיך אין יענעם שלאָס
דאָרט הינאײַן געפירט,
דאָ קאָם צו מיר דער באָס
(ער שײַנט צו זײַן ציוויליזירט),
ער זאָגטע מיר מיט היצע:
הערונטער איר מיצע!
היר איזט יאָ טעמפּל, איין גאָטעס־הויז,
אונד דאָס קאָסטעט איינע מיליאָן
דער ייִדישן אָרמען נאַציאָן?!
שרי איך ערשראָקן אויס.
זאָ פּריסט אין פּריסט אויף הונדערט אָרמע ברידער
אונד איין נאַר מעטצלט אונז טויזנטע נידער!

**6**

אונד פלעצלעך האָב איך זיך אויך געוואַכט.
איך זעהע: איין לאַסט אויף מײַנע רוקן,
איך טראָגע עס איבער קראָפּט איבער מאַכט,
נישט דאָ מיט וואָס זיך צו ערקוויקן:
אַך, אַזוי, ווײ איז מיר!
איך קריכע אויף אַלע פיר
צו נאַכטן אירגענד בײַ איינעם פּאַרמער,
איך שטײ אויף מאָרגן
פול קומער, פול זאָרגן.
עס איזט איין עלנט, איין יאָמער!
זאָ, לעבע איך היר אין דער נײַען וועלט,
ביז איך ערווערבע מיך איין ווענים געלט.

**7**

איך האָב שאָן געלד, בין איך דאָך קיין פול,
מאַן צאָלט מיך שאָן אונטער דאַנטל לײַט,
זאָ גינג איך נאָך איינער שול,
פלעצלעך! וואַר דאָרט איין גראָסער שטרײַט.
מאַן באַגראָבט זיך צען קלאַפּטער,
אום ששי אָדער מפטיר,
זאָ ענטראַן איך פאַל אַנגסט, פאַל בעגיען,
אום צו האָבן איין עקסעמפּל,
פאַן דער שול מיט דעם טעמפּל,
נאָך איינעם קלײַב וועלכע דאַנעבן,
דאָרט וואַרן פאָלן און דײַטשן בײַזאַמען,
דזענטל לײַט, דזענטל וומענס, הערן און דאַמען.

**8**

איין יענקע שטרײַט, ווירד דאָרט געשטרײַטן,
איך בין יענקע! דען איך רופּע מײַן ווײַב „ווײַף״.
נײן, איך בין יענקע! וואָלטע דער צווייטע ביטן;
דען איך ווייס באַס עסן, צו האַלטן פּאַרק אונד נײַף,
אונד מײַן מיסיס האָט אַלע נײַע צײַן!
אונד איך גיי סאָנדיי אין טשוירטש בעשטענדיק!

אונד איך קײַע טאַבאַק און קענדע זיסע!
אונד איך לעגע אויף דער טישביידע פּיסע
ווערנד איך גיב (וואָס ניכט אַנשטענדיק)!
אונד מײַן מיסיס קען ווי איין יענקע קוויטשען!
אונד מײַן מיסיס פלוידערט, אונד רעדט פּוילע וויצן!

**9**

אונד מײַן זאָן גייט שאָן אַכט יאָר אין סקול,
ער איזט שאָן איין אַמעריקאַנער (לויפּער)!
אונד מײַן זאָן וויים אַרפּמעטיקע (מער ווי איין נול),
אונד מײַן זאָן איין גוד טעמפּלער (דאָך איין זויפער)!
אונד מײַן זאָן ספּעלט שאָן *Dog!*
אונד מײַן זאָן וויים אויך ***Pig*** אונד ***Hog!***
אונד אויף מײַן זאָן מיינט מאָן ער זײַ איין קריסט!
אונד מײַן זאָן איז ווי איין רעפּובליקען סמאַרט!
אונד מײַן זאָן איז איין וואַרער דעמאָקראַט!
אונד מײַן זאָן איזט אין צען וואָכן מאַשיניסט,
אונד מײַן זאָן וויים צו הינער־אויגן מיקסטור,
אַמעריקע פֿאַרדאַנקט אונז פיר איר קולטור.

**10**

זאָ האָבן זי ניכט די גוטע מדות,
היר נאָך אַמעריקע געבראַכט,
ניכט פֿאָן השׂכּלה, ניכט פֿאָן חסידות,
אויף דעם האָבן זיי גאָר אויסגעלאַכט:
דו זאָגסט דאָך מאָן דאַרף זײַן אויך אין יידיש געלערט,
מיט דעם ווערד מאָן דאָך חלילה אויף געקלערט!
אונד וואָס זאָגסט דו זאָ וועגן אונזער נאַציאָן?
מיט דער יוגנד היר איזט שאָן געוויס אָל רײַט,
תּורה מיט חכמה איזט באַ אינען זאָ ווײַט,
דאָס זי וויסן זאָ פיל פאָן רעליגיאָן,
דאָס זי תּורה קאָנען ביז פּרשה בשלח,
אונד נאָך אין ענגליש — דאָס קאָנען נור איין מלאך.

**11**

אונד וויר זעלבסט זינד דאָך געוויס צדיקים,
שבת שיטן מיר צו נור קוילן,

וויר גלויבן אין רוחות און מזיקים,
וויר עסן אויך קוגל אונד סאָלן!
נור איין צדיק איזט דאָך אויך זינדיק,
דאָ שטאָפּט יעדער אויף פּסח איין אינדיק,
אויף יום־כּפּור שלאָגן מיר כּפּרות,
מיט פּוילע וויצן מיסן מיר זיך נעקן,
מיר מיסן זיך חטאים אויף דעקן,
אים אָב צו קאָמען טוען וויר זיך צרות,
זאָ מיסן וויר שטענדיק פּראָצעסע האָבן,
אונד מיט דעם צווייטנס צרה זיך לאָבן.

## 12

דען געוועגלעך אין יוראָפּ איין צבֿוע,
מוז זיך פּאַרמאַסקירן, פּערשטעלן,
עס מוס פּאַסטן גיין קריע־בליע,
אָדער מיט פּיל תּורה זיך קוועלן,
היר איז יעדער פּאָלאַק איין גאון,
יעדער דייטשע איין מענדעלסאָן,
דען אויך פֿרייַהייט בענוצן מיר און וויסן,
זאָ זעען וויר היר, דער חריף דער קלוגע,
איזט גלייַך געשעצט ווי דער בור דער משוגע,
דאָ זעען וויר דען גן־עדן אונד ניכט געניסן!
זאָ קלאָגט ער, זאָ שפּילט ער מיט דעם טרויעריקן פֿידל,
זאָ קלאָגט איין תּלמיד־חכם, איין פּאָלנישע ייִדל.

פֿון די דיכטערס פֿון עלטערן דור, וואָס זייַנען אָנגעקומען קיין אַמעריקע און האָבן אויך דאָ ווייטער פֿאָרגעזעצט זייער ליטעראַרישע טעטיקייט, דאַרף דערמאָנט ווערן צוויי — אַבֿרהם גאָלדפֿאַדן און אליקום צונזער. אליקום צונזער (1913—1890) איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1889. אין דער נייער וועלט האָט ער מיטגעבראַכט אַ רעפּוטאַציע פֿון אַ בדחן און פֿאָלקס־דיכטער. אין אַמעריקע האָט ער ניט געשריבן אַזוי פֿיל ווי אין אייראָפּע, אָבער דאָס וואָס ער האָט געשריבן איז געווען אין זעלביקן סטיל ווי זייַנע פֿריִערדיקע לידער וואָס ער האָט געשריבן אין אייראָפּע. קיין „פּאָעזיע" זייַנען צונזערס לידער ניט — דאָס זייַנען באַשרייַבונגען און משׂכּילישע פּריידיקערייַען אין גוטע און שלעכטע גראַמען. ס'רובֿ מאַכן זיי דעם אייַנדרוק פֿון אַרטיקלען און דרשות. אויך צונזער האָט זיך באַמיט צו באַנעמען די אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט און האָט אָנגעשריבן אַזוינע זאַכן ווי „קאָלומבוס אין וואַשינגטאָן", „פּאַרזען און פֿאַרשפּילט", „צום

פעדלער" און אַנדערע. אָבער אויך די דאָזיקע לידער זײַנען מוסר־דרשות אין גראַמען. צונזער איז דער כראַנישער בעל־יועץ און מוסר־זאָגער אין טראַס־קענדיקע גראַמען. זײַן „דיכטונג" קאָן פאַר אונדז האָבן בלויז אַ סאָציאַ־לאָגישן און קולטור־היסטאָרישן ווערט — צונזערס דיכטונג האָט אַ ווײַטע קרובֿהשאַפֿט מיט דער אַנטוויקלונג פֿון עכטן ייִדישן ליד אין אַמעריקע.

מיר ברענגען דאָ ווי אַ מוסטער זײַן ליד „צום פעדלער":

**1**

ווי לאַנג וועסטו, ייִדל, אַרומגיין און פעדלען?
און פֿאַלן צו לאַסט באַ די שכנים אין לאַנד,
וואָס שרײַען אין צײַטונגען און שטעכן ווי נאָדלען:
„דער ייִד איז אַ שנאָרער און שטעלט אויס די האַנט"!
דען וואָס איז פעדלען? — נאָר בעטן נדבֿות!
אַן אַלטער, אַ קראַנקער, גייט פעדלען בײַם קריסט,
מען נעמט פֿון זײַן באַסקעט, אַ פּין אויף קאַטאָוועס,
אַז דאָס זאָל ניט הייסן: מען שענקט אים אומזיסט!

**2**

עס גיבט באַ דיר, פעדלער, אין קאַנטרי, וואָס ריידן
און פֿאַרקויפֿן דזשולערי — קופּער פֿאַר גאָלד:
און טאָר זיך שוין קיינמאָל אין קאַנטרי ניט ווײַזן,
דען ער וואָלט באַלד מיט זײַן לעבן באַצאָלט . . .
קומט נאָך אים דאָרטן, אַ פעדלער אַ צווייטער,
ער מאָג זיך גראַדע ווי אָרנטלעך זײַן —
נעכטיקט אין דרויסן, אין שלעכטעסטן וועטער,
און קיינער לאָזט אים אין שטוב ניט אַרײַן!

**3**

ווי שווער און ווי ביטער איז פעדלערשער לעבן!
פֿאַרוואָגלט ווי קין. ווו טאָג און ווו נאַכט;
צו היץ און צו קעלט איז ער איבערגעגעבן,
קיין היים און קיין רו און איז שטענדיק פֿאַרשמאַכט!
שלעפּט אויף זיך פעק, וועלכע איבערן כוח,
בעקומט נאָך פֿון לויפֿער אַ „ישר" דערפֿאַר:
דער וואַרפֿט אים מיט שטיינער, דער שפּאַלט אים דעם מוח,
זײַן אָרעמער לעבן איז רק אין געפֿאַר!

### 4

וואָס זוכסטו זיך, ייִדל, אַזעלכע פּרנסות,
וואָס מאַכן דײַן נאָמען צו שפּאָט און צו שאַנד?
גיי לעז אין די צײַטונג אויף די ליבע דרשות..
זײַ בעסער אַ פּאַרמער און נעם זיך צום לאַנד!
האָב דיר דײַן הויז, דײַן פּעלד און דײַן גאָרטן,
זיי דאָרט און פּלאַנץ דאָרט — מיט אַלעמען גלײַך!
ווי ערלעך, ווי זיכער דײַן לעבן איז דאָרטן,
און האָסט נאָך אַ טשאַנז, מיט דער צײַט ווערן רײַך!

### 5

עס קומען צו טעגלעך רק גרינע און גרינע,
און יעדערער כאַפּט באַלד דעם באַסקעט אין האַנט;
זע, זאָלסט ניט לײַדן ווי יענע פֿון כינע...
וואָס זײַנען פֿאַרווערט היר צו קומען אין לאַנד.
פֿאַרגעס ניט, דו ייִד, אַז פֿון אַלע וועלט־טיילן
איז היר צו אַנטלויפֿן, דײַן איינציקער פּלײַס —
ווען דו זאָלסט, חלילה, אָט די לאַנד פֿאַרשפּילן,
ווּ לויפֿט מען שוין דאַמאָלסט? אוי, זאָג, ווער עס ווייס!

### 6

ווּ איז דעם באַראָן הירשס גרויסע נדבֿות,
וואָרום לאָזט איר שלאָפֿן אָט דעם קאַפּיטאַל?!
ווּ זײַט איר, גבאים, איר שטאָט בעלי־טובֿים?
וואָס זוכט איר ניט מיטלען צו העלפֿן דעם כּלל?
לאַנד אין אַמעריקע איז לײַכט צו קריגן.
באַזעצט עמיגראַנטן, גיט לערער צו זיי!
זיי זאָלן זיך לערנען, זיי זאָלן זיך קליגן,
צו זייען, צו פּלאַנצן דאָרט פּרוכט אַלערליי!

### 7

וואָס זינגט איר, פּאָעטן, פֿון בלומען, פֿון פֿייגלעך?
דאָס ליד האָט לאַנג שוין איר צײַט אָפּגעלעבט!
דאָס פּאַסט צו פֿאַרשלעפֿערן קינדער אין וויגלעך.
גיט בעסער דעם קראַנקן זײַן היילונגס־רעצעפּט!

איר זעט, אײַער פֿאָלק ליגט יעצט אין סכּנות.
מען רעדט פֿון זיי העכער... וואָס קאָן זײַן דער סוף?
גיסט צו צו דער מוזע איין טראָפּן פֿון רחמנות,
און פֿירט אויף אַ וועג די פֿאַרבלאָנדזשעטע שאָף!

**8**

ווער שלײַפֿט מיר די אויגן צו קוקן פֿון ווײַטן?
אַדו! ווער וואָלט מיר געבן אַזאַ טעלעסקאָפּ!
איך זאָל קענען זען די גליקלעכסטע צײַטן,
ווי פעדלען און שווינדלען באַ יידן אַראָפּ!
איבעראַל זאָל איך זען נאָר פֿאַרמער פֿון יידן,
און לעבן צוזאַמען, אין שלום און פֿרייד...
דאַן וואָלט מײַן האַרץ זיך באַרואיקט צופֿרידן, —
און איך וואָלט זיי זינגען „דעם שניטערס" אַ ליד!

(„צום פעדלער")

אליקום צונזער טרעט אַרויס אין דעם ליד קעגן די פּעדלער — ער פּריי־דיקט, אַז יידן זאָלן זיך נעמען צו פֿאַרמעריַי, צו פּראָדוקטיווער ערד־אַרבעט — אַן אידעע, וואָס ד"ר חיים זשיטלאָווסקי וועט ניט מיד צו פּראָפּאַגאַנדירן אַ לעבנ־לאַנג אין זײַנע שריפֿטן און פֿאָרטראָגן. פֿונעם סאָציאָלאָגישן שטאַנדפּונקט קאָן מען יאָ אײַנשטימען אָדער ניט אײַנשטימען מיט צונזערס טעזע, אָבער מיטגעריסן ווערן פֿון דער מעלאָדיק, פֿון דעם עמאָציאָנעלן ליריזם — מיטלען, מיט וועלכע יעדע עכטע דיכטונג אָפּערירט — קען מען ניט פֿון צונזערס דיכטונג. זײַן דיכ־טונג איז בלויז נאָך אַ באַווײַז, אַז גוטע, גלאַטע גראַמען זײַנען נאָך ניט קיין דיכטונג.

דער נאָמען אַבֿרהם גאָלדפֿאַדן איז שוין פֿריער דערמאָנט געוואָרן אין פֿאַרבינדונג מיט דער יידישער דיכטונג, ווײַל גאָלדפֿאַדן האָט אַחוץ זײַן טעטי־קייט אין זשורנאַליזם און דראַמאַטורגיע אויך געשריבן פּערזן. אין זײַנע פּערזן זינגט ער הויפּטזאַכלעך פֿון יידן, יידישקייט און וועגן זײַן ליבע צום יידישן פֿאָלק. זײַנע פּערזן זײַנען געשריבן אין דער פֿאָרעם פֿון פֿאָלקסטימלעכע קופּלעטן, און ווי אַזעלכע זײַנען אייניקע פֿון זיי וואָרעם, פּשוט און ליריש. גאָלדפֿאַדנס פּערזן, באַזונדער די דאָזיקע וואָס ער האָט געשריבן אין אַמעריקע, אילוסטרירן אַ געוויסע שאַטירונג אין דעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס פֿון דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע; זיי האָבן אַפֿילו אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט. אין אַ געשיכטלע־כער באַקאַנטשאַפֿט מיטן וווקס פֿונעם יידישן ליד אין אַמעריקע איז כּדאַי דאָ צו ברענגען אַ מוסטער פֿון גאָלדפֿאַדנס פּערזן:

# דאָס פּינטעלע ייִד

**ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ.**
(ד״ה א׳, מ״ז כ״א)

איך האָב דיך ליב ליב, מייַן פֿאָלק, דו טייַערע אומה!
דו שטאַרקע, דו שיינע, די פֿייַנע, דו פֿרומע!
איך האָב ליב דייַן אמונה — דייַן הייליקע תּורה.
נאָך אין וויגל האָב איך געהערט „דאָס איז די בעסטע סחורה״,
איך האָב ליב דייַן נאָמען ווי מען גיט אים אַ דריי:
צי „ישׂראל״ צי „איזראַעל״, צי „עבֿרי״ צי „עברעע״,
צי „יעקבֿ״ צי „יעקאָב״, צי „יודע״ צי „יוד״;
איך האָב דיך ליב אַפֿילו בייַם נאָמען „זשיד״!

„זשיד״! — וואָס איז זשיד? — וואָס ייִד, אַלץ איינס.
ייִד! — וואָס איז ייִד? — איין אומהלע אַ קליינס.
אַ קליינס — און איטלעכן גרויס אין די אויגן.
אַ געמיינס — און אויף גאָלד און זילבער ערצויגן,
אַ דערשלאָגנס — און שלאָגט זיך צו אַלעמען צו,
אַ פֿאַרוואָרפֿנס — און אומעדום געפֿינט עס זייַן רו,
אין דער פֿרעמד איינגעבעטן און בעט קיין גאָלד בייַ קיינעם.
זשיד! אָט האָסטו דעם פּאַרשוין דעם שיינעם!!

**(1887)**

**צו דער גרופּע גאָלדפֿאַדן־צונזער געהערן אויך די לידער־פֿאַרפֿאַסער שלמה שמולעוויטש און יצחק ריינגאָלד.**

שלמה שמולעוויטש **(1868—1943) איז נאָך אין אייראָפּע געווען באַוווּסט ווי אַ בדחן און זינגער פֿון זייַנע אייגענע לידער. אין אַמעריקע איז ער אָנגע־קומען אַרום 1891 און האָט זיך גלייַך אַרייַנגעפּאַסט אין דער ייִדישער קולטור־סבֿיבֿה פֿון יענער צייַט. די אימיגראַנטן פֿון ערשטן דור, ווי מיר האָבן שוין עס ניט איין מאָל באַטאָנט, זייַנען געווען אָפּגעשטאַנענע, ניט־געבילדעטע ייִדן. זיי האָבן ניט געקאָנט באַנעמען קיין אמתע דיכטונג, קיין סובטעלע פּאָעזיע. דער הויפּט איז דאָס ריכטיק וועגן דער קליינבירגערלעכער ייִדישער מאַסע אין אַמעריקע. שמולעוויטש האָט זיך גוט אַרייַנגעלעבט אין יענער סבֿיבֿה און האָט געשריבן אַזוינע לידער ווי „יום הכּיפּורים״, „דאָס תּהילימל״, „דאָס טליתל״ און אַנדערע לידער פֿון דעם זעלביקן זשאַנר, לידער וואָס האָבן געווירקט אויף די נאַציאָנאַלע געפֿילן פֿון די ייִדישע מאַסן. כאַראַקטעריסטיש פֿאַר שמולעוויטשן איז זייַן ליד**

קאַפּיטל זעקס

# אַ ייִדיש קינד

## 1

פֿון רינגעלעך אַ קייטעלע
פֿון דור־דורות אָן.
אַ לאַנגן יחוס־צעטעלע
האָט אונזער נאַציאָן.
אַ זעלטענע געשיכטעלע
געשריבן איז מיט בלוט,
וואָס גיט אויך אַ באַריכטעלע
פֿון ייִדנס שטאָלץ און מוט.
זײַן לעבן, זײַן שטרעבן, זײַן עקזיסטענץ ביז הײַנט,
זײַן ריינקייט, זײַן שיינקייט, זײַן שׂונא און זײַן פֿרײַנד.
יאָ! אַ ייִדיש קינד, אַ ייִדיש קינד,
דערקאָנט איר גיך, געשווינד.

### רעפֿריין:

ער מעג זײַן איינער פֿון די גראַפֿן,
העלדיש טראָגן ריטער־וואָפֿן,
אָדער ווינען צווישן שקלאַפֿן,
וווּ אים טראָגט אַוועק דער גלות־ווינט.
דאָך זײַן פֿירונג, זײַן סבֿלנות,
זײַן גוט האַרץ און זײַן רחמנות
זײַנען געטלעכע מתּנות,
און דאָס באַזיצט אַ ייִדיש קינד.

## 2

פֿון אונזער ליבן בורא׳לע
הויך פֿון הימל טראָן
אַן אוצר׳ל אַ תּורה׳לע
האָט אונזער נאַציאָן.
מיט איר זײַט יאָרן טויזנטע
שפּאַנט דער ייִד די וועלט,
דורך וועלדער, ימ׳ען ברויזנדע,
רעגן, היץ און קעלט.

גליטן, געשטריטן, קיין מאָל געוואָרן מיד;
ערטראָגן די פּלאָגן, און איז געבליבן אַ ייד.
יאָ! אַ יידיש קינד, אַ יידיש קינד,
דערקאָנט איר גיך, געשווינד.

(רעפריין)

**3**

צו ימים־טובים יידישע
אין שול מיט גאָטעס וואָרט,
ערהאַבענע, נגידישע
געדאַנקען זיינען דאָרט.
די תּפילות מיט די טרערעלעך
גרייכן גאָטעס טראָן:
אַזעלכע רייכע פּערעלעך
פאַרמאָגט גאָר קיין נאַציאָן.
זיין פילן, זיין צילן צו אַלעס וואָס איז שיין;
זיין שטילע פאַמיליע האָט דעם הימלס חן.
יאָ! אַ יידיש קינד, אַ יידיש קינד,
דערקאָנט איר גיך, געשווינד.

(רעפריין)

ווי מיר זען, איז דאָס נאַציאָנאַליסטיש־רעליגיעזע געפיל באַזונגען דורך פרי־מיטיווער גראַמען־פלעכטערײַ אָן עכטן געפיל — אַ זשאַנר, וואָס איז געווען שטאַרק באַליבט בײַ דער יידישער קליינבירגערלעכער מאַסע אין יענע יאָרן.

שמולעוויטש האָט אַליין פאַרפאַסט מוזיק צו אַ סך פון זײַנע לידער. זײַנע לידער זײַנען געווען זייער פּאָפּולער. מען האָט זיי געזונגען אין יידישן טעאַטער און אויף יידישע שימחות, — און פון דאָרט זײַנען זיי צעטראָגן געוואָרן אין יידישע הײַזער און יידישע היימען. אָבער זײַן פּאָפּולערסטע ליד איז געווען „אַ בריוועלע דער מאַמען״. דאָס ליד איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער און באַליבט דערפאַר וואָס עס האָט אויסגעדריקט דאָס געמיט פון אַ סך מאַמעס, וועמענס קינדער זײַנען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און האָבן אָפט מאָל אין גאַנצן פאַרגעסן סײַ אין זייער אַלטער היים, סײַ אין זייער אַלטער מוטער. דאָס דאָזיקע ליד פאַרמאָגט אַ פּשוטע געפילפולקייט און אַפילו אַ רירנדיקן ליריזם. מיר ברענגען עס דאָ ווי אַ מוסטער:

# אַ בריוועלע דער מאַמען

## 1

מײַן קינד, מײַן טרייסט, דו פֿאָרסט אַוועק,
זע זײַ אַ זון אַ גוטער;
דיך בעט מיט טרערן און מיט שרעק
דײַן טרײַע ליבע מוטער.

דו פֿאָרסט, מײַן קינד, מײַן איינציק קינד,
אַריבער ווײַטע ימ׳ען.
אַך, קום אַהין נאָר פֿריש, געזונד,
און ניט פֿאַרגעס דײַן מאַמען...

יאָ, פֿאָר געזונד און קום מיט גליק,
זע, יעדער וואָך אַ בריוול שיק,
דײַן מאַמעס האַרץ, מײַן קינד, דערקוויק.

רעפֿריין:

אַ בריוועלע דער מאַמען,
זאָלסטו ניט פֿאַרזאַמען;
שרײַב געשווינד,
ליבעס קינד,
שענק איר די נחמה.
די מאַמע וועט דײַן בריוועלע לעזן
און זי וועט גענעזן.
היילסט איר שמערץ,
איר ביטער הערץ,
ערקוויקסט איר די נשמה.

## 2

דאָס אַכטע יאָר איך בין אַליין,
מײַן קינד איז ווײַט פֿאַרשוווּמען,
דײַן קינדערש האַרץ איז האַרט ווי שטיין,
קיין איינציק וואָרט באַקומען.

וִוי קאָן מײַן קינד גאָר האָבן מוט,
וִוי גייט אים איַין זײַן לעבן?
עס מוז אים גיין דאָרט זייער גוט;
הלואַי! זאָל גאָט אים געבן.

כ'האָב אים געשיקט אַ הונדערט בריוו,
און ער האָט נאָך קיין שום באַגריף,
אַז מײַנע וווּנדן זײַנען טיף.

אין שטאָט ניו־יאָרק אַ רײַכע הויז,
מיט הערצער אָן רחמנות,
דאָרט וווינט איר זון — ער לעבט גאָר גרויס,
מיט געטלעכע מתּנות;
אַ שיינע פֿרוי און קינדער צוויי,
מיט ליכטיקע געשטאַלטן,
און ווי ער זיצט און קוועלט פֿון זיי,
האָט ער אַ בריוו ערהאַלטן.

דײַן מוטער טויט, עס איז געשען,
אין לעבן האָסטו איר פֿאַרזען,
דאָס איז איר לעצטער ווּנטש געווען:

רעפֿריין:

אַ קדישל דער מאַמען,
זאָלסטו ניט פֿאַרזאַמען;
זאָג געשווינד,
ליבעס קינד,
שענק איר די נחמה.
די מאַמע וועט איר קדישל הערן,
אין איר קבֿר גערן,
היילסט איר שמערץ,
איר ביטער הערץ,
ערקוויקסט איר די נשמה.

יצחק ריינגאָלד (1878—1908) איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1893 ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגערמאַן. ריינגאָלד האָט מערסטנס געשריבן לידער פֿאַרן יידישן טעאַטער, מיט וועלכן ער איז געווען פֿאַרבונדן אַ לענגערע צײַט.

קאפּיטל זעקס

די טעאַטער־לידער זײַנען אין יענע יאָרן געווען שטאַרק באַליבט בײַם יידישן טעאַטער־באַזוכער. מיר ברענגען דאָ איין ליד ווי אַ מוסטער פון רײנגאָלדס בעסערע פערזן:

## אויפן יידישן מאַרק

ווי נאָר עס הייבט אָן צו טאָגן,
און מען נאָך ניט ליכטיק זײַן שטאַרק,
זעט מען שוין פעקלעך טראָגן:
דאָ שטעלט זיך דער יידישער מאַרק.

סוחרים מיט סחורות פאַרשיידן
געווים פון אַ סענט אָדער צוויי.
פײַנע בכבֿודע יידן —
דער מאַרק איז געשאַפן פאַר זיי...

דאָ זיצן שוין ווײַבער אין יאָרן,
מיט טראַנטעס פאַרוויקלט די קעפּ;
טייל זײַנען בלוי און פאַרפראָרן,
טייל האַלטן פײַער אין טעפּ.

דאָרט זיצט זיך אַ פרוי אין פאַנטאָפל
און האַלט אַ פאַרזשאַווערטע וואָג,
זי האָט אַ פאָר מעסטלעך קאַרטאָפל
און פרירט פאַר אַ קוואָדער דעם טאָג.

ציבעלעס, פעטרישקע, קנאָבל,
פאַסטערנאַק, מערן און כריין.
פערפוילטע! — איז אויך ניט קיין טראָבל,
די קונים זײַנען יידן אַליין.

דאָרט שטייט זיך אַ סוחר מיט קליידער,
ער טוט אַלצדינג אין אַ נויט, —
אַ חזן, אַ שמש, אַ בעדער, —
און האָט פון דעם אַלעם קיין ברויט.

דאָ ליגט דער, צעלייגט מיט אַ קרעמל
און אונטערשפּרייט מיט אַ זאַק,

די יִדישע פּאָעזיע

אַ בערשטל, אַ קעמל, אַ שווּעמל, —
אָט דאָס איז אין גאַנצן זײַן סטאָק.

און דאָרט שרײַט איינער אַ געלעכ:
„מציאות, אויף מיר אַזאַ יאָר!
אַהער! פֿאַרצעלײַענע טעלער,
איז ווײַבער — אַ ניקל אַ פּאָר"...

און סוחרים אַזוי ווי די פֿליגן,
מען שטופּט זיך אין דזשעפּערסאָן סטריט,
דען יעדערער וויל זען און קריגן
די בעסטע מציאות וואָס גיט...

א. מ. שאַרקאַנסקי (1869—1907) איז אָן ספֿק איינער פֿון די טאַלאַנטירטסטע יִדישע דיכטערס פֿון די נײַנציקער יאָרן. זײַנע לידער זײַנען געשריבן אויף אַ פֿאָלקסטימלעכן יִדיש, אָן דײַטשמעריזם, וואָס דאָס אַליין איז אַ גרויסע קינסט־לערישע דערגרייכונג פֿאַר יענער צײַט. שאַרקאַנסקי האָט געשריבן זײַנע לי־דער אין אַ לײַכטן און אַפֿילו גראַציעזן סטיל. זײַנע לידער צייכענען זיך אויס מיט אַ נאַטירלעכער מעלאָדישקייט. זײַן גראַם איז ניט קיין פֿאַרסירטער, ווי מיר טרעפֿן עס אין די לידער פֿון די מערסטע דיכטערס פֿון יענעם פּעריאָד. שאַרקאַנסקי שרײַבט לײַכט, חנעוודיק און האַרציק. די השפּעה פֿון יִדישן פֿאָלקסליד מערקט זיך אין אַ סך זײַנע לידער.

## דער פֿאַרוואָגלטער

ווײַט בײַ אַ שטעטעלע,
דאָרט איז מײַן ערטעלע,
כ'קאָן יעדעס ביימעלע,
ליב יעדעס גערטעלע.

אין יעדעס גערטעלע,
בײַ איטלעכס ביימעלע
ליגט אַ פֿאַרלוירענער,
גילדענער טרוימעלע.

נאָך בליט דאָס ביימעלע,
נאָך גרינט דאָס גערטעלע.

קאַפּיטל זעקס

איך, דער פאַרוואָגלטער,
זוך מיר אַן ערטעלע.

**א. מ. שאַרקאַנסקי גיט אונדז אין זײַנע לידער זייער אָפּט בילדער פון יידישן לעבן אין אַמעריקע. אין איינעם פון זײַנע לידער מאָלט ער אונדז די טראַגעדיע פון אַן עלטערער פרוי, וועמען מען האָט פון אַ קליין ליטוויש שטעטל אַראָפּגע־בראַכט קיין אַמעריקע, און זי קאָן זיך ניט צופּאַסן צום נײַעם לעבן:**

## די אַלטע נעכאַמע

וואָס איז מיט דער אַלטער נעכאַמען?
וואָס פעלט דער באַיאָרנטער מאַמען?
זי איז מיט די קינערלעך יעצט!
עס האָבן געבראַכט איר צו פירן
פון ליטע די קינדער, די גבירן,
און האַלטן איר הויכגעשעצט.

זי איז דאָך מיט שׂימחה געפאָרן,
זי האָט דאָך געבענקט לאַנגע יאָרן,
די זין מיט די אייניקלעך זען!
נו, וואָס זשע קען פעלן דער מאַמען,
וואָס איז מיט די קינדער צוזאַמען,
וואָס איז פאַר אַ בייז איר געשען?

ווי קאָן זײַן די מאַמע צופרידן?
די זין אירע זײַנען קיין יידן,
מען הערט ניט אַ יידיש וואָרט!
מען ווינט ניט מיט יידן צוזאַמען,
ווי קאָן עס דען שמעקן נעכאַמען,
ווי קאָן זי גאָר אײַנזיצן דאָרט?

מען עפנט צו מאָל ניט קיין סידור,
מען זינגט לויטער גויִשע שפּראַך!
די אייניקלעך קאָנען קיין אַלף,
עס שנײַדט איר דאָס האַרץ מיט אַ חלף,
ווי קאָן זי פאַרגעסן דאָס, אַך!

## די ייִדישע פּאָעזיע

די איינינקלעך אירע, די קלוגע,
זיי קוקן אויף איר ווי משוגע,
און שטילערהייט מאַכן זיי שפּאַס;
וואָס טויג זיי די אַלטינקע באָבע,
וואָס האָט נאָר אין זין עולם־הבא,
וואָס טויג זיי דען איר משוגעת?

און זי, אונזער אַלטע נעכאַמע,
די טרײַע, די צערטלעכע מאַמע,
זי זיצט אָפּט און וויינט אין דער שטיל;
זי בענקט נאָך אַמאָליקע יאָרן,
חרטה האָט זי אויפֿן פֿאָרן,
און שטאַרבן — איז דאָס וואָס זי וויל.

**די אײַנוווינערס פֿון ייִדישן קוואַרטאַל אין ניו־יאָרק זײַנען געווען אײַנגעטיילט אין „געלע" און „גרינע". די ערשטע זײַנען שוין לאַנג געווען אין אַמעריקע, און די לעצטע זײַנען געווען פֿריש אָנגעקומענע. די אַלט געזעסענע פֿלעגן מיט חוזק און שפּאַט קוקן אויף די נײַ אַריבערגעקומענע, — און א. מ. שאַרקאַנסקי דריקט צוליב דעם אויס זײַן פֿאַרדראָס אין זײַן ליד**

## די פּני

בעדויערט דעם גרינעם,
וואָס לײַדעט בחינם
פֿון ברידער, וואָס זײַנען אַהער
פֿאַר צענדליקער יאָרן
געקומען צופֿאָרן
ווי בעטלער פֿון יענער זײַט מעער.
זיי ווינען ווי גראַפֿן,
די נידעריקע אַפֿן,
וואָס קרומען נאָך גויִשע „פּני"...
און ס'פֿלאַמט זיי דער פּנים,
וואָס גרינע קבצנים
דערקענען גאָר ברידער אין זיי.

ווי ביטער זיי האַסן,
די „בעסערע" קלאַסן,
דעם אייגענעם ברודער, דעם ייִד!
זיי רעדן און טענהן:

„מיר סיטיזענע זײַנען
פֿון דער עמיגראַציע שוין מידו!"
ווען עשׂו שלאָגט יעקבֿ,
איז ער כאַטש אַ תּקיף,
ער האָט ווילדע גבֿורה אין האַנט;
און איר האָט קיין גבֿורה,
און איר האָט קיין צורה,
איר מאַכט זיך אַליין נאָר צו שאַנד.

**א. מ. שאַרקאַנסקי קערט זיך אויך אום צו דער אַלטער היים און גיט אונדז בילדער פֿון דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן. די לידער זײַנען דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקן ייִדיש־נאַציאָנאַלן געפֿיל. שאַרקאַנסקי איז שטאַרק אַפּאָלאָגעטיש פֿאַרן ייִד. דאָס דריקט זיך אַממערסטן אויס אין זײַן ליד**

## דער שומר בײַ נאַכט

אַ פּוילישער דערפֿל... בײַם וועג שטייט אַ שענקל,
דאָ וווינט זיך דער אַלטער ישובֿניק, ר' יאַנקל,
אַן איינציקער ייִד בײַ אַ מחנה ערלים,
ער האָרעוועט, פּראַצעוועט אויף אַלע כּלים.
די שטיקל פּרנסה קומט אַן שווער און ביטער,
דער גוי צאַפּט די דמים, דאָ קאַכט ער, דאָ בריט ער,
און יאַנקל מוז אַלע זלזולים פֿאַרשווײַגן,
זײַן ווײַב טאָר זיי אויך קיין קרום פּנים ניט ווײַזן,
אַזוי איז בײַ טאָג. נאָר בײַ נאַכט צוועלף אַ זייגער,
ווען סטאַשעק ליגט אונטערן טיש ווי אַ פּגר,
און מיכאַל, זײַן חבֿר, איז אויך שטאַרק באַזאָפֿן,
הייסט יאַנקל זײַן ווײַב און זײַן מיידל גיין שלאָפֿן,
און ער גייט צום שאַנק, מאַכט דעם תּהילימל אָפֿן,
עס קלינגט מיט „אשרי" אין מיטן דער נאַכט,
ער זינגט און ער זאָגט און ער זיפֿצט און ער טראַכט.

בײַ „תּפֿילה לעני" גיט יאַנקל אַ ציטער.
וואָס טוט מען? די צײַט איז אין דאָרף אַזוי ביטער!
ניטאָ מער קיין ערלעכער גוי אויף אַ רפֿואה,
מען טאָר זיי ניט גלייבן צו מאָל אויף אַ שבֿועה.
נאָר רשעות אויף ייִדן, דאָס קאָנען זיי רעדן!
ווי שיין איז געווען דער דאָרף פֿון מײַן זיידן!

דער גוי פֿלעגט אים ברענגען פֿון קאָרן און פֿלאַקסן,
זײַן שפּע איז אים גאָר אָן רעגן געוואַקסן.
און פֿלעגט אים אַ גוי אַ מאָל זידלען און וואַשן,
צעברעכן די גלעזער, צעהאַקן די פֿלאַשן,
פֿלעגט ער זיך דערנאָך דאָך אַ ביסל באַזינען
און זאָגן אים: „זשידעק, דו קריגסט צו פֿאַרדינען״,
און גיין מיט אים טאַנצן אין מיטן דערינען...
די אַלע זכרונות ווערט איצט אים פֿריש,
און גלײַך טוט ר׳ יאַנקל דעם תּהילים אַ מיש.
„מן המצר קראתי״... און יאַנקל טראַכט ווײַטער:
דער הײַנטיקער דור איז דורכויס אַ פֿאַרשײַטער,
פֿאַר צוויי וואָכן קומט דאָ אַ ייִד אָנגעפֿאָרן,
אָן באָרד און אָן פּאות, אין גאַנצן פֿאַרשאָרן.
איך טענה צו אים און דערצייל אים די לײַדן,
איך הער פֿון אים רייד, ווי אַ גוי וואָלט עס רעדן!
„רעכט אויף אײַך, זאָגט ער, רעכט אויף אײַך אַלעס,
איר שטעלט מיט די שענקען די גוים בדלות!״
מײַן אָרעמער שׂכל קאָן דאָס ניט באַנעמען,
מיר גנבֿענען דען, צי מיר רויבן פֿון וועמען?
פֿאַרמאָגן זאָל איך, וואָס זיי זײַנען מיר שולדיק.
זיי זידלען, זיי שלאָגן, און איך בין געדולדיק,
בין דאַר ווי אַ שפּאָן און דער גוי ווי אַ בולדיק.
נו, קומט נאָך אַ ייִד און ער גיט זיי נאָך רעכט.
„כל גוים סבבוני״... אוי, טאַטע, ס׳איז שלעכט!

„אהללה ה׳ בחיי״, קלינגט זײַן שטימע ליבלעך,
ער קוקט דורכן פֿענצטער אויף די גויִשע שטיבלעך.
דער גאַנצער דאָרף שלאָפֿט, עס וואַכט נאָר ער איינער.
ר׳ יאַנקל נעמט פֿילן אַ קעלט אין די ביינער,
זײַן האַרץ ווערט אין אים ווי אַ בוימל צעגאָסן:
אוי, טאַטע, שיק צו פֿאַר מײַן מיידל אַ חתן!
איך בין שוין אַ ייִד, גאָט צו דאַנקען, באַיאָרנט,
און האָב נאָך מײַן איינציקע קינד ניט באַוואָרנט,
איר חתונה מאַכן וואָלט איך אַזוי וועלן,
און ווײַטער זאָל זײַן שוין ווי גאָט וועט געפֿעלן.
„אוי, הנה לא ינום״... דו טאַטע געטרײַער!

ר׳ יאַנקל ער שטייט יעצט און היט בײַ זײַן שײַער,
אַ גוי האָט געסטראַשעט צו מאַכן אַ פײַער.
עס זינגט „ברכי נפשי" אין דרויסן בײַ נאַכט,
מיטן תהילים אין האַנט שטייט ר׳ יאַנקל און וואַכט.

**א. מ. שאַרקאַנסקי פאַרמאָגט אויך סאָציאַלע מאָטיוון, אָבער אַממערסטן שילדערט ער דאָס יידישע לעבן און זינגט אויך אָפּט מאָל פון אינדיווידועלן טרויער און יחידישן אומעט — אַ זעלטנהייט אין דער יידישער דיכטונג פון יענע יאָרן. ער איז פון די ערשטע דאָ אַנצושלאָגן אַ לירישן באַלאַדע־טאָן. און אָפּט מאָל דיכטעט ער אויף יידיש־היסטאָרישע מאָטיוון:**

## צו די פּיראַמידן

איר עגיפּטישע פּיראַמידן,
אימער שטייט איר נאָך אַלס עדות
פון די ששים רבוא יידן,
פון די אַלטע, אַלטע זיידעס.
איר האָט גוט געקענט נאָך משהן,
מיט די שקלאַפן נאָך אין גושן
און געהערט ווי יוספס ברידער
זינגען טרויעריקע לידער.
טיף אין אײַער פעסטן בוזים
זײַנען אויסגעקריצט די חרוזים
פון עגיפּטישע מלכים,
אויך פון העלדן גרויסע שבחים,
פון דעם אַלטן, אַלטן נילוס
האָט איר אויך צו זאָגן פילעס.
דאָך האָט איר קיין וואָרט צו רעדן
איבער ווייטיקן און לײַדן
פון די אָרמע שקלאַפן־קינדער,
פּיתום־ און רעמסס־גרינדער.
ווער האָט יענע ליים געקנאָטן?
ווער האָט יענעם שפּיץ באַטראָטן?
ווער האָט זײַן קינד פון וויגל
אײַנגעמויערט אַנשטאָט ציגל?
איר געדענקט ניט יענע וויינער,
אײַער האַרץ איז נאָר פון שטיינער,
איר דערציילט נאָר פוסטע רעדעס,
פאַלשע דרשות, פאַלשע עדות.

## די ייִדישע פּאָעזיע

**א. מ. שאַרקאַנסקי שרײַבט מערסטנס וועגן ייִדן און וועגן ייִדישע צרות. ער דערציילט אָבער אויך וועגן ייִדישע העלדישקייט און וועגן ייִדישע גבֿורות. ער זינגט ראָמאַנטיש אויף ביבלישע מאָטיוון, נאָר אָפּט מאָל קאָן ער אויך ווערן איראָניש און אַפֿילו סאַטיריש:**

### וואָס איז אַ ייִד?

וואָס איז אַ ייִד?
אַ בעטלער, אַ שׂררה,
אַ וואָרעם, אַ ריז;
אַן אַלטע הושענה,
אַ שטעכנדער שפּיז;
אַ בלום און אַ דאָרן,
אַ בראַנד, אַ שטיק אײַז;
אַט דאָס איז געוואָרן
ישׂראל דער גרײַז.

אַ שטאַרקער, אַ שוואַכער,
אַ טרוס און אַ העלד;
בײַם עמוד אַ מאַכער,
אַ גאָרניט אין פֿעלד;
אַ נדבֿן, אַ שנאָרער,
דאָ פֿריש און דאָ מיד,
דאָ האָניק, דאָ מרור,
אַזוי איז דער ייִד.

אַ שטענדיקער חולה,
און שטאַרבט ניט אויף טויט;
מסחרים גאַנץ ווילע,
און האָט ניט אויף ברויט.
אַ גרײַלעכער קענער,
און ווערט נימאַלס גרויס;
ער מאַכט שאַרפֿע פּלענער,
און פֿירט זיי ניט אויס.

ער גלוסט פּאַלעסטינע,
און זיצט אין דער היים;

עד האָפּט צו דער שכינה,
און גלייבט אין בעל־שם.
ערשט תשעה באָבֿ קלאָגט ער,
און גלייַך איז „נחמו״;
אַ פּאַק צרות טראָגט ער,
און טאַנצט זיך נאָך צו...

ניט אומזיסט שרײַבט א. מ. שאַרקאַנסקי וועגן זײַן „מוזע״ אויף אַזאַ פֿאָלקס־טימלעכן אופֿן:

מײַן מוזע איז אַ זאַגערין,
אַן אַלטע וויסטע קלאָגערין,
בײַם שטענדער שטייט די אָרעמע
און זאָגט פֿאַר תּחינות וואַרעמע:
געליבטע רייד פֿאַרקלונגענע,
און לידער לאַנג געזונגענע,
חלומות אַלט פֿאַרצײַטיקע
און האָפֿנונגען ווײַטיקע.
איך בין אַ קינד נאָך, דאַכט זיך מיר,
דאָ וויינט זיך מיר, דאָ לאַכט זיך מיר,
און ביז צום לעצטן רידעלע
זינג איך אַ ייִדיש לידעלע.

א. מ. שאַרקאַנסקי פֿאַרדינט אַן אָנגעזעען אָרט אין דער ייִדיש־אַמעריקאַנער דיכטונג. און וואָלט אונדזער פֿאַרלאַג־וועזן ניט געווען אַזוי פּאַראַליזירט, וואָלט שוין לאַנג צײַט געווען צונויפֿצוזאַמלען און אַרויסצולאָזן אַ באַנד לידער פֿון א. מ. שאַרקאַנסקיס ליטעראַרישער ירושה. עס וואָלט זיכער געווען אַ שיינע מתּנה פֿאַרן לייענער פֿון ייִדישן ליד און אַ פֿאַרדינטער מאָנומענט לכּבֿוד אַן עכטן ייִדישן דיכטער.

יעקבֿ מאַרינאָוו (געב׳ 1870), וועלכער האָט שפּעטער געשריבן הומאָריס־טישע לידער און רעדאַקטירט הומאָריסטישע זשורנאַלן, האָט אין די נײַנציקער יאָרן געשריבן אַ סך לידער וועגן אַרבעטער־לעבן און אַרבעטער־קאַמף. אין זײַן ליד „דער אַרבעטלאָזער״ (1895) שילדערט ער אַ מענטשן, וואָס איז גרייט צו פֿאַרקויפֿן זײַן מי און אַרבעטקראַפֿט — נאָר קיין קונים זײַנען ניטאָ. דער אָר־בעטלאָזער קלאָגט זיך אויף זײַן ביטערן מזל, וואָס ער און זײַן משפּחה זײַנען איצט פֿאַרמישפּט צום הונגער און טויט. קיין צו פֿיל פּאָעזיע איז אין די פֿערזן ניטאָ. זײַן ליד איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם סאָרט פּראָפּאַגאַנדע־דיכטונג פֿון יענעם פּעריאָד. אַ מאָל געלינגט אים אָנצושלאָגן אַ פּאָעטיש־

**רעטאָרישן טאָן, ווי אין זײַן ליד „צושפּאַלט זיך, מײַן הערץ״, וואָס מיר ברענגען דאָ:**

## צושפּאַלט זיך, מײַן הערץ

צושפּאַלט זיך מײַן הערץ! צושפּאַלט זיך אין צווייען!
צושפּאַלט זיך — אַזוי ווי פֿאַרצײַטן דער ים —
לאָז שטראָמען די ביטערסטע שמערצן און ווייען,
לאָז פֿליסן און פֿליסן פֿון דאָרטן דער סם
אין גאָלדענע בעכערס פֿון פֿאָלקס אונטערדריקער,
פֿון וועלכע זיי זויפֿן דעם אַרבעטערס בלוט —
און זאָל עס פֿאַרגיפֿטן איטעווידן דריקער,
איטעווידן הערשער דורך געלט אָדער קנוט!

צושפּאַלט זיך מײַן הערץ! צושפּאַלט זיך אין צווייען!
צושפּאַלט זיך — אַזוי ווי פֿאַרצײַטן דער ים —
און זאָלן דער האַס און דער צאָרן וואָס גליִען
אין דיר זיך צעברענען אין העלישן פֿלאַם
און זאָל דיזער העלדישער פֿלאַקער פֿאַרצערן,
פֿאַרניכטן, פֿאַרוואַנדלען אין אַש און אין שטויב
די קירכן און קרוינען — די פֿוקסן און בערן
וואָס לעבן פֿון שווינדל, פֿון מאָרד און פֿון רויב!

צושפּאַלט זיך מײַן הערץ, מײַן עלנטע טריבע!
צושפּאַלט זיך — אַזוי ווי פֿאַרצײַטן דער ים —
לאָז שטראָמען און שטראָמען מײַן ענדלאָזע ליבע
צום שמאַכטנדן פֿאָלק (וועלכער שלעפּט זיך שוין קאַם)
דורך צענדליקער, הונדערטער טויזנט קאַנאַלן
און יעדע געקוועלטע, פֿאַרווונדעטע הערץ —
און זאָל זי דאָרט היילן די כראָנישע קוואַלן,
און זײַ ווי אַ באַלזאַם צום ביטערסטן שמערץ!

צושפּאַלט זיך מײַן הערץ! צושפּאַלט זיך אין צווייען!
צושפּאַלט זיך — אַזוי ווי פֿאַרצײַטן דער ים —
און זאָלן מײַן קאַמפּסלוסט און ווונטש צו באַפֿרײַען
פֿון גיהנום דער וועלט און איר געבן דעם טעם
פֿון הימלישן גליק אויף דער ערד — זיך מיט שטורעם
צעטראָגן אין יעטווידער ברוסט פֿון אַ קנעכט —

קאפיטל זעקס

און זאָל דאָרט אַנשטאָט די פאַרפליצונג, יסורים,
צעגליִען דער קאָמפּסלוסט פיר גלייַכהייט און רעכט!

(1895)

יוסף יפה (1865—1938) איז באַקאַנט אין דער אַמעריקאַניש־יידישער פּאָע־זיע ווי אַ דיכטער, וואָס האָט הויפּטזאַכלעך געשריבן לידער וועגן ליבע. זיין ערשט ביכל לידער איז דערשינען מיט אַ פאָררעדע פון דוד פינסקי. די לידער זיינען מערסטנס געשריבן אין אַ לייכטן, שטיפערישן טאָן. יפה האָט אַ לעבנלאַנג תמימותדיק און ליריש געזונגען זיין אייגן שיר־השירים־ליד, אָבער אויך אים האָט ניט אין גאַנצן אויסגעמיטן דער אידיאָם פון זיין צייט: דער געזעלשאַפטלע־כער מאָטיוו. אין זיינע ערשטע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין די נײַנ־ציקער יאָרן, האָט אויך יפה געשריבן אויף סאָציאַלע טעמעס:

דעם יינגלס, יינגלס, יינגעלע,
דער טאַטע פירט זיין יינגעלע
דעם קליינינקן אין שענק;
ער טרינקט זיך אָן האַלב שיכּורלעך
און זאָגט צום קינד: געדענק,
דאָס איז קיין פּלאַן קיין ריכטיקער
צו שיכּורן, דאָס הייסט,
נאָר ווייל מיין הערץ פאַרביטערט איז,
איז דאָס ביי מיר אַ טרייסט.

דעם טאַטנס יינגלס יינגעלע,
ער גייט אין שענק אַליין,
און וואָס אַ יאָר און וואָס אַ טאָג
ער בלייבט דאָרט לענגער שטיין.
ער טרינקט שוין פון זיין זיידן מער,
אים גלאַנצט שוין דאָס געזיכט,
און שיכּורן איעדן טאָג —
דאָס ווערט ביי אים אַ פליכט.

דעם יינגלס יינגלס יינגעלע —
פון אים איז אָפּגערעדט,
ער לויפט שוין צו דעם שענק גאַנץ פרי,

(1898)

ער איז פֿון טרינקען אויסגעדאַרט
און אָפּגעצערט און בלאַס
און וואַלגערט זיך אַ שיכּורער
אין רינשטאָק אויף דער גאַס.

דוד גאָלדשטיין (געב׳ 1868) איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1885 און איז געוואָרן אַקטיוו אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. ער האָט זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט צו דעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון ייִדישע ראַדי־קאַלן אין אַמעריקע (1889) און אין די ערשטע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַנען האָט ער זיך באַטייליקט מיט לידער. גאָלדשטיין האָט אָבער אין גיכן אין גאַנצן אויפֿגעהערט צו שרייבן. ער האָט זיך אומגעקערט צו דער ליטעראַטור ערשט אַרום 1922. נאָך דער דאַטע האָט ער ווידער אָנגעהויבן שרייבן, און עס איז פֿאַראַן אַ קלאָרער אונטערשייד צווישן זיין דיכטונג פֿונעם ערשטן פּעריאָד און זיין דיכטונג פֿון צווייטן פּעריאָד. אינעם צווייטן פּעריאָד האָט ער געשריבן סענ־טימענטאַלע לידער וועגן יוגנט, עלטער, ליבע, געשריבן לויטן סענטימענטאַל־ראָמאַנטישן שאַבלאָן, בעת אין די ערשטע לידער זיינע איז ער געווען סאָציאַל־באַוווסטזיניק; הגם אויך די דאָזיקע לידער זיינען מער פּראָקלאַמאַציע־מעסיק ווי עכטע פּאָעזיע. זיי פֿאַרמאָגן טעמפּעראַמענט, רעטאָריק און פּאַטאָס, ס׳פֿעלט זיי אָבער פֿיינקייט און עכטקייט. מיר ברענגען דאָ זיינס אַ ליד פֿון ערשטן פּעריאָד — דער פּעריאָד, וואָס פֿאַלט צונויף מיט דער ראַם פֿון אונדזער אַרבעט:

## די רעוואָלוציאָן

איך קום מיט דעם פֿייער פֿון אַלע וווּלקאַנען,
איך קום מיט דעם שטורעם פֿון אַלע אוראַגאַנען,
איך קום מיט דעם צאָרן פֿון קנעכט אַלס כּלי־זין,
אַ וועלט אַ געקנעכטעטע קום איך באַפֿרייען.
איך קום ווי דער דינער אין ברויזנדן שטורעם,
איך קום ווי דער בליץ אין זיין בלענדנדן שיין,
איך קום צו באַפֿרייען אַ וועלט פֿון יסורים,
איך קום! איך בין דאָ! איך וועל זיין!

און מעגט איר געהאַרכן, משנהדיק גלייבן,
אַז אַלעס איז געטלעך, און אַלעס איז אייביק,
און מעגן די פּאָפּן אייך ווי נאַר פֿאַרבלענדן,
און מעגן די הערשער אייך רייבן און שענדן,
זיי קאָנען דאָס ווידערשטאַנדס־רעכט ניט באַרויבן,
דאָס רעכט וואָס מען נעמט זיך דורך נויט און דורך פּיין —

צו טראַץ פֿון געהאַרכן, צום טראָצן פֿון גלויבן.
איך קום! איך בין דאָ! איך וועל זײַן!

און מעג איך פֿאַר פֿילע נאָך בלײַבן פֿאַרבאָרגן,
און מעגן ניט זען זיי דעם קומענדן מאָרגן,
און מעגן זיי מיינען, אַז אייביק איז נאַכט,
און וועלן פֿאַרשקלאַפֿן מײַן ווירקנדע מאַכט,
זיי זאָג איך: איך קום אום צום טראָץ פֿון דעם שלאָף
און פֿיר די פֿאַרשקלאַפֿטע אין פֿרײַלאַנד אַרײַן,
איך מאַך צו די פֿינצטערע קנעכטשאַפֿט אַ סוף.
איך קום! איך בין דאָ! איך וועל זײַן!

איך בין שוין געווען אין די גראָ־אַלטע צײַטן,
אין די נאַטירלעכע קעמפֿע און אין מענטשלעכע שטרײַטן,
איר האָט מיך געזען און איר האָט מיך געהערט
ווען ס׳האָט זיך דער מענטש קעגן חיה געווערט.
איך האָב זיי געמישפּט, האָב לענדער געריכטעט
און האָב זיי באַשטימט זייער קינפֿטיקעס זײַן.
און פֿעלקער פֿאַרמישפּטע האָב איך פֿאַרניכטעט.
איך קום! איך בין דאָ! איך וועל זײַן!

איך בין ווי די זון אַזוי אַלט פֿון געבורט.
די אייביקייט האָט מיך געוויקלט־געגורט.
איך בין ווי דער טויט איז, דער סוף פֿון דעם לעבן,
אום לעבן פֿון ס׳נײַעס צו ברענגען און געבן,
דאָס אַלטע צעברעך איך, אום נײַעס צו שאַפֿן,
די אַלטע אָפּגעלעבטע פֿאַרשווינדט דאַן פֿון זײַן,
איצט ברענג איך די פֿרײַהייט און גיב זיי די שקלאַפֿן.
איך קום! איך בין דאָ! איך וועל זײַן!

איר זעט און דערקענט מיך אין פֿרילינגס־באַגינען,
ווען אַלץ הייבט אָן בליען, ווען אַלץ הייבט אָן גרינען.
איר זעט מיך אין האַרבסט, אויך ווען אַלעס פֿאַרשטאַרבט,
מיט גליקלעכקייט פֿון טויט ווען ס׳איז אַלעס געפֿאַרבט.

איר זעט בײַם געבורט מיך, איר זעט מיך בײַם שטאַרבן,
אין שטענדיקער וועקסלונג — פֿון אייביקן זײַן.

איך בײַט די קאָלירן, איך בײַט בלויז די פֿאַרבן.
איך קום! איך בין דאָ! איך וועל זײַן!
איצט קום איך מיט שטורעם, איצט קום איך מיט בייזן,
אַ וועלט אַ געקנעכטעטע קום איך ערלייזן.
איך קום מיטן צאָרן פֿון קנעכט אַלס כּלי־זין
אַן אייביק געבונדענע מענטשהייט באַפֿרײַען.
איך קום ווי דער דונער אין ברויזנדן שטורעם,
איך קום ווי דער בליץ אין זײַן בלענדענדן שײַן,
איך קום צו באַפֿרײַען אַ וועלט פֿון יסורים.
איך קום! איך בין דאָ! איך וועל זײַן!

י. ש. פּרענאָוויץ **(1871—1939) האָט דעביוטירט אין 1891 אין אַ ראַדיקאַל־בירגערלעכער ייִדישער צײַטונג, אָבער נאָך דעם האָט ער זיך מערסטנס באַטייליקט אין דער אַרבעטער־פּרעסע. פּרענאָוויץ איז פֿאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטיש אָריענטירטער ייִדישער דיכטער־גרופּע אין אַמעריקע. ער האָט זיך אָבער ניט באַנוגנט מיט שרײַבן בלויז לידער וועגן אַרבעטער־לעבן און לידער אויף סאָציאַלע טעמעס, נאָר האָט אויך געשריבן אַ סך ליבע־לידער. לייענענדיק פּרענאָוויצן פֿילט מען דעם שטאַרקן אײַנפֿלוס פֿון היינען, וועמען ער האָט אַגבֿ פֿרײַ איבערגעזעצט אין ייִדיש. פּרענאָוויצעס לידער זײַנען פֿול מיט ראָמאַנטיזם און אומעט און זיי פֿאַרמאָגן אַ סך נאַיִוויטעט. שוין דער פֿאַקט אַליין, וואָס אַ שרײַבער פֿון אַרבעטער־לידער האָט זיך אויך גענומען שרײַבן וועגן ליבע, איז געווען אַ נײַס אין דער ייִדישער דיכטונג פֿון יענער צײַט. פּרענאָוויץ האָט אויך געשריבן ראָמאַנטישע פֿרײַהייט־לידער, ווו ער האָט געטרוימט וועגן דער גליקלעכער צוקונפֿט און וועגן גליק פֿון אַלע מענטשן. אין פּרענאָוויצעס לידער האָבן מיר אי בילדער פֿונעם שווערן לעבן פֿון ייִדישע אַרבעטער, אי ליבע־לידער, אי טרוימערײַען. ער האָט זיך ניט באַגרענעצט מיט איין טעמע: ער האָט געהאַט דעם באַוווסטזײַן, אַז —**

איך האָב אין די פֿעלדער פֿון לעבן געוואַנדערט,
און האָב דאָרטן פֿריידע און טרויער געפֿונען:
איך האָב זיי געזאַמלט, אין האַרצן באַהאַלטן,
און דאָרט פֿון זיי לידער געשפּינען.

צי וועלן זיי הערצער און זעלן דערפֿרייען,
צי וועלן זיי הערצער און זעלן באַטריבן —
איך ווייס ניט. איך ווייס נור: איך האָב מײַנע פֿערזן
אין פֿעלדער פֿון לעבן געקליבן.

**(„מײַנע לידער‟)**

## קאַפּיטל זעקס

**כאַראַקטעריסטיש פאַר פרענאָוויצעס לידער איז זײַן ליד „צו אַ בייבי״, ווו ער שילדערט דאָס שווערע, טרויעריקע לעבן פון אַרבעטער־קינדער:**

שלאָף זיך, מײַן ליבינקע, שלאָף אין דײַן רו,
מאַך דײַנע בלויִנקע אייגעלעך צו;
זיס איז דײַן דרעמל, פון זאָרגן נאָך ווײַט,
איצט איז צום שלאָפן דײַן טײַערסטע צײַט.

שלאָף זיך, מײַן ליבינקע, שלאָף ליבעס קינד,
דו ווייסט נאָך קיין פאַלשקייט, דו קאָנסט נאָך קיין זינד.
ליב איז דײַן שמייכל און שיין — דײַן געצעלט,
וואָרהייט דײַן מינע, און טרוימען — דײַן וועלט.

שלאָף זיך, מײַן טײַערע, איצט איז דײַן צײַט,
שפּעטער, אָ שפּעטער, ניט אימער ווי הײַנט!
אָנפאַנגען שפּעטער צו לעבן? — אָ שווער!
בייבי, דאַן שלאָפט זיך זאָ רויִק ניט מער.

די טרוימען פאַרשווינדן, דאָס גוטעס פאַרגייט;
עס קומען אַן צײַטן פון זאָרגן און נויט,
עס ווילט זיך דאַן שלאָפן און טרוימען זיך פרײַ —
עס לאָזט ניט, מען קאָן ניט, די צײַט איז פאַרבײַ.

די גליקלעכע קינדהייט, מײַן קינד, וועט פאַרגיין
און שטורמיש וועט קומען די צײַט פון פאַרשטיין.
דאַן, אָ, מײַן בייבעלע, הייבט אַן דאָס האַרץ
צו שפּירן, צו פילן פון לײַדן און שמערץ.

זע נאָר, מײַן ליבינקע, קוק זיך דאָרט אום,
ווי קליינינקע קינדערלעך לויפן אַרום,
באָרוועס און נאַקעט, מיט „פּייפּערס״ בײַם זײַט,
דאָס יאָגט זיי, דאָס טרײַבט זיי דער עלנט, די צײַט.

צעריסן, צעפראָרן, פאַרהונגערט, פאַרשמאַכט,
זאָ לויפן זיי טעגלעך פון פרי ביז בײַ נאַכט
מיט פנימלעך בלאַסינקע — בלאַס ווי דער טויט —
זיי לויפן מיט „פּייפּערס״ פאַרדינען אויף ברויט!

אַך! עלנדע קינדערלעך, עלנד ווי שטיין,
זיי דאַרפֿן שוין זאָרגן, פֿאַרדינען אַליין;
זיך פּלאָגן און ליידן אין שטורעם, איןווינט —
אָט דאָס איז דער „שפּעטער״, מיין ליבלעכעס קינד!

מען קלינגט מיט די גלאָקן, מען לויפֿט ווי אָן זין;
מען טרייבט שנעל די רעדער, מען יאָגט די מאַשין.
מען ברענט זיך, מען שטיקט זיך אין רויך און אין דאַמף —
אָט דאָס איז, מיין בייבי, פֿון לעבן דער קאַמף.

און די, וואָס דו זעסט דאָ, וואָס ליידן אָן צאָל,
אויך זיי האָבן גליקלעך געדרעמלט אַ מאָל.
איצט קאָן זיך ניט דרעמלען — נאָר אַרבעט געשווינד,
אָט דאָס איז דער „שפּעטער״, מיין ליבלעכעס קינד.

וועסט ווערן נאָך עלטער, וועסט וויסן, וועסט זען,
אַז איצטיקער טרוים איז דיין בעסטער געווען.
טאָ שלאָף זיך, מיין קינד — ביסט פֿון זאָרגן וויט,
איצט איז צום שלאָפֿן — דיין טייערסטע צייט.

(1892)

**פרענאָוויץ איז אָבער ניט שטענדיק פֿאַרנומען מיטן שווערן לעבן. ער אַנטלויפֿט זייער אָפֿט פֿון דער גרויערווירקלעכקייט, און דאַן שרייבט ער ראָמאַנטישע לידער וועגן ליבע און יוגנט:**

## אַ יוגנט-פֿאַנטאַזיע

בלומען שעך איך, בלומען ליב איך,
טראָג זיי אויף מיין ברוסט אַרום;
פֿאַר אַ בלומע — אַלעס גיב איך!
אָלגאַ, ביסט אַ שיינע בלום!

ליבלעך זיינען דיינע וואַנגען,
און פֿאַרהימלט איז דיין בליק;
אין דיין הערצל הער איך קלאַנגען
ווי פֿון הימלישער מוזיק.

זיסע טענער פֿול מיט לעבן,
הער איך זיי — פֿאַרגעס איך שמערץ —
אַלגאַ, אַלגאַ, איך וואָלט שוועבן
אין דעם הימל פֿון דײַן הערץ.

אין דעם הימל, ווו עס בלינקען
לעבנס־ליכטער העל און פֿרײַ,
דאָרטן וועט מײַן זעלע טרינקען
לעבן פֿון דעם לעבנס־מײַ.

דאָרט... נאָר... אַ קינד דערפֿרייען,
זאָג מיר, זאָג מיר, בלומען־שאַץ,
גיבט עס אין דײַן האַרץ־גן־עדן
פֿאַר מײַן שטורעם־זעל אַ פּלאַץ?
בלומען שעץ איך, בלומען ליב איך,

טראָג זיי אויף מײַן ברוסט אַרום;
פֿאַר אַ חלום — אַלעס גיב איך,
אַלגאַ, ביסט אַ שיינע בלום.

**מיט סאָציאַלע מאָטיוון זײַנען דורכגעדרונגען די לידער פֿון עוזר סמאָלענסקין (1863—1937). סמאָלענסקי איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1893 און האָט גלײַך אָנגעהויבן שרײַבן לידער. געשריבן האָט ער וועגן אַרבעטער־לעבן און אויף אַנדערע אַקטועלע טעמעס. זײַנע לידער זײַנען ביז 1900 מערסטנס גע־גראַמטע אַרטיקלען וועגן צײַט־פֿראַגעס. ער רופֿט זיך אָפּ וועגן דער גרויסער וועלט־אויסשטעלונג פֿון 1898, ער זאָגט זײַן וואָרט וועגן די וואַלן, ער זינגט וועגן די אַמעריקאַנער יום־טובֿים און וועגן ענלעכע געשעענישן. ער רעאַגירט אויף אַלץ ווי אַ ראַדיקאַל, ווי אַ באַוווסטזיניקער רעוואָלוציאָנער, אָבער קיין עכטער רעוואָלוציאָנערע דיכטונג איז ער ניט בכוח געווען אויסצושמידן פֿון זײַנע ראַ־דיקאַל־פּאָליטישע אַני־מאמינס:**

## דער אַרבעטער צום סאָלאָוויי

אָ, געטלעכע זינגערין, ליבלינג אויראַראָס!
דו רופֿסט מיך צום יום־טובֿ פֿון מוטער־נאַטור:
דו זאָגסט, כ׳זאָל צוגלײַך מיט נגידים און שׂררהס
אַרויסגיין באַוווּנדערן מײַס גרינע פֿלור.
דו הייסט מיך דעם שאָפּ און די אַרבעט פֿאַרלאָזן
און גיין אין וואַלד הערן דײַן הימלישן שיר,

און גיין אין פֿעלד שמעקן פֿיאָלן און ראָזן,
וואָס מישן זייער דופֿט מיטן לייַכטן זעפֿיר.
און צוהערן זיך צו דעם קוואַלס פּלוידערייַען,
און הערן די בלעטלעך זיך סודען אין וואַלד...
דו זאָגסט: מייַנע קרעפֿטן וועל איך דאָרט באַנייַען,
ווי מאַמע־נאַטור, וואָס ווערט קיין מאָל ניט אַלט.

אַך, ליבינקע פֿייגעלע! כ׳בעט מיר פֿאַרצייַען...
דייַן ווּנטש צו דערפֿילן איז ניט אין מייַן האַנט;
ווי קאָן איך, ווי קאָן איך די קרעפֿטן באַנייַען,
ווען איך בין אין שקלאַפֿן־יאָך אייביק געשפּאַנט?!
ווי קאָן איך, זאָג, בליקן אויף בליִענדע בלומען,
ווען... ווײ! מייַנע קינדער יונג וועלקן אין שאַפּ?
ווי קאָן איך, זאָג, בליקן אויף בליִענדע בלומען,
ווען פֿון מאַשין אייביק זשומעט אין קאָפּ?
ווי קאָן איך אַרויסגיין אין וואַלד און אין פֿעלד גאָר,
געניסן דעם שיינעם, דעם ליבלעכן מייַ,
ווען צייַט אויפֿן עסן, אויפֿן שלאָפֿן מיר פֿעלט גאָר,
ווען איך בין נאָר אַרבעטן, אַרבעטן פֿרייַ?!

אין פֿעלד, זאָגסטו, שפּרינקלט אַ זילבערנער רעגן...
אַך! וואָס, זאָג, וואָס קומט מיר פֿון רעגן אַרויס?
כאָטש דאָרטן וואַקסט רייַכטום, די תּבֿואות, גאָטס זעגן,
די אָרעמקייַט, גאָטס קללה, הערשט דאָ אין מייַן הויז:
איך אַרבעט, איך אַרבעט אומענדלעך,
איך האָב שוין קיין קרעפֿטן, פֿאַרמוטשעט מייַן לייַב,
דאָך הונגער איך אָפֿט, בין געקליידט אַזוי שענדלעך,
פֿאַרוויסט און פֿאַרחושכט די קינדער, דאָס ווייַב...
ניין! כ׳קאָן ניט, איך קאָן ניט גיין לוסטיק פֿאַרברענגען,
איך קאָן ניט געניסן דעם ליבלעכן מייַ
אַזוי לאַנג ווי איך מוז ווי אַ פֿערד זיך פֿאַרדינגען,
אַזוי לאַנג ווי מייַן ווילן, מיין איך, איז ניט פֿרייַ.

דאָרט מורמלט דאָס טייַכל, דאָרט פּלוידערט די קוועלע?
אַך! ווען איך דערזע נאָר אַ קוואַל און אַ טייַך,
און זע זייערע כוואַליעס, די קלאָרע, די העלע,
און הער זייער לשון מיט וועלט־סודות רייַך...

דערזעען מיט שרעק מײַנע גײַסטיקע אויגן
די שטראָמען פֿון טרערן, פֿון שוויים און פֿון בלוט
פֿון אַרבעטער־ברידער, וואָס גייען געבויגן,
געשפּאַנט אין דעם יאָך און געפּײַניקט פֿון קנוט...
און אין יענע שטראָמען פֿון בלוט, שוויים און טרערן,
דאָרט באָדן זיך אייניקע לוסטיק און פֿרײַ —
יענע, צו וועמען מיר אַלע געהערן:
די ערד און דער אַרבעטער, דו און דער מײַ.

(1897)

**אַ פֿיל צוזאָגנדיקער דיכטער איז געווען ב. ראָזענבלום (1873—1902). ער איז אָבער געשטאָרבן יונג, נאָך איידער ער האָט צײַט געהאַט צו אַנטוויקלען זײַן פֿײַנעם טאַלאַנט. ראָזענבלום איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג, און אין 1892 איז שוין אין דער „צוקונפֿט" געווען פֿאַרעפֿנטלעכט זײַן פֿרײַע איבערזעצונג פֿון לאָרד בײַראָנס באַרימטער פּאָעמע „דער געפֿאַנגענער פֿון שילאָן". ב. ראָזענבלום האָט זיך אויסגעצייכנט מער אין זײַנע קליינע, לירישע לידער ווי איז זײַנע לענגערע זאַכן. אין זײַן לאַנגער פּאָעמע „על קדוש השם" (1897) דערציילט ער וועגן אַ ייִדישן יונגנמאַן, וואָס רײַסט זיך אַרײַן אין אַ קירכע און פֿאַרניכטעט עטלעכע בילדער, ווײַל:**

...ער האָט געהאַסט דעם גלות,
מיט די גוים, מיט דער טומאה,
מיטן אָפּגאָט, מיטן צלם,
מיטן קלויסטער, מיטן גלח —
מיט דער גאַנצער גוייִשקייט!

**פֿאַר פֿאַרשוועכן זייערע הייליקייטן נעמען די קריסטן נקמה אין די ייִדן און אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם:**

...דער ספּראַווניק און סלעדאָוואַטעל זײַנען
שוין אין שטעטל אָנגעקומען:
די ציעלע און ספּראַווע פֿאַרנאַנדער צו זוכן
האָבן זיך אונטערגענומען.
ניט יענע מוזשיקעס, ראָזבויניקעס
זוכן זיי צו אַרעסטירן,
זיי זוכן אַ ייִנגל פֿון צוועלף יאָר
אין סיביר אַוועקצופֿירן.

מיט די הענט פֿאַרשמידט אין קייטן,
מיט אַ געלער לאַטע הינטן,
צווישן זעלנער מיט די שווערדן
גייט אַ יונגעס קינד.

דאָס איז דאָס דער גרויסער מערדער,
וועלכער ווערט פֿאַרשיקט אויף אייביק
ווײַט אויף קאַטאָרגע סיבירער
פֿאַר אַ גרויסער זינד!...

**דאָס ליד פֿאַרמאָגט אי אַ סאָציאַלן, אי אַ נאַציאָנאַלן מאָמענט. קיין פּאָעזיע איז דאָס אָבער ניט. עכטע פּאָעזיע געפֿינען מיר אין זײַנע קלענערע לידער, וואָס זײַנען דורכגענומען מיט טראַגיק און ליריזם:**

## אַן אומעטיקעס ליד

לאַנגזאַם ציִען זיך די שטונדן
אין דעם לאַנגן שווערן תּענית,
אין דעם תּשעה־באָבֿ פֿון לעבן
ציט אין האַרצן אָן רחמנות.

און די שטונדן ווערן יאָרן.
כ׳וואָלט שוין וועלן, נאַכט זאָל ווערן! —
באַלד וועט מען שוין דאַווענען מנחה,
אָן, עס זעען זיך דרײַ שטערן.

אָפּגעפֿאַסט און אָפּגעהונגערט,
אָט אַזוי דעם גאַנצן לעבן,
קעלטער ווערט די זון פֿון יוגנט,
עס גייט אויס די קראַפֿט צום שטרעבן.

שוואַכער, קעלטער, קראַנקער ,עלטער, —
אַך! דער לעבן איז פֿאַרפֿלאָסן!
באַלד דערפֿאַר וועל איך פֿאַרפֿאַסטן
מיט שור־הבר און מיט לויתן.

(1895)

## קאפּיטל זעקס

**מער רײַפקייט שפּירט זיך אין זײַן ליד:**

# בײַ דעם ברעג

(צום אַנדענקען פון י. סלאָנים)

דער טײַך ליגט אויסגעצויגן ווײַט און ברייט,
און ווי אַ גלאַטע סטענגע אײַנגעדרייט
שלאָפט ער אין טיפן טאָל.
עס בלאָזט און אָטעמט ניט קיין קלענסטער ווינט,
עס קנייטשט זיך ניט קיין קלענסטע שוואַכסטע אינד,
דאָס וואַסער, אומשולדיק ווי אַ קליין קינד,
זעט קלאָר אויס ווי קריסטאָל.

נאָר פּלוצלונג וואַכט אויף שנעל דער שטילער טײַך,
עס פּלושקעט, בולבעט עפּעס זיך, און גלײַך
פאַרזינקט אַ מענטש אין שלונד;
עס מורמלט נאָר אַ קליינע כוואַליע שטילערהייט,
וואָס קימערט דען די וועלט, וואָס יונגערהייט
געפינט אַ מענטש אַ קאַלטן, נאַסן טויט
אין טיפן, שטילן גרונט?

דער טײַך ליגט אויסגעצויגן ווײַט און ברייט
און ווי אַ גלאַטע שלאַנג ליגט אײַנגעדרייט
צו רויבן זײַן געיעג...
דאָס וואַסער זעט אויס אומשולדיק און קלאָר,
און פאַלש איז אויפן גרונט זײַן בוזעם גאָר.
עס שווײַגט — די קליינע אינדן שעפּטשען נאָר
די סודות אויפן ברעג.

**(1897)**

אַ באַגאַבטער דיכטער פון יענער צײַט איז אויך געווען נייטן לעמפּערט (1875—1899). אָבער לעמפּערט איז געשטאָרבן פּונקט דעמאָלט ווען זײַן טאַלאַנט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. ער איז דאַן אין גאַנצן אַלט געווען 24 יאָר. לעמפּערט האָט אַ סך געשריבן. ער האָט געשריבן לידער און פּערזן אויף אַקטועלע טעמעס. אין אַ סך פון די לידער איז ער געווען הומאָריסטיש און בײַסיק. (4) לעמפּערט איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער און האָט געשריבן וועגן אַרבעטער־לעבן און אַרבעטער־קאַמף:

## די יידישע פּאָעזיע

ווער שרײַבט זיך אײַן אַלס וואָלונטיר
און וויל איצט גיין אין קריג —
פֿאַר דעם שטייט אָפֿן פֿרײַהייט־טיר;
זי נעמט אים אויף אַלס פֿרײַנד צו איר
און פֿירט אים שנעל צום זיג.

נאָר וויסן זאָל אָט דער וואָס וויל
און איז בערייט צו גיין!
דאָס ניט אַ נאַציאָנאַל געפֿיל
איז פֿרײַהייטס גרויסער שטרעבנס־ציל,
איז פֿרײַהייט־קאַמף אַליין.

אין דיזן גרויסן יאַמער־טאָל,
אין דיזער וועלט פֿול נויט,
ווו ס׳הערט זיך קרעכצן איבעראַל
פֿון שווערן דרוק פֿון טויטן קוואַל,
פֿון אַלטן קאַמף פֿאַר ברויט,

אין דיזער וועלט ווו אַרבעט שווער,
געניסן ר ײַ כ ע נאָר —
דאָן גיבן קיין נאַציאָנען מער,
נאָר קלאַסן צוויי, דער קנעכט און האַר
און מערער ניט אַ האָר.

דאַרום איז וואָלאָנטירן, קנעכט,
איר ווילט איצט גיין גאַנץ פֿרײַ?
טאָ גייט אַרויס פֿאַר אײַער רעכט
און שטיצט אַרונטער אַלדאָס שלעכטס,
און שטירצט די טיראַנײַ!

אָ, גייט אַרויס פֿון שאַכט, פֿון שאָפּ!
עס רופֿט אײַך דאָך די נויט
צו שטירצן דיזע ווילדע מאַכט,
וואָס האָט פֿאַר שקלאַפֿן אײַך געמאַכט,
וואָס דריקט אײַך ביז צום טויט.

## קאפיטל זעקס

אָ, גייט, איר וואָלאַנטירן אַלע,
ערהויבט די רויטע פאָן!
און קעמפן זאָלט איר איבעראַל
נאָר קעגן שׂונא קאַפּיטאַל,
די פֿײַנדלעכע נאַציאָן!

ווער שרײַבט זיך אײַן אַלס וואָלונטיר
און וויל באַלד גיין אין קריג?
פֿאַר דעם שטייט אָפן פֿרײַהייטס־טיר:
זי נעמט אים אויף אַלס פֿרײַנד צו איר
און פֿירט אים שנעל צום זיג!

(מי ההולכים? — 1898)

**נייטן לעמפּערט זינגט אויפן אַלטן יידישן מאָטיוו פֿון נחמו, נחמו און רופֿט די אַרבעטער־מאַסן צו מאַכן אַ סוף צו זייערע צרות:**

**קול קורא במדבר, פּני דרך!...**
(ישעיה מ)

מײַן פֿאָלק, מײַן פֿאָלק, מײַן אַרבעטס־פֿאָלק,
מײַן פֿאָלק פֿון וויי און צרות,
דו האָסט גענוג געליטן שוין
פֿון גבֿירים און פֿון שׂררות.

דו האָסט גענוג געטראָגן שוין
דעם יאָך, די נויט, די קלאָגן:
הייב אויף דײַן קאָפּ און גלײַך זיך אויס
און זע: עס הייבט אָן טאָגן!...

און זע: דער שיינער מאָרגן קומט,
די פֿויגל זינגט, אַ מחיה!
זי זינגט פֿון לעבן, פֿרייד און לוסט,
זי זינגט פֿון מענטשן פֿרײַע.

זי זינגט, און יעדער טרעל וואָס קומט,
עס קוויקט איצט מײַן נשמה,
זי זינגט, איך פֿיל, דאָס יעדער טרעל
פֿאַרקינדיקט אַ נחמה...

אָ, מײַן פֿאָלק, מײַן אַרבעטס־פֿאָלק,
אָ, פֿאָלק פֿון וויי און צרות!
אָ, הייב זיך אויף — און מאַך אַ סוף
צו גבֿירים און צו שׂררות.

(נחמו, נחמו! — 1897)

**נייטן לעמפּערט, ווי אַן אַרבעטער־פּאָעט, האָט געפֿילט אַ נאָענטע פֿאַר־בינדונג צו דעם באַקאַנטסטן דיכטער פֿון יענער עפּאָכע, צו מאָריס ראָזענפֿעלדן, און אין אַ לאַנג ליד דריקט ער אויס צו אים זײַנע וואַרעמע געפֿילן און סימפּאַ־טיעס:**

## מײַנע געפֿילן

(אָנגעשריבן בײַם איבערלייענען מאָריס ראָזענפֿעלדס „פֿרילינג־געזאַנג״)

אָ, הערלעכער דיכטער! אָ, ליבלינג דער מוזען!
ווי גיבסטו צום דיכטן אַרײַן מיר אַ לוסט,
ווי העל און ווי זיס עס ערקלינגט מיר דײַן שטימע,
וואָס טרילט זאָ האַרמאָניש אַרויס פֿון דײַן ברוסט,
וואָס טרילט און צעגיסט זיך אין טויזנטער שטראָמען,
וואָס שווענקט און שווענקט אָפּ דעם פֿאַרשימלטן ברעג,
וואָס צײַגט מיר אַ צייכן פֿון פֿרילינג פֿון יאָרן,
וואָס האָט באַגלייט מיך אַ מאָל אויף מײַן וועג.

אָ, הערלעכער דיכטער! נאַטורס גרויסער זינגער,
דו וועקסט אין מיר אויף אַזאַ מאָדנעם געפֿיל,
איך הער דײַנע לידער, מיר דוכט, אַז זיי זײַנען
די זעלבע, וואָס האָבן באַגײַסטערט מיך פֿיל.
באַגײַסטערט, געשלעפּט מיך גאַנץ ווײַט אויף די פֿעלדער,
געצויגן מיך טיפֿער אַרײַן אין דעם טאָל,
וואָס האָבן דערציילט און פֿאַרשפּראָכן מיר גליקן,
וואָס איך וועל געניסן אין לעבן אַ מאָל.

אָ, הערלעכער דיכטער! דו וועקסט אין מיר בילדער
פֿון צײַטן, וואָס זײַנען גאַנץ לאַנג שוין אַוועק.
איך זע ווי אין טרוים זיי — מײַן הערץ ווערט צעבראָכן,
פֿאַרלאָרענע ליבע! מיך שוידערט, אַ שרעק...
דאָך זאָג מיר, אָ ברודער, איך בעט דיך, ווי קומסטו
צו קאָנען אַזוי מײַן צעבראָכענעם הערץ,
איך הער דײַנע לידער ,איך הער אין זיי קלינגען
מײַן אייגענעם וויי און מײַן אייגענעם שמערץ.

**וואָס מער נייטן לעמפּערט האָט געשריבן, אַלץ רייפער איז ער געוואָרן, און אין אַ צאָל לידער ווייזט ער אַרויס אמתן טאַלאַנט און רייפקייט, אָבער זיין רייפקייט ווייזט זיך גראָד אַרויס אין זיינע טיף פערזענלעכע, לירישע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט. ער האָט, אַ פּנים, דער־פילט, אַז זיין סוף איז נאָענט, און ער שרייבט אַזוינע צאַרטע, טרויעריקע לידער:**

## הערבסט

### 1

דער הערבסט ער קומט, די בלעטער פאַלן,
דער וואַלד ער רוישט אַן אָבשייד־ליד, —
צו פריילינג און צו נאַכטיגאַלן,
צו אַלץ, וואָס האָט געלעבט, געבליט.

דער הימל ליגט שוין איינגעצויגן
און שוואַרצע וואָלקנס גרויס און שווער;
די בלום — אַ קריפּל — שטייט געבויגן,
דער טאָל איז וויסט, ער גרינט ניט מער!

אין מיר מיין יוגנט, ווי דער זומער,
פאַרגייט שוין אויך, געזעגנט זיך!
עס קומט דער הערבסט, איך פיל אַ קומער,
דער הערבסט, דער טויט באַגעגנט מיך...

### 2

און ווער איך אין טרוימען פאַרזונקען,
אין חלום פון פריילינג, פון גליק,
דאַן קומט זיך דער הערבסט־ווינט דער קאַלטער
און וועקט מיך מיט כעס צוריק.

דאַן גיי איך מיר אום אַ דערוואַכטער
און וויין שטיל, און קלאָג אויף דאָס ניי,
דער הערבסט־ווינט, מיר דאַכט, אַז ער זאָגט מיר
„דיך וועט שוין ניט גריסן קיין מיי!"

(1898)

אַ באַגאַבטער דיכטער איז געווען, אָן צווייפל, וויליאַם קייזער (1876—?), וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1893 און האָט דאָ באַלד נאָך זיין אָנקומען דעביוטירט מיט אַ ליד. קייזער האָט זיך גלייך צוגעפּאַסט צו דער פּראָלעטאַרישער ריכטונג אין דער יידישער פּאָעזיע. ער האָט געשריבן וועגן דער שווערער לאַגע פון אַרבעטער, ער האָט געקלאָגט אויף דעם גורל פון דער שאַפּ־אַרבעטערין און האָט, ווי די מערסטע דיכטערס פון יענעם פּעריאָד, גערופן דעם אַרבעטער זיך צו באַפרייען פון דעם קאַפּיטאַליסטישן יאָך. קייזער האָט אַלע מאָל געזונגען וועגן דעם אַרבעטער און זיין שווער לעבן. ער האָט זיך אָבער לאַנג ניט אָפּגעגעבן מיט דיכטונג — דער שווערער יאָך פון עם לעבן האָט אים איינגעשפּאַנט אין דאגות־פּרנסה און אין געשעפטלעכע אונטערנעמונגען. ער האָט אָבער איבערגעלאָזט זיינע שפּורן אין דער דיכטונג פון יענע יאָרן. מיר ברענגען דאָ אַ פּאָר מוסטערן פון זיין דיכטונג:

## עלעגיע

אָ, דאַן ווען איך דערהער
די זיסע טענער שפּילן,
וואָס גייען זאַנפט און העל
פון קינסטלערס האַנט אַרויס,
דאַן וועקן זיך אין מיר
אויף אַנדערע געפילן
און ס'רייסט זיך פון מיין הערץ
אַ טיפער זיפץ אַרויס.
דאַן הער איך קלינגען הויך
פיל שמערצלעכע געשרייען
פון מענטשן אָן אַ צאָל,
וואָס האָבן ניט קיין ברויט.
דאַן הער איך אַ געררויש
פון יאָמערלעכע ווייען,
אָ, ווייען, וועלכע גייען
פון הונגער און נויט.
און אויב עס קומט מיר אויס
צו זיין ווען אין אַ גאָרטן
און כ'זע די יונגע בלומען,
ווי שיין דאָרט וואַקסן זיי,
און פיל דעם זיסן דופט,
וואָס איז צעגאָסן דאָרטן,

## קאפיטל זעקס

דאַן רײַסט זיך פֿון מײַן הערץ
אַרויס אַ גרויס געשריי.
פֿאַר מיר דערשײַנען דאַן
פֿיל בלומען יונגע, צאַרטע,
פֿאַרוועלקטע פֿאַר דער צײַט
פֿון אויסגעזויגטן זאַפֿט,
פֿאַרוויאַנעט פֿון מאַשין,
פֿון שאַפֿ־לופֿט שטאַרק פֿאַרדאַרטע,
פֿאַרדאַרטע און פֿאַרקוואַרטע,
אָן לופֿט, אָן לעבנס־קראַפֿט.
אָ, ווי איך זאָל ניט זײַן,
קאָן איך קיין רו געפֿינען,
דען אַלץ, וואָס רופֿט אַרויס
בײַ יעדן פֿרייד און מוט,
אַט דאָס פֿאַרשאַפֿט מיר שמערץ,
ווײַל מיר גייט קיין מאָל פֿון זינען
אַרויס, אַז אַרום מיר
גיסט זיך אַלץ מענטשנס בלוט...
איך לײַד, איך קוועל מיך שטאַרק,
און לאַנג נאָך וועל איך לײַדן.
כּל־זמן די וועלט וועט זײַן
מיט צרות פֿול, מיט פּײַן,
כּל־זמן מען וועט די נויט
און הונגער ניט פֿאַרמײַדן, —
וועל איך אַן עלנטער,
אַן אומגליקלעכער זײַן...

(1895)

**קייזערס דיכטונג פֿאַרמאָגט מוזיקאַלישקייט. זײַן טאָן איז אַלע מאָל אַ האָפֿערדיקער, אַ קאַמפֿלוסטיקער, און איז דורכגעדרונגען מיט גלויבן אין דער הייליקער מיסיע פֿון אַרבעטמאַן:**

וואָס מאַכט איר, אַרבעטער?
דער טיפֿסטער טײַך, דער ברייטסטער ים
באַשטייט פֿון קליינע טראָפּנס נאָר:
די גרעסטע בראַנד, די העלסטע פֿלאַם
באַשטייט דאָך בלויז פֿון פֿונקען נאָר,

## די ייִדישע פּאָעזיע

און דאָך, — ווי מעכטיק איז דער שטראָם,
ווי גרויס איז פאַרט דעם פייערס מאַכט!
פון טראָפּנס ווערט אַ טיפער תהום,
פון פונקען ווערט דאָך העל די נאַכט.

און ניט נאָר וואַסער, פייער — ניין,
ניטאָ קיין איין זאַך אויף דער וועלט,
קיין קערפּער, וועלכער זאָל ניט זיין
פון טייכעלעך צונויפגעשטעלט,
פון זעמדעלעך, וואָס מען קוים דערקענט,
ווערט ציגל (כאָטש אויך קליין און שמאָל),
פון זיי — ווערט הייזער, גאַסן, שטעט,
פון שטעט — ווערט לענדער אָן אַ צאָל.

באַטראַכט דאָס, פריינד, און שטעלט אייך פאָר,
די מאַכט פון אָרגאַניזאַציאָן,
ווען אַלע איר פאַרבינדט זיך נאָר,
אָ, דאַן קאָנט איר דאָך אַלעס טאָן:
די גאַנצע וועלט זייט איר אומשטאַנד
צו מאַכן גליקלעך — איר און זיך...
די העלע זעלבסט דורך אייער האַנט
קאָן ווערן אַ גן־עדן גיך.

איר קאָנט ווי וואַסער — אַלע שמוץ
פאַרטראָגן שנעל, פאַרטרייבן ווייט:
און ווי דער רעגן ברענגען נוץ:
אונדז געבן פרוכט פון ערלעכקייט.
אַזוי ווי פייער קאָנט איר שנעל
פאַרניכטן דאָ די טיראַניי,
אום אונדזער לעבן זאָל זיין העל
און אונדזער וועלט זאָל ווערן פריי.
איר קאָנט די נאָרקע, וווּ איר ליגט,
פאַרוואַנדלען אין אַ הויז — אַ פּראַכט;
איר קאָנט דעם דלות, וואָס אייך דריקט,
פאַריאָגן ווייט מיט אייער מאַכט;
איר קאָנט די וואָך, וואָס איר פאַרשילט,
גיך מאַכן פאַר אַ פריידן־וואָך.

אַ, איר קאָנט אַלץ טאָן, אויב איר ווילט.
טאָ זאָגט: אויף וואָס זשע וואַרט איר נאָך?!

(1897)

קייזער, ווי אַלע דיכטער פון יענע יאָרן, איז דורכגענומען מיט אַ רעוואָלו־ציאָנערער נאַיִווקייט און ער רופט זיך אָפּ אויף יעדער רעוואָלוציאָנערער גע־שעעניש, ווי למשל אין דעם ליד וועגן דער פּאַריזער קאָמונע:

דער הייליקער מאָנאַט! ער איז אָפּגעפאַרבן
מיט בלוט פון טיראַנען, ווי אויך בראַווע לייט,
ער האָט אין געשיכטע אַ שם זיך דערוואָרבן
אַלס קעמפּער פאַר פרייַהייט און ברידערלעכקייט.

אין אים האָט גענומען די פרייַהייט העל שטראַלן,
אין אים האָט די פרייַהייט איר מאָרגן ערהעלט,
אין אים איז אַ צער פון די רוסן געפאַלן,
וואָס האָט פאַר דער פרייַהייט אַ גאַלגאַן געשטעלט.

צינד אָן, מערץ, דייַן גלייַכהייט צווישן די מאַסן,
מיט ליבע צו פרייַהייט פיל אָן יעדער הערץ,
און דאַן וועט ערהילכן אַ שטים אין די גאַסן:
געבענטשט זייַ, דו הייליקער, בלוטיקער מערץ!

(„דער מאָנאַט מערץ'' — 1897)

ווען קייזער פאַרגעסט אויף אַ ווייַל זייַן רעוואָלוציאָנערע מיסיע און זינגט אויף אַן אינטימען און שטילן אופן, ווערט זייַן ליד מער ווירקזאַם אַפילו פון רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפּונקט. זייַן פּאָעמע „אין גאָלדענעם לאַנד'', ווו ער שילדערט אויפריכטיק דאָס שווערע לעבן פון יידישן אַרבעטער־מיידל, איז אמתע דיכטונג. עס איז אין איר פאַראַן שטימונג, געמיט, און אַפילו די שפּראַך איז דאָ פיל געלייטערטער, ווי אין די רעטאָריש־רעוואָלוציאָנערע לידער:

## אין גאָלדענעם לאַנד

אין שאַפּ צווישן מיידלעך מיט זאָרגפולע אויגן
זיצט שטיל זי אין ווינקל אין דרייַען געבויגן.
זי אַרבעט, און ס'רייַסן זיך זיפצן פון האַרצן:
אַזוי וועט זי אפשר איר לעבן אָפּשוואַרצן
אין שאַפּ דאָ צווישן דעם רויש פון מאַשינען —
און פון אירע אייגעלעך טרערעלעך רינען...

זי אַרבעט און זעט ווי אין שפּיגל, אין קלאָרן,
די בילדער פון אירע פאַרגאַנגענע יאָרן:
אַ מיידעלע שפּילט זיך... די עלטערן קוועלן
און זאָרגן, עס זאָל איר קיין זאַך ניט פעלן.
און היינט מוז זי לויפן אין שאָפּ ווי באַגינען,
און פון אירע אייגעלעך טרערעלעך רינען...

אָט זעט זי איר שטעטל: די גאַסן, די פעלדער,
די גערטנער מיט פּרוכטן, די טיף גרינע וועלדער,
אָט יאָגט זי אַוועק זיך אין פעלד דאָרט אין וויַיטן —
אוי־אוי — יענע קינדישע גליקלעכע ציַיטן!...
און איצטער פאַר ברויט נאָר, פאַר ברויט מוז זי דינען —
און פון אירע אייגעלעך טרערעלעך רינען...

אַזוי זיַינען טעג דאָרט און יאָרן געלאָפן,
דאָס מיידלשע האַרץ האָט ניט אויפגעהערט האָפן...
די עלטערן זיַינען כאָטש שוואַכער געוואָרן,
דאָך זי אָבער, זי — אין די בליִענדסטע יאָרן...
אוי־אוי, יענע טעג, יענע טעג צו געפינען...
און פון אירע אייגעלעך טרערעלעך רינען...

און נאָך דעם איז אַלעס, אַך, אַלעס צעפאַלן,
אָט איז מען — געדענקט זי — דאָס היַיזל באַפאַלן,
צעבראָכן, צעשטאָכן, צעהאַקט און צעדראָשן,
געראַבעוועט און געגזלט און בלוט פיל פאַרגאָסן...
ס׳הייבט אָן ביַים געדאַנק זיך צו מישן אין זינען,
און פון אירע אייגעלעך טרערעלעך רינען...

און שפּעטער, ווען אַלץ איז געוועזן שוין פאַריבער
און ס׳איז ניט געבליבן קיין קרובֿ קיין ליבער,
מיט ווונדן אין האַרצן אין שטענדיקן ווייטאָג,
האָט זי דאַן אויף אייביק פאַרלאָרן איר היימאַט,
אין גאָלדענעם לאַנד דאָ איר גליק צו געפינען...
און פון אירע אייגעלעך טרערעלעך רינען...

**טיף און טרויעריק איז געווען דאָס ליד פון נ. מ. באַבאַד (1872—1903). באַבאַד איז געווען אַ ליריקער און האָט געשריבן וועגן ליבע, יוגנט, טרויער און**

**וועגן דער אייביק־אומפאַרמײַדלעכער עלטער. באַבאַד איז איינער פון די ערש־טע אינדיווידועלע דיכטער, וואָס זינגט אויף אַ ראָמאַנטישן אופן וועגן זײַנע אייגענע ריין־פּערזענלעכע לײַדן און ספקות:**

## די ליבע

איך בין יונג געווען, מײַן שווערמערישעס האַרץ
האָט מיט דער גאַנצער וועלט געקלאַפּט אין האַרמאָני,
און פרעמדע לײַדן איז געווען מײַן אייגן וויי,
און פרעמדעס גליק מײַן בעסטע מעלאָדי.

און ווען די ליבע יונג און רייצנדיק
פלעגט צערטלעך, שטיל אַפּט צווינקען מיר,
האָב איך געענטפערט: ניין, איך קאָן ניט גיין,
ווי לאַנג דער לעבנס־קאַמף עס זיצט נאָך בײַ מײַן טיר.

*

כ'בין אַלט געוואָרן... מיד און שוואַך און בלאַס,
אַ קראַנקער שאָטן פון מײַן פריערדיקן איך —
די באַקן אײַנגעשרומפּט, די אויגן פײַכט,
און גיין אויך קאָן איך שוין ניט מער, איך קריך...

דאָס האַרץ, פול טיפע וווּנדן, שטרעק איך אויס
צו איר, דער שיינער, ליבער מײַנע — דאַרע הענט
און וויין, און בעט, און עפן איר מײַן הויז:
אוי, קום, דערפריי דאָך מײַנע שטומע ווענט!

אומזיסט דאָס בעטן, נאַריש דאָס געוויין...
איר ענטפער רויבט דעם לעצטן טרייסט פון מיר...
די ליבע קומט נאָר איין מאָל, קאָן ניט איין מאָל שטיין,
און פליט די יוגנט — פליט זי אויך אַוועק פון איר.

**(1898)**

**נ. מ. באַבאַד האָט אַרײַנגעבראַכט אַ ראָמאַנטישן טאָן אין דער יידישער פּאָעזיע. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַן עכט געפיל פאַר דער נאַטור, און אין יענע יאָרן, ווען קיין איינער פון די דעמאָלטיקע דיכטערס האָט זיך ניט אָפּגע־געבן מיט דער פאַרמעלער זײַט פון ליד, מערקן זיך אין באַבאַדס לידער ריין פאָרמעלע פּאָעטישע דערגרייכונגען:**

# הערבסט-עלעגיען

קום אַרויס, מײַן געליבטע, פֿון איינזאַמען צימער,
שרעק זיך ניט פֿאַר דעם גרויזאַמען שטורעם און ווינט!
גלייב! דער ווינט און דער שטורעם זיי ווילן ניט אימער,
און ווערן אויך שוואַך ווי אַ שרעקעדיק קינד.
זע! עס קרעכצן דיביימער, עס פֿאַלן די בלעטער,
ווי אַן אָבל נאָך שבֿעה דער הימל איז שוואַרץ.
איך אַליין פֿיל זיך גוט אין דעם ברויזנדן וועטער,
ווײַל די זון שײַנט זאָ ליכטיק, זאָ העל אין מײַן האַרץ.
אויף די נאַקעטע ביימער, וואָס נייגן זיך נידער,
אויבן הויך צווישן צווײַגן פֿאַרטריקנט און געל,
הערסטו דאָרט אַ פּאָר פֿייגעלעך זינגען די לידער,
וואָס ערמונטערן, קוויקן מיט יעטווידער טרעל?
מעג דער גרויזאַמער שטורעם טיף בייגן די צווײַגן,
מעג עס דונערן, בליצן און רעגענען אַ געוואַלד,
דאָס פֿאַרליבטע פּאָר פֿייגעלעך מאַכט עס ניט שווײַגן
און עס שלינגט יעדן טאָן דער באַצויבערטער וואַלד.
ווײַל זיי זינגען פֿון פֿרילינג, פֿון זונשײַן, פֿון בלומען,
פֿון אַן עוויקער ליבע, וואָס נימאַלס ווערט אַלט,
פֿון פֿאַרגאַנגענע טעג און פֿון יענע וואָס קומען
נאָך דעם שטורעם און רעגן... זאָ מוראדיק קאַלט...

קום אַרויס, מײַן געליבטע, פֿון איינזאַמען צימער,
שרעק דיך ניט פֿאַר דעם גרויזאַמען שטורעם און ווינט.
גלויב! דער ווינט און דער שטורעם, זיי ווייען ניט אימער
און ווערן אויך שוואַך, ווי אַ שרעקעדיק קינד.
מעג דײַן וועלט זײַן אַ וואַלד פֿול מיט פֿינצטערע וועגן
און דײַן הימל פֿאַרוואָלקנט און כמאַרנע און שוואַרץ,
לאָמיר שטאָלץ, ווי די פֿייגעלעך, לאַכן פֿון רעגן,
ביז אַ פֿונק נאָך פֿון ליבע ערוואַרמט דאָס האַרץ.

(1898)

**דער ריין פּערזענלעכער לירִיקער נ. מ. באַבאַד האָט אויך ניט אויסגע־ מיטן די אידעיִשע שטרעמונג פֿון זײַן צײַט. אויך ער איז אָפֿט מאָל סאָציאַל אין זײַן דיכטונג, און ווען ער זעט דעם פּרעכטיקן שניי פֿאַלן, ווען ער איז פֿול מיט לעבנס־פֿרייד און מיט באַגײַסטערונג, פֿאַרגעסט ער אָבער ניט די לײַדן פֿון**

**אַרבעטער און די אומגערעכטיקייט פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. אָבער אויך די דאָזיקע לידער זײַנען בײַ אים, אין קאָנטראַסט צו די מערסטע פון זײַנע חברים־דיכטערס, דורכגענומען מיט אַן אויפריכטיקן ליריזם און מיט פײַנער בילדלעכקייט:**

## שניי - געדאַנקען

ווײַסער פון פעדערן נאָר וואָס געפּליקטע,
ווײַסער פון האַנטעכער נאָר וואָס געשטריקטע
פאַלט פון דעם הימל אַרונטער דער שניי;
פאַלט אויף די ענגע, די שמוציקע גאַסן,
טרײַבט אין די הײַזער די פרירנדע מאַסן,
רופט אַרויס בײַ קינדער אַ יובל־געשריי.

אומעטיק שטיי איך און קוק אויף די סצענען,
קוק, ווי אויף אַלעס, ביז ניט צו דערקענען,
שפּרייט ער אַ לײַלעך אַרום און אַרום.
טיף אונטער אים פון די אויגן באַהאַלטן
ליגט אַלץ פאַרזונקען אין שלאָף רויק־קאַלטן,
שלאָפט ווי באַצויבערט, באַוועגלאָז און שטום.

שטונדן־לאַנג פאַלט ער אַלץ העכער און העכער,
דעקט מיט אַ זילבער פאַרחושכטע דעכער,
דעקט ווי אַ קאָרפּעט די זינדיקע ערד.
שטיל ווי אַ קבֿר פון אַלעס פאַרלאָזן
קוקן די ווײַסע, די איינזאַמע גאַסן.
אויבן די לבֿנה — שײַנט־שווימט אומגעשטערט.

דאַן, ווען די ברוסט מײַנע שטורעמט „נאָר לעבן!“
דאַן, ווען מײַן קאָפּ איז פאַרשיכּורט מיט שטרעבן,
דאַן, ווען דאָס האַרץ טוט מיר מוראדיק וויי,
וויפל געדאַנקען, ווי נאַכט מרא־שחורהדיקע,
וויפל זכרונות — דאַן ליבלעכע, טרויעריקע —
וועקט אין מײַן זעלע געפאַלענער שניי!

אונטער אים יעצט — פון די אויגן באַהאַלטן —
וויפל איז ווײַס געמאַכט שוואַרצע געשטאַלטן,
פריער מיט בלוט און מיט שאַנדע באַפלעקט?

ווי פֿל דערשרעקנדע, שרייענדע לעכער,
טרערן באַגאָסענע טענעמענט־דעכער,
האָט ער אויס מיטלייד מיט וויסן באַדעקט?

ווען די פֿאַרמאַטערטע אַרבעטער שלאָפֿן,
וואָס פֿאַר אַ ווילדן קאָנטראַסט וועט אויסרופֿן
דיזער, ווי פּערל, געפֿאַלענער שניי?
איי ניקע וועלן אים הערצלעך באַגריסן,
טרערן פֿון טויזנטער וועלן דאַן פֿליסן,
קלאָג וועט זיך מישן מיט פֿריידנס־געשריי!

איי ניקע וועלן זיך שליטלען אַן זאָרגן,
טויזנטער וועלן פֿאַרשילטן דעם מאָרגן,
שילטן דאָס לעבן, די עוויקע לאַסט.
פֿרירנדע, רויטינקע קינדער־געזיכטער,
בייביס, וואָס הוסטן, וואָס צאַנקען ווי ליכטער —
ווער פֿון איך ווייס ניט דעם ווילדן קאָנטראַסט?

וויַסער פֿון פֿעדערן נאָר וואָס געפֿליקטע,
וויַסער פֿון האַנטעכער נאָר וואָס געשטריקטע,
פֿאַלט פֿון דעם הימל אַרונטער דער שניי;
פֿאַלט פֿאַר דעם אָרימען, פֿאַלט פֿאַר דעם רייַכן,
מוטער־נאַטור וויל אַיעדן אויסגלייַכן.
מענטשן דערלאָזן ניט — ס׳לוינט ניט פֿאַר זיי!

(1898)

**באַבאַד האָט נאָך אין יענע יאָרן טיף באַגריפֿן די לאַגע פֿון יענע יידישע דיכטערס, וואָס האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו דעם צייטונג־אַרויסגעבער און זייַנען געווען געצוווּנגען צוצושטעלן לידער לויט אַן „אָרדער‟. ער האָט געזען, ווי דער הונגער צווינגט פּאָעטן צוצושטעלן דיכטונג סיי פֿון אַרבעטער־לעבן, סיי פֿון גלות־ישׂראל, און דאָס האָט באַבאַדן ווײי געטאָן. מיט צער און באַליידיקונג שרייבט ער וועגן זיי:**

## יידישע פּאָעטן

ווי אַנדערע דיכטער, וואָס „כאַפּן פֿון הימל
געדאַנקען‟, זאָגט איינער: איין אַנדערער ווינט,
האָב איך ניט געטרוימט, דאָס פֿאַרזינקען אין דרימל,
פֿאַרנעם איך די מוזע, וויַל איך בין איר קינד.

נאָר נימאָלס אין נעכט, ווען דער מאָנד האָט געשײַנט
ווי זילבער, וואָס בלישטשעט זאָ ווײַס און זאָ קלאָר,
האָב איך ניט משוגע געמאַכט מײַנע פֿרײַנד
מיט לידער געווידמעט דער מוטער־נאַטור.
ווען הונגעריק, דורשטיק, אין פּאַקעט קיין סענט,
דער קאָפּ ווי פֿאַרשיכורט, דער מאָגן גאַנץ לער,
די מיסעס פֿון אינווייניק: גיב איר די רענט!
פֿון דרויסן בעל־חובֿות ווו כ׳גיב זיך אַ קער,
און פּלוצלונג, ווי גאָטס אַ מבֿשׂר פֿון אויבן,
האָב איך אַ באַפֿעלנדע שטימע דערהערט:
„דרײַ דאָלער אַ לידל"...אַך, דאַן מעגט איר גלויבן
האָב איך אַלע מוזעס געהאַט טיף אין דער ערד.
און האָט ער, דער פּובלישער, לידער געוואָלט
פֿון אַרבעטער־צרות, פֿון אַרבעטער־לעבן,
און האָט ער באַפֿוילן: ר׳ נחום, איר זאָלט
אַ לידל פֿון גלות־ישׂראל מיר געבן —
די פּען איז געפֿלויגן, געקנאַקט דאָס פּאַפּיר,
אַ דאגה אַ לידל — עס זאָגט זיך אַליין!
עס וועט שוין באַצאָלט זײַן אַ וואָך די קוואַרטיר,
אין פּאַקעט וועט קלינגען דאָס קופּער גאַנץ שיין.
אַך, ייִדישע מוזעס און ייִדישע דיכטער!

ווי טרויעריק קאָמיש איר אַלע קוקט אויס!
באַגײַסטערטע מוחות, פֿאַרדאַרטע געזיכטער,
ווי ווערעמלעך קליין און העלפֿאַנטן גרויס!
פֿון טאָג צו טאָג ווערט איר אַלץ שוואַכער און בלאַסער.
נישקשה, פּאָעטן, פּאָעטן פּאַסט שוין דאָס קאָליר!...
און הונגעריק טראַכט איך: „איך שאַף פֿאַר דער מאַסע,
מײַן בעסטע באַצאָלונג ערוואַרט איך פֿון איר".
און רעדט איר פֿון קונסט מיט אַ ייִדן אַ חכם,
צעהיצט זיך, צעפּלאַמט זיך, עס איז גאָר אַ שרעק.
דאַן שלאָגט ער אײַך איבער. גאַנץ אמת, ר׳ נחום,
נאָר גיט מיר, איך בעט אײַך, מײַן קוואָדער אַוועק!"

די יאָרן זיי פֿליִען, מיט זיי אויך די קרעפֿטן,
דאָך טרייסט איך זיך: לעבן וועל איך נאָך מײַן ענד.
אַך, נאַרישע טרוימער: צו „שפּאַנענדע העפֿטן"
דײַן ווערק גיט מען יעדן צו: דרײַ פֿאַר צען סענט!

(1897)

מאָריס ווינטשעווסקי (1856—1933) איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1894. ווינטשעווסקי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ רעפּוטאַציע פֿון אַ פֿעליעטאָניסט, פּובליציסט און דיכטער. נאָך איידער ווינטשעווסקי איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע איז ער שוין געווען גוט באַקאַנט צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין אַמעריקע, ווײַל זײַנע זאַכן פֿלעגן דאָ איבערגעדרוקט ווערן אין דער אַרבעטער־פּרעסע.

ווינטשעווסקי האָט זיך דאָ גלײַך אַרײַנגעוואָרפֿן מיט זײַן גאַנצער ענערגיע אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט געהאַלטן רעפֿעראַטן, רעדאַקטירט אַ זשורנאַל („דער אמת“, באָסטאָן), געשריבן פֿעליעטאָנען, אַרטיקלען, לידער און פֿאַבלען.

אין יענער צײַט איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער, פֿאַרביסענער קאַמף אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. די פּאַרטיי האָט זיך צעטיילט אויף אָנהענגערס און קעגנערס פֿון דעם פֿירער דעניעל דע לעאָן. דע לעאָן איז געשטאַנען פֿאַר אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק בנוגע דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג. ער האָט געהאַלטן, אַז די יוניאָנס טאָרן זיך ניט באַנוגענען בלויז מיטן קאַמף פֿאַר באַלדיקע בעסערע באַדינגונגען, נאָר זיי מוזן אויך פֿאַרוואַנדלט ווערן אין קאַמף־אָרגאַניזאַציעס פֿון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. קעגן דע לעאָנס פּאָליטיק זײַנען שאַרף אַרויסגעטראָטן אב. קאַהאַן, ל. מילער און אַנדערע פֿירערס פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. אויך מאָריס ווינטשעווסקי איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן קעגן דער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק פֿון דע לעאָנען און איז צוגעשטאַנען צו אב. קאַהאַן און לוי מילער.

אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־פּרעסע האָט ווינטשעווסקי זיך הויפּטזאַכלעך פֿאַרנומען מיט שרײַבן פֿעליעטאָנען, וועלכע ער האָט אָנגערופֿן „צעשלאָגענע געדאַנקען פֿון אַ משוגענעם פֿילאָסאָף“. אויף אַ הומאָריסטישן, געמיטלעכן אופֿן רעדט ווינטשעווסקי אַרום פֿאַרשיידענע פּראָבלעמעס און געשעענישן און פֿירט אָן אַן אַגיטאַציע פֿאַרן סאָציאַליזם. דער אומדירעקטער מעטאָד פֿון זײַנע פֿעליעטאָנען איז געווען זייער ווירקזאַם. מיר וועלן דאָ ברענגען עטלעכע אויסצוגן פֿון זײַנעם אַ פֿעליעטאָן:

„קינדער, עס איז שווער צו שרײַבן אין די נײַן טעג. עס איז הײַנט אַזוי הייס ווי אַז אַקערשט געגרינדעטע סאָסײַעטי!... עס ברענט די זון אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ לאָדזשער חסיד!... עס קלעפּט זיך צו דאָס העמד צום לײַב ווי דעם אַרבעטערס פֿאַרדינסט צו דער האַנט פֿון באָס... מען איז שלעפֿעריק ווי דער רבֿ אין קלויז ווען דער שטאָט־מגיד זאָגט אַ דרשה...

„פֿאַרצײַטן איז עס געווען קילער. אַ ייִד האָט ניט געגעסן קיין פֿלייש אין די נײַן טעג צווישן ראָש חודש אָבֿ און דעם חורבן בית־המקדש, און עס איז געווען קילער, אַפֿגלײַך יעדער האָט געהאַט פֿאַר די אויגן

די גרויסע שׂרפה פון דעם ערשטן און דעם צווייטן ירושלימער טעמפּל. עס איז געווען, זאָג איך, קילער, מחמת מען האָט זיך ווייניקער גע־שטאָפּט מיט אָקסן־פלייש... וואָס זאָגט איר? היינט שטאָפּט מען זיך אויך ניט מיט אָקסן־פלייש סיידן מען האָט אָקסן, וועלכע גייען אין יאָר צוערשט און לאָזן זיך שפּעטער שינדן? ווי קלוג זייט איר געוואָרן! מיר מוזן זיך היטן, ווי מען רעדט מיט איַיך, כ'לעבן! איר זייט אפשר גע־רעכט אויך, אָבער זיך אויסריידן דאַרפט איר אַ מענטשן לאָזן... לאָגיק פאַרלאַנגט איר? פון ווען אָן זייט איר דאָס געוואָרן אַזעלכע שטרענגע פאַרלאַנגער? מיין לאָגיק וועט איַיך ווייניק וואָס געבן, פאַרקרענק איך דעם האָר וואָס איך אַליין האָב פון איר... לאָגיק פאַרלאַנגען זיי, אַ מציאה די לאָגיק! איך וואָלט בעסער פאַרלאַנגט מענטשן־רעכט, אַרבע־טער־רעכט: למשל דאָס רעכט צו האָבן אַ ווייב און אַ קלייד פאַר איר; דאָס רעכט צו האָבן קינדער און זיי קאָנען קאָרמענען און דערציִען; דאָס רעכט צו האָבן ביבליאָטעקן און צו פאַרשטיין די ביכער אין זיי; דאָס רעכט צו האָבן גערטנער און איַינצואָטעמען די פרישע לופט — ניט גייענדיק פון בעט אין פאַבריק און פון פאַבריק אין בעט פון אָן אונ־טערשטן פיַיכטן סקלעפּ אין אָן אייבערשטן עטאַזש פון אַ טענעמענט־הויז, פון שברו לב אין דער היים צו דער שקלאַפעריַי ביַים מיַיסטער. בקיצור, פאַרלאַנגט בעסער דאָס רעכט צו לעבן ווי מענטשן, וועלכע ווייסן, אַז דער ראָד פון מאַשין דאַרף זיַין אַ דינער ביַי זיי און ניט פאַרקערט — זיַין משרתים ביַים ראָד. אַזוי פאַרלאַנגען וואָלט געהאַט אַ זינען. אָבער מיַין לאָגיק איז פאַר איַיך ניט ווערט אַ פּייאָס. איר... אָבער וווּ האַלט איך?...

(„עס ציט זיך ווי פון פעך'' — 1895)

**דעם זעלביקן ציל, וואָס ווינטשעווסקי האָט זיך געשטעלט אין זיַינע פעליע־טאָנען און פּובליציסטיק, האָט ער זיך אויך געשטעלט אין זיַינע לידער. ער האָט ניט געזוכט גלאַט אַזוי זיך, זיַין ליד האָט תּמיד באַדאַרפט פּראָפּאַגאַנדירן דעם סאָציאַליזם:**

## טרויעריקע מוזיק

די וועלט מעג זיך זיַין אַ מוזיק־אינסטרומענט,
פון וועלכן אַ שפּילער — אַ קענער
קען מיט מוזיקאַליש געבילדעטע הענט
אַרויסברענגען לוסטיקע טענער.

דאָס קאָן (אויב ער קאָן) נאָר דער קינסטלער אַליין,
און איך בין אַזאַ מוזיקאַנט ניט:
ביַי מיר ווערט פון אַלערליי טענער געוויין,
צו צו פריילעכע האָב איך קיין האַנט ניט.

פֿאַר מיר איז די וועלט אַ מוזיק־אינסטרומענט
מיט סטרונעס דורכגעוויקטע פֿון טרערן;
און ווי איך דערלאַנג נאָר אַ ריר מיט די הענט,
לאָזט גלײַך זיך אַ טרויער־קלאַנג הערן.

(1892)

דעם זעלבן געדאַנק חזרט דער דיכטער איבער אין זײַן ליד

## מײַן פּאָר טײַבעלעך

איך האָב אַ פּאָר טײַבעלעך שיינע,
זיי זײַנען אַן ער און אַ זי;
זיי וואָלטן אַ דיכטער ווי היינע
פֿאַרזאָרגט מיט אַ סך פּאָעזי.

ער וואָלט זייער אויסזען באַשרײַבן
מיט ווערטער פֿון פּערל און גאָלד;
און אייביק באַרימט וואָלט געבליבן
דאָס בילד, וועלכעס ער האָט געמאָלט.

איך האָב ניט אַ פֿעדער ווי זײַנע,
אויך מאַך איך קיין ליד ניט וואָס רעדט
פֿון גליקלעכע קינדער ווי מײַנע,
דען איך בין אַ פֿאָלקסליד־פּאָעט.

(1892)

נאָך שטאַרקער דריקט ער אויס דעם זעלביקן געפֿיל אין

## לידער פֿאַר מיר

לידער פֿון ליבע, פֿון לעבן, פֿון לוסט,
לידער פֿון פֿריידיקע, בלענדנדע שטראַלן
הילכן ניט אָפּ אין מײַן לײַדנדער ברוסט,
וואַרפֿן ניט ליכט אויף דעם אָרט וווּ זיי פֿאַלן.

לידער פֿון בשׂמים, פֿון בלעטער, פֿון דופֿט,
לידער פֿון ליבלעכע פֿרויען־געשטאַלטן,
בלײַבן בײַ מיר ווי דער קול, וואָס ער רופֿט
דאָרטן, וווּ כאַאָס און עקדישן שאַלטן.

קאַפּיטל זעקס

לידער פֿון שטערן און הימל בײַ נאַכט,
לידער פֿון הערלעכקייט אין דער נאַטור,
לידער פֿון גרעזעלעך, קווייטעלעך, פּראַכט,
גייען מײַן אויער פֿאַרבײַ אָן אַ שפּור.

*

לידער געזונגענע מיט אַ געוויין,
לידער געיאָמערט מיט אַ געזאַנג,
לידער פֿון פֿאָלקס־לײַדן נאָר אַליין
האָבן אַ זין פֿאַר מיר, האָבן אַ קלאַנג;

נעמען געפֿאַנגען מײַן אויער, מײַן ברוסט,
דרינגען אַרײַן אין מײַן האַרץ, מײַן נשמה,
און איך אַליין זינג מיט ליבע, מיט לוסט,
לידער פֿון קאַמף, פֿון טריומף, פֿון נקמה.

(1891)

מ. ווינטשעווסקיס ציל איז געווען צו דינען מיט זײַנע לידער דעם אַרבעטער און אויפֿוועקן אין אים דעם רעוואָלוציאָנערן גײַסט. ווינטשעווסקי איז ניט געווען פֿאַראינטערעסירט צו שרײַבן לידער, וואָס זאָלן פֿאַרווײַלן, אָדער אויסצודריקן זײַן פּערזענלעכן צער אָדער טרויער. זײַנע פּערזענלעכע עמאָציעס האָט ער פֿאַרן לייענער ניט אַנטפּלעקט. „לידער פֿון פֿאָלקס־לײַדן נאָר אַליין האָבן אַ זין פֿאַר מיר". פֿון דעם האָט ער געזונגען און אין דעם האָט ער געגלייבט. אָט דאָס איז געווען זײַן באַרוף און זײַן ציל. ווינטשעווסקי האָט מיט זײַנע לידער געוואָלט דערגרייכן דעם זעלביקן ציל ווי מיט זײַנע פּובליציסטישע אַרטיקלען און פֿעליעטאָנען — ער האָט געוועקט און גערופֿן דעם אַרבעטער צום קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט. כּל־זמן דער אַרבעטער און פֿאָלקס־מענטש איז אונטערדריקט און פֿאַרפֿאָלגט, קאָן זיך ווינטשעווסקי ניט פֿאַרגינען דעם לוקסוס צו שרײַבן וועגן אַנדערע זאַכן, ווי נאָר וועגן אַרבעטער־לעבן און אַרבעטער־קאַמף. ווינטשעווסקי ווידמעט ווייניק אויפֿמערקזאַמקייט דער פֿאָרעם פֿון זײַנע לידער. ער איז הויפּטזאַכלעך פֿאַראינטערעסירט מיט דעם אינהאַלט, און גאַנץ ווייניק מיט דער פֿאָרעם. ווינטשעווסקי איז זיך אין דעם אַליין מודה אין זײַן ליד

## מײַנע פֿאָלקסלידער

פֿון יידישע וועכטער אַלטמאָדישע,
פֿון איינפֿאַכע רייד אָן אַ קלאַנג,
פֿון טענער אָפֿט ווייניק מעלאָדישע
פֿאַרפֿאַס איך מײַן פּראָסטן געזאַנג.

דאָך מאַך איך די לידער צו זינגען ניט,
אַ זיפֿץ איז פֿאַר זיי האַרמאָניע,
דערום מאַכט ניט אויס, אויב זיי קלינגען ניט
און אויב אין זיי פֿעלט מעלאָדיע.
די לידער פֿאַרפֿאַס איך ניט מיינענדיק,
אַפֿילו ניט מיינענדיק,
אַז חוץ ווער עס קאָן זינגען וויינענדיק,
זאָל אויפֿפּאַסן זייער מוזיק.
זיי זיינען דער אָפּקלאַנג פֿון טעגלעכע
פֿאַרשטיקטע געשרייען פֿון פֿאָלק;
דאָס מאַכט די מוזיק פֿאַר אַ קלעגלעכע,
דעם טעקסט פֿאַר אַ זיפֿץ אָן אַ טאָלק.
און בלייַבן זיי אויך ניט געזונגענע,
אָ, גלייבט מיר, איך בין אויף זיי שטאָלץ,
זיי שרייַבט ניט אַ פּען, אַ געדונגענע,
איר האָלט ניט אַ הענטל פֿון האָלץ.
ווי לאַנג נאָך די קנעכטשאַפֿט וועט דויערן,
ווער ווייס, אַך, ווער ווייס, נאָך ווי לאַנג?
איך ווייס נאָר אַזוי לאַנג וועט טרויערן
מייַן ליד מיט זייַן טרויער־געזאַנג.

(1891)

אָבער כּדי אַ ליד זאָל האָבן אַן אמתן פּאָעטישן ווערט, כּדי עס זאָל זייַן אמתע דיכטונג, מוז עס זייַן עכט קינסטלעריש; אין אַן עכט ליד האַרמאָנירט דער אינהאַלט מיט דער פֿאָרעם. די פֿאָרעם פֿון ליד מוז אויסדריקן דעם אינהאַלט. ווינטשעווסקי האָט דאָס ניט באַנומען. פֿאַר אים איז געווען וויכטיק דער „פֿון וואָס" אַ ליד ווערט געמאַכט, און ניט דער „ווי אַזוי" עס ווערט געמאַכט. דעריבער זייַנען אַ סך פֿון זייַנע לידער סטיללאָז און פֿאָרעמלאָז, און זייער פּאָעטישער ווערט איז אַ גאַנץ קלייַנער. גיט ער דאָך אַליין צו, אַז די מוזיק און דער טעקסט זייַנען בייַ אים „בלויז מיטלען פֿאַר אַ זיפֿץ אָן אַ טאָלק". ווינטשעווסקיס לידער זייַנען געשריבן שאַבלאָנמעסיק, פּרימיטיוו. זיי זייַנען פֿאַר אונדז ווערטפֿול אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל זיי זייַנען געווען אַן אַגיטאַציע־אויסדרוק פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אייראָפּע און אין אַמעריקע. ווינטשעווסקיס ליד, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס ציטירט, פֿאַרענדיקט זיך מיט די שורות:

ווי לאַנג נאָך די קנעכטשאַפֿט וועט דויערן,
ווער ווייס נאָך, ווער ווייס נאָך ווי לאַנג?

איך ווייס נאָר אַזוי לאַנג וועט דויערן
מײַן ליד מיט זײַן טרויער־געזאַנג.

**אָבער די דאָזיקע שורות דריקן אַבסאָלוט ניט אויס דעם מהות פֿון ווינ־טשעווסקיס דיכטונג. ווינטשעווסקי האָט טאַקע אין זײַנע לידער מערסטנס געוויינט, געטרויערט און געקלאָגט. ער האָט פֿאַרגאָסן טרערן אויפֿן גורל פֿון דער גאַסן־פֿרוי און אויפֿן גורל פֿון דעם אָרעמען, היימלאָזן קינד. ער האָט אָבער אויך געשריבן מוטיקע קאַמפּלידער פֿול מיט האָפֿער, מיט גלויבן און מוט, און זײַן אופֿן פֿון ווערסיפֿיקאַציע איז גאָרניט קיין אומבאַהאָלפֿענער. טעכניש ספּראָווטעט ער זיך גאַנץ גוט מיט אַ פֿערז:**

## אַ קאַמפּליד

וויקלט פֿונאַנדער די פֿאָנען די רויטע,
שפּילט אויף אַ מאַרש און דערלאַנגט זיך אַ ריר!
וועקט אויף די אָרעמע לעבעדיק־טויטע,
זאָגט צו זיי: ברידער, זעט, דאָ שטייען מיר,
דאָרטן — דער בלוטיקער הײַנט:
דאָ איז פֿרײַהייט, דאָס ליכט, די גערעכטיקייט,
דאָרטן — דער יאָך און די נאַכט און די שלעכטיקייט.
ברידער, מאַרשירט מיט אונדז הײַנט!
ווישט אויס פֿון אָרבעטער־אויגן די טרערן,
זאָגט זיי: צום וויינען איז איצט ניט קיין צײַט;
לאָזט הײַנט קיין קול פֿון געוויין זיך ניט הערן,
הײַנט, ווען מיר קומען אַרויס אויף אַ שטרײַט,
מיר, און דער בלוטיקער פֿײַנד;
מיר, וועלכע ווילן די מענטשהייט פֿאַרברידערן;
ער, וועלכער וויל אונדז דורך שׂינאה צעגלידערן;
ברידער, מאַרשירט מיט אונדז הײַנט!

וויקלט פֿונאַנדער די פֿאָנען, די רויטע,
וועקט די, וואָס שלומערן, זײַענדיק שוואַך,
איינציקווײַז נעמט זיי צונויף די צעשפּרייטע,
זאָגט זיי: אונדז רופֿט הײַנט די הייליקע זאַך
קעגן דעם בלוטיקן פֿײַנד;

אונדז, דעם המון פֿון באַדריקטע, דאָך מוטיקע,
קעגן האַבינעס, פֿאַרווילדעטע, בלוטיקע;

ברידער, מאַרשירט מיט אונדז הײַנט!
ייִדעלעך, איר זײַט בײַ אַלע נאַציאָנען
גרים און תּושבֿים געווען צוגלײַך,
זײַט איצט בײַ זיי אין די פּריַיהייטס־לעגיאָנען,
איצט, ווען עס שטייט קעגן זיי, קעגן אײַך,
דאָרטן דער בלוטיקער פֿײַנד;

ער מיט די פולקן פֿון מערדער געדונגענע
קעגן די שקלאַפֿן און קייטן צעשפּרונגענע,
וועלכע באַפֿרײַען זיך הײַנט.
וויקלט פֿונאַנדער די פֿאָנען, די רויטע,
שפּילט אויף אַ מאַרש און דערלאַנגט זיך אַ הייב;
האַלט פֿאַר די אויגן די העלדן די טויטע,
דעקט אָפּ די אָפּער פֿון האַבזיכט און רויב,
הײַנט קעגן בלוטיקן פֿײַנד;

גיט אַרײַן קראַפֿט אַלע בלייכע, צעזויגענע,
גיט אַרײַן מוט אַלע טיף אײַנגעבויגענע,
זאָגט זיי: מאַרשירט מיט אונדז הײַנט!

(1892)

**כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ווינטשעווסקין איז זײַן ליד „אַ בעזעם און אַ קער".
דאָס איז אַן אַגיטאַציע־ליד, געשריבן פּשוט, קלאָר און פּרימיטיוו. די זעלביקע
פֿאָרעם, דער זעלביקער ריטם חזרט זיך איבער אין אַנדערע לידער ווינטשעווסקיס.
דאָס ליד איז אין זײַן צײַט געווען זייער פּאָפּולער צווישן די קעמפֿנדיקע ייִדישע
אַרבעטער, און מיר ציטירן עס דאָ:**

## אַ בעזעם און אַ קער

גענוג! איך וויל ניט פֿיטערן
קיין ליידיקגייערס מער;
גענוג פֿאַר האַסן ציטערן,
אַ בעזעם מיר אַהער!
אַרויס מײַן לאָרד און אַדלמאַן,
צי סוועטער, דיקע בויך,
דו, מוסר־זאָגער, טאַדלמאַן,
דו, קיטלמאַן, גיי אויך!

## קאַפּיטל זעקס

איך דאַרף ניט מער קיין מיטלמאַן,
אַ בעזעם און אַ קער!
קיין מיטלמאַן, קיין טיטלמאַן, קיין קיטלמאַן
ניט מער!

דו עסט מיר אויף, דו פריידיקער,
וואָס בלײַבט פֿון סוועטער נאָך;
און דו, מײַן הער לאָרד גנעדיקער,
דײַן טיטל איז מײַן יאָך.
דער לאָרד נעמט צו די לאַנד פֿון מיר,
דער פריידיקער שטימט צו;
דער סוועטער שוויצט די האַנט בײַ מיר,
דאָך זאָג איך אײַך: הערט צו!
איך דאַרף ניט מער קיין פריידיקער,
אַ בעזעם און אַ קער!
קיין פריידיקער, קיין גנעדיקער, קיין ליידיקגייער
מער!

גענוג מיר לאָזן ראַבעווען
האַבינעס דורך מײַן מי;
גענוג פֿון מיר אײַך ראַבעווען
און טרײַבן מיך ווי פֿי!
מיך שרעקט קיין שוואַרצער קיטל ניט,
קיין שוואַרצער יאָר ניט מער,
מיך שרעקט קיין קרוין, קיין טישל ניט —
מײַן בעזעם מיר אַהער!
איך דאַרף ניט מער קיין פֿלאַפּערמאַן —
אַ בעזעם און אַ קער!
קיין פֿלאַפּערמאַן, קיין כאַפּערמאַן, קיין קלאַפּערמאַן
ניט מער!

איר אַלע דאַרמאָיעדניקעס,
איר ליידיקגייערס, גייט!
און אײַערע נאַסלעדניקעס
הייסט מאַכן זיך באַרייט
צו לעבן אין דער קינפֿטיקער
געזעלשאַפֿט מיט דער צײַט

וױ ערלעכע, פֿאַרנינפֿטיקע
און ברידערלעכע לײַט;
װײַל דאָן װעט מער קײן מיטלמאַן,
קײן פּאַראַזיט ניט זײַן!
קײן מיטלמאַן, קײן קיטלמאַן, קײן טיטלמאַן
ניט זײַן!

װינטשעװסקי האָט אַחוץ לידער אויך געשריבן פֿאַבלען — אַ פֿאָרעם, מיט װעלכער ער האָט זיך הויפּטזאַכלעך אָנגעהויבן צו באַנוצן אין אַמעריקע. אין די פֿאַבלען װי אין די לידער באַרירט ער אַקטועלע פּראָגעס און פּראָבלעמען און רעכנט זיך אָפּ מיט פּאַרטײיִשע קעגנערס.

בכלל האָט זיך װינטשעװסקי באַנוצט מיט אַלע פּאָעטישע זשאַנרן. ער האָט געשריבן ליבע־לידער, סאָנעטן און טרוימערישע לידער, אָבער דורך אַלע ציט זיך װי אַ רויטע שנור זײַן הויפּטמאָטיװ — דער קאַמף פֿאַר אַ בעסערער װעלט. דאָס ליד „צו די קלוגע" איז אַ גוטער מוסטער פֿון װינטשעװסקיס לירישער דיכטונג:

## צו די קלוגע

איר מײנט, אַז אַ מענטש איז ניט ניכטער,
װאָס גלײבט אין אַ בעסערע צײַט;
איר רופֿט מיך אַ טרוימער, אַ דיכטער,
איר קלוגע, איר פּראַקטישע לײַט.

איך װיל אַרום דעם הײַנט ניט שטרײַטן,
לאָז זײַן, איך בין טאַקע באַרוישט, —
מיט אײַך װאָלט איך פֿאָרט זיך ניט בײַטן,
װאָלט שיכּרות אויף געלד ניט פֿאַרטוישט.

און אויב זי איז װירקלעך אַ חלום,
די צוקונפֿט, פֿון װעלכער איך טראַכט,
דאַן גײט אײַך, איר קלוגע, לשלום,
און לאָזט מיך דערטרוימען די נאַכט.

איר מעגט זיך אײַך שװינדלען און רויבן,
אויב פֿינצטער פֿאַרבלײַבט, װי איר זאָגט,
און איך װעל באַרוישט זײַן און גלויבן
און טראַכטן אין טרוים, אַז עס טאָגט.

## קאַפּיטל זעקס

די מערסטע לידער ווינטשעווסקיס, וואָס מיר האָבן דאָ ציטירט, זײַנען געשריבן פֿאַר זײַן קומען קיין אַמעריקע. די לידער זײַנען אָבער אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַמעריקע (3) און זײַנען געווען פּאָפּולער און באַליבט בײַ די ייִדישע אַרבעטער אין דער נײַער וועלט. פֿון 1894, ווען ווינטשעווסקי איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, ביז 1900, דאָס יאָר וואָס גייט אַרײַן אין דער ראַם פֿון דער דאָזיקער אַרבעט, האָט ווינטשעווסקי געשריבן ווייניק לידער. ער האָט זיך מערסטנס אָפּגעגעבן מיט פּראָזע, און בלויז אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער ווידער אָנגעהויבן שרײַבן לידער.

אַן אָנגעזעענעם און חשובֿ אָרט אין דער אַמעריקאַניש־ייִדישער דיכטונג פֿאַרנעמט אַ. ליעסין (1872—1938). נאָך איידער ליעסין איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע (1897), איז ער שוין געווען באַקאַנט אַלס אַ טעמפּעראַמענטפֿולער רעוואָלוציאָנערער דיכטער סײַ אין רוסלאַנד, סײַ אין אַמעריקע. דאָס ליד האָט ליעסינען פֿאַרבונדן מיט דער אַמעריקאַניש־ייִדישער ליריק נאָך איידער ער אַליין האָט באַטראָטן דעם נײַעם קאָנטינענט, ווײַל זײַנע לידער זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אַמעריקאַניש־ייִדישע אָרגאַנען זינט 1894.

ליעסין איז געווען אַ גרויסער בקי אין דער אַלטער ייִדישער קולטור און ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער גאַנצער אַלטער ייִדישער קולטור־ירושה. ליעסין איז באַהערשט סײַ פֿון דער גאָר אַלטער ייִדישער ליטעראַטור, סײַ פֿון דער מיטלאַלטערלעכער ייִדישער פּאָעזיע און דיכטונג. ליעסינס מהות באַשטייט פֿון אַ סינטעז צווישן דער אַלטער ייִדיש־טראַדיציאָנעלער וועלט און דער נײַער ייִדיש־אַרבעטער־וועלט. ליעסינס דיכטונג שפּיגלט בולט אָפּ די גלאָררײַכע ייִדישע פֿאַרגאַנגנהייט, מיט איר מאַרטירער־געשיכטע, און די נײַע וועלט, וואָס איז אַ המשך פֿון יענער דורות־אַלטער טראַדיציע.

ליעסין איז דורך און דורך נאַציאָנאַל. זײַן סאָציאַליזם און זײַן רעוואָלוציאָניזם וואַקסט אַרויס פֿון דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער טראַדיציע. זײַנע רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון זײַנען אַלע מאָל דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַלן פּאַטאָס און זײַנע נאַציאָנאַלע לידער זײַנען דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט. אין ליעסינס לידער דאָמינירן אָט די צוויי הויפּטמאָטיוון: דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם און דער ייִדיש־רעוואָלוציאָנערער קאַמף, וואָס רײַסן זיך צו אַ סינטעזע:

עס הודזשען די תּפֿילות און פּײַכטלעך־קלעגלעך  
עס שוידערט דער רײַסנדער לשון,  
אַזוי ווי די ביימער פֿון אַלטן בית־עולם  
בײַ נאַכט אין דעם שטורמישן אָסיען.

און ס׳דוכט זיך, די גײַסטער פֿון אַלטע מאַרטירער,
די גרויסע היסטאָרישע מענער,
זיי שטייען דערבײַ אין דעם כאָר און באַגלייטן
מיט זייערע גוואַלדיקע טענער.

עס הודזשען די תּפֿילות, עס קלאָגן די יעלות
און שטאַרקער צעגיסט זיך דער עולם,
און ס׳גייט אַ געוויש פֿון מעכטיקע וואַסערן
אַרויף צום רבונו־של־עולם.

דער יִנגל ער שטייט צווישן רוישנדן עולם,
פֿאַרבאָרגן דעם פּנים דעם צאַרטן,
ער שטייט און ער קוקט אַזוי זאַנפֿט און פֿאַראומערט
אין הויכן באַגײַסטערטן טראַכטן.

ער טראַכט וועגן מעכטיקן מלך־המלכים,
ווי שוואַך און ווי קליין און ווי אָרעם
איז קעגן זײַן הערלעכן גרויסן היכל
דער שטערבלעכער מענטשל, דער וואָרעם.

ער טראַכט און ער ציט זיך צו אים און באַהעפֿט זיך
און בעט בײַ אים רחמים און כּוח,
פֿאַרטרײַבן די זינדיקע שלעכטע געדאַנקען,
פֿון שוואַכן, פֿון קינדערשן מוח.

ער טראַכט און ער מאַטערט זיך פֿאָרשטעלן פֿורכטבאַר
זײַן וואָרן געשטאַלט און זײַן דיבור,
אַזוי ווי עס שטייט דאָס גאַנץ פּינקטלעך באַשריבן
אין איינעם אַ הייליקן חיבור.

נאָר פּלוצלונג אַזוי ווי אַ הערלעכע קליפּה
מיט עפּעס אַ ווילד פֿאַרגעניגן —
עס טוט אים אַ שרעקלעכן עגבער אין מוח:
אַ ליגן! אַ ליגן! אַ ליגן!

עס פֿאַלט אויפֿן יִנגל אַ פֿינצטערע אימה
און ס׳שווימט אים אַרויס פֿון זכּרון

## קאפּיטל זעקס

די שרעקלעכע בילדער פֿון אייביקן גיהנום.
אַך, גרויזאַם איז גאָט אין זײַן צאָרן.

און ס׳שרעקט אים די ליכט און דער עולם דער ווײַסער,
און ס׳טרייסלט אים יעדער אבֿר,
און עפּעס דערפֿילט ער דעם העלישן עלנט
פֿון קאַלטן, פֿון פֿינצטערן קבֿר.

און שטעלט זיך אים פֿאָר דער אומענדלעכער פֿײַער,
און פֿיל מיט אַ גרילצנד יללה
די שבֿעה מדורים מיט זינדיקע זעלן
און מחנות מלאכי חבלה.

נאָר פּלוצלונג, אַך, ווידער די העלישע קליפּה,
מיט עפּעס אַ ווילדן פֿאַרגעניגן
עס טוט אים אַ שרעקלעכן עגבער אין מוח:
אַ ליגן! אַ ליגן! אַ ליגן!

עס רוישט און עס הוידעט זיך גרויזאַם דער עולם,
נאָר איינער, דער סקעפּטיק, דער קליינער —
ער שטייט צווישן פֿאָטער און פֿרײַנד און באַקאַנטע
און ס׳ווייס אים, פֿאַרשטייט אים ניט קיינער.

און עלנט און איינזאַם אַליין מיט זײַן ווייטאָג
ער שטייט אָן באַוועגונג, אָן לשון,
ער שטייט און ער פֿלאַטערט, צום טויט ווי פֿאַראורטיילט,
מיט שוויס און מיט טרערן באַגאָסן.

און ס׳ווייס ניט דער פֿאָטער, די פֿרײַנד און באַקאַנטע,
די טיפֿע, די גײַסטיקע שמערצן,
וואָס האָבן פֿאַרסמט אים די בלוט פֿון זײַן יוגנט,
גערויבט אים די פֿרייד פֿון זײַן האַרצן.

(פֿון „יום־כּיפּור אין שול״ — 1897)

**אין דעם דאָזיקן ליד זעען מיר דעם נשמה־קאַמף צווישן גלויבן און כּפירה. ליעסין וואַקלט זיך צווישן זײַן גלויבן אין גרויסן עבֿר פֿון ייִדישן**

## די ייִדישע פּאָעזיע

**פֿאָלק און זײַן איצטיקן קאַמף פֿאַר אַ נײַער אָרדענונג — אַן אָרדענונג פֿון פֿרײַ־הייט, צדק און יושר.**

**אין 1897 פֿאַרעפֿנטלעכט ליעסין זײַן ליד „צוויי תּפֿילות״, ווו ער זינגט פֿלאַמיק פֿון ייִדישער מאַרטירערײַ:**

עס בעטלט דער גלח, עס רויכערט דער ייִדל,
אין גליִענדע קוילן געשטאָרבן,
אין נאָמען פֿון מילדן, פֿון זעליקן קלויסטער
פֿאַר גאָט, אַ באַוויליקטער קרבן.

אַ קרבן פֿאַרן הייליקן גײַסט און דעם פֿאָטער,
אַ קרבן פֿאַרן זון דעם גוטן,
און ס׳שטיקט אומערטרעגלעך מיט ריח פֿון בראָטן,
מיט שאַנד און מיט רויך און מיט בלוטן . . . ,

**מיט דעם זעלביקן פּאַטאָס, וואָס ליעסין שרײַבט וועגן דעם ייִדן, וואָס שטאַרבט על קדוש השם, שרײַבט ער אויך וועגן דער מסירת־נפֿש פֿון ייִדישן קעמפֿער:**

## צום קעמפֿער

עס ליאַרעמט און שטורעמט, עס יאָמערט און שרײַט,
עס שפּאַרט זיך דער שׂונא פֿון יעדערן זײַט
און ס׳פֿלאַקערט דער ווילדער, דער בלוטיקער שטרײַט
אַרום אין דער לענג און דער ברייט.

און ס׳דריקט אומגעהייער די אומרעכט און שלעכטס,
און ס׳טראָגט זיך אומענדלעך אין לופֿטן אַ קרעכץ,
און ס׳קלײַבן זיך קרעפֿטן פֿון לינקס און פֿון רעכטס,
געשווינד, אַדי! מײַן פֿרײַנד, זײַ געגרייט!

דו גיב מיר דײַן טרײַע, דײַן מעכטיקע האַנט
און פֿעסט און געשלאָסן צוזאַמען בײַנאַנד
מיר וועלן זיך שטעלן אַזוי ווי אַ וואַנט
און שטרײַטן אויף לעבן און טויט . . .

און טאָמער, מײַן פֿרײַנד, וועסטו גליקלעך אַרויס
פֿון בייזן, פֿון העלישן שטרײַט,

דאַן בין איך דיך וויניק מקנא — איך וויים,
עס וועט ניט פאַרבײַגיין פיל צײַט,
און ווידער צום שטרײַט וועט זיך רײַסן דײַן הערץ
און שטאָלץ דײַנע פליכטע דיר צײַגן;
אַך, לעבן אין אַנגסטן אַזעלכע און שמערץ,
נאָר שטיינער, צו קאָנען דאָ שווײַגן!

*

און טאָמער, מײַן פרײַנד, וועסטו פאַלן און ס׳וועט
די ערד מיט דײַן בלוט זיך באַפלעקן,
דאַן וועלן די בלוטן איר אַנטרינקען פעט
און הערלעך מיט בלומען פאַרדעקן.

*

עס וועלן דאָרט בליִען די הערלעכסטע בלומען
און גוטע און ערלעכע מענטשן,
זיי וועלן דערפילן דעם ריח און קומען
און לויבן דײַן נאָמען און בענטשן.

(1897)

**ליעסינס באַליבטסטע העלדן זײַנען די יעניקע, וואָס לײַדן און זײַנען זיך מקריב פאַר זייער אידעאַל און פאַר זייער גלויבן:**

## דער לאַטוטניק

### (פון רוסלאַנד)

דורך טאָג און דורך נאַכט, ר׳ יצחקל, ער זיצט,
אַ גילדערנער מענטש, אָן אַ גאַל,
ער זיפצט און ער זיפצט, ער זינגט און ער שוויצט
און לאַטעט דעם גאַנצן קוואַרטאַל.
דורך טאָג און דורך נאַכט, די נאָדל ער שטעכט
אין אַלערליי סאָרטן געוואַנט,
און מאַכט אומעטום אַלץ גאַנץ און צורעכט
און רירט ניט אַ פליג אויפן וואַנט.

דאָס לעבן אַרום, עס שפריצט און עס בליצט
אין שומנעס, אין רײַכן קוואַרטאַל.
ר׳ יצחקל — ער זיצט און ער שטעכט אַלץ און שוויצט
צען קלאַפטער אַזש טיף אין פאַדוואַל.

*

ער שלעפּט אַלץ און שלעפּט מיט שווייס און מיט מי
דעם פֿאָדעם אַראָפּ און אַרויף
און האָט זיין געצאָלט ניט מער ווי אַבי
די נשמה צו האַלטן אין גוף.

*

און ס׳ווייזט ניט קיין מענטש, ווו און פֿון וואַן
ער האָט זיך ביי אונדז דאָ פֿאַרשטיקט.
מען זאָגט, אַז מען האָט דאָ דעם שעדלעכן מאַן
פֿון מאָסקווע אַהערצו פֿאַרשיקט.

(1897)

**אין ליעסינס דיכטונג דאָמינירט דער נאַציאָנאַלער מאָמענט און דער מאַר־טירער־מאָמענט. ליעסין שרייבט אויך ריין־אינדיווידועלע, לירישע לידער. אָבער אַפֿילו אין זיינע פּערזענלעכע לידער פֿאַרגעסט ער ניט אויף אַ מינוט די נאַציאָנאַלע אַחריות און די קאָלעקטיווע התחיבֿותן:**

## אָוונט

**1**

עס ווערן אַלץ לענגער די שאָטנס,
און טרויעריק, אין שטאַרבנדער פּראַכט,
דער אָוונט, ער גליט און פֿאַרלעשט זיך,
באַלד קומט שוין די נאַכט.
אַזוי אויך פֿאַרלעשט זיך מיין יוגנט,
פֿון טרויעריקע פֿאַרבן באַגלייט,
און טונקעלער ווערט אַלץ מיין צוקונפֿט;
באַלד קומט שוין דער טויט.

**2**

עס האָט אויף מיין הימל געגליט נאָר
די עלנטע אונטערגאַנג־שיין;
מיין יוגנט איז אָוונט געוועזן
און נאַכט קען מיין עלטער נאָר זיין.
מיין יוגנט פֿאַרגייט, איך דערשפּיר שוין
די שווערקייט פֿון פֿינצטערער נאַכט,
אַזוי ווי עס וואָלט זיך אויף מיר שוין
דער צודעק פֿון קבֿר פֿאַרמאַכט.

**3**

אַ פֿינצטערער גרוב איז די וועלט מיר,
די וועלט אַזוי גרויס, אַזוי ברייט!
די הימלען, זיי שײַנען מיר דומפּיק,
דער פֿרילינג, ער שמעקט מיר מיט טויט.
מיך גרוילט דער יריד פֿון לעבן,
מיך מאַטערט זײַן שום און זײַן שטויב;
פֿון אַלערהאַנט סחורות און ווערטער
די פּעדלערס, זיי מאַכן מיך טויב.

אַ פֿינצטער גרוב איז די וועלט מיר,
ווו כ'שטיק זיך באַגראַבענערהייט;
די רוּע פֿון טויט אָבער פֿעלט מיר,
אַך, קום שוין, באַפֿרײַענדער טויט!

(1900)

אַ. ליעסין געהערט מער צו דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ווי צום נײַנצעטן, ווײַל ערשט באַכן יאָר 1900 אַנטוויקלט זיך זײַן טאַלאַנט אין פֿולער רײַפֿקייט און ער ווערט איינער פֿון די באַדײַטיקסטע יידישע דיכטערס. ריין שפּראַכלעך איז זײַן ליד פֿון דעסט וועגן אָפֿט מאָל היגטערשטעליק. צווישן די יאָרן 1897 און 1900 האָט זיך ליעסין באַמיט אַרײַנצופּאַסן אין דער היגער דיכטערישער סביבה, און ער האָט דעמאָלט געשריבן אַזוינע לידער ווי „ניוס באָי" (1897), „דער אַמבולאַנס" (1899), „די עגונה" (1897), „אַ געוויינטלעכע געשיכטע" (1897) און „דאָס שאַפּמיידל" (1897). אין די דאָזיקע לידער האָט ער געצאָלט צינז זײַן סביבה. ערשט נאָך 1900 הערט ליעסין אויף צו שרײַבן זײַנע סאָציאַל־נאַיווע לידער און פֿאַרנעמט זיך אויף אַ ברייטן שליאַך, אָבער דער דאָזיקער פּעריאָד פֿון ליעסינס שאַפֿונג גייט ניט אַרײַן אין די גרענעצן פֿון דער דאָזיקער אַרבעט.

דער טיפּישער פּאָעט, וואָס האָט אויסגעדריקט די אידעען, געפֿילן, שטימונגען און לײַדן פֿון דעם ערשטן אימיגראַנטן־דור, איז געווען מאָריס ראָזנפֿעלד (1862—1923). ראָזנפֿעלד איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1886, אָבער פֿון רוסלאַנד איז ער אַפּגעפֿאָרן אין 1882, און דורך די יאָרן האָט ער געאַרבעט בײַ שנײַדערײַ אין אַמסטערדאַם, האָלאַנד, און שפּעטער אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק. אָבער גראָד אין ניו־יאָרק, אין די „שוויצשעפּער", וואָס דער דיכטער האָט אַזוי געהאַסט, האָט זיך זײַן „מוזע" צעבליט, און ער איז דאָ געוואָרן איינער פֿון די וויכטיקסטע דיכטער, וואָס די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט אַרויס־

**געגעבן. די הויפּט־מעלה און דער הויפּט־חסרון אין ראָזנפעלדס דיכטונג איז זײַן היפּער־עמאָציאָנעלע טעמפּעראַמענטפולקייט, זײַנע פּערזענלעכע, לײַדנפולע איבערלעבונגען. אין ראָזנפעלדס לידער זײַנען קאָנטיק־צוויי שאַרפע שטרע־מונגען — דער נאַציאָנאַלער מאָטיוו און דער אַרבעטער־מאָטיוו, ווי דאָס איז לײַכט צו זען פון זײַן סאַמע ערשטן ליד, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט דעם 17טן דעצעמ־בער 1886 און פון וועלכן מיר ציטירן דאָ: (5)**

דאָס 1886 יאָר
איז שוין באַלד אין די עוויקייט פאַרגאַנגען,
ערקלער איך מײַן פאָלק, ערקלער איך אויף קלאָר:
וואָס האָסטו אונטער דער צײַט דערגאַנגען?
וואָס פאַר אַ נוצן האָבן דיר געבראַכט
אָ די אַלע פאַרגאַנגענע יאָרן?
דו שלאָפסט, מײַן פאָלק, דו מיינסט, עס איז נאַכט.
ערהויב דיך שנעל — ניט גיי פאַרלאָרן!
הערסטו, מײַן פאָלק, די האַרפע דער צײַט?
פרײַע לידער שפּילט זי שוין אַצינד,
זי וועקט די מענטשן דער וועלט אויף צום שטרײַט!
דיך, מײַן פאָלק, מיינט מען אויך, שטיי אויף געשווינד,
ערהויב דיך, מײַן פאָלק, שטעל זיך אַנידער,
צום וועלטקאַמף זײַ גרייט מיט אַלע צוגלײַך,
האַנט אין האַנט מיט אַלע דײַנע ברידער,
אַן ענדע צו מאַכן צו אָרעם און רײַך!
מאַך אַן ענדע מיט די הערן, פּאָפּן, טיראַנען,
אַן ענדע מיט בערזע, געלט־זאַך און שווינדל!
אַן ענדע מיט אָפּפערס, שקלאַפן מיליאָנען,
אַן ענדע מיט דעם רויבער־געזינדל!
שטיי ניט, מײַן פאָלק, שטיי ניט פון דער ווײַטן,
דײַן הילף איז נאָענט־אָ! זײַ ניט פאַרשוואַכט!
פאַראייניק דיך — אין איינעם צו שטרײַטן,
זאָ ווערט אַן ענדע מיט דער פינצטערער נאַכט.

**זײַנע ערשטע לידער, וואָס ראָזנפעלד האָט פאַרעפנטלעכט אין לאָנדאָנער „אַרבעטער־פרײַנד", זײַנען אַלע אויף סאָציאַלע מאָטיוון און דורכגענומען מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס:**

נאַקעט, באָרוועס, בלייך און דאַר,
קנירשענד די ציין, צעוואָרפן די האָר,

עס קאַכט דאָס הערץ, ס׳פֿינקלען די אויגן,
הויך פֿלאַטערט די רויטע פֿאָן.
באַוואָפֿנט פֿעסט מיט פֿײַל און בויגן
גייט צום קאַמף דער אַרבעטסמאַן!
עס כאַפּט און שטורעמט, עס קאַכט די ערד,
עס שטײַגט דער קאַמף, עס בליצט די שווערד,
פֿאָרויס מוטיק, די יונגע טרערן,
פֿרויען און אַלטע פֿאָלגן נאָך,
הוראָ! עס שווינדעט דריק און יאָך. (6)

**אין זײַנע ערשטע לידער איז ראָזנפֿעלדס פֿאָרעם נאָך אָפֿט מאָל רוי און אומבאַהאָלפֿן, זײַן שפּראַך ניט געלײַטערט, — נאָר וואָס מער ער שרײַבט, אַלץ געלײַטערטער ווערט זײַן פֿאָרעם.**

**באַזונדער שטאַרק און אײַנדרוקספֿול איז מאָריס ראָזנפֿעלד אין זײַנע לידער וועגן דעם שווערן לעבן פֿון אַרבעטער אין דער גיהנומשער שוויצפֿאַבריק. ראָזנ־פֿעלדס סאָציאַלע לידער, להיפּוך פֿון דער געוויינטלעכער רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע, זײַנען ניט דורכגענומען מיט האָפֿער און ליבשאַפֿט צו אַרבעט — כאָטש די ספּעציפֿיש־בורזשואַזע אומשטאַנדן ווערן געוויינטלעך פֿאַרדאַמט און גע־לעסטערט. ראָזנפֿעלד האָט געהאַסט די פֿאַבריק און זיך געשראָקן פֿאַר דער מעכאַניזאַציע און פֿאַר די מאַשינען, וואָס פֿרעסן אויף דאָס מענטשלעכסטע אין מענטשן: „די ביטערע, בלוטיקע אַרבעט דערשלאָגט דאָס איידלסטע, שענסטע און בעסטע, דאָס רײַכסטע, דאָס טיפֿסטע, דאָס העכסטע, וואָס ס׳לעבן פֿאַרמאָגט״:**

## די סוועט־שאָפּ

עס רויש אין שאַפּ אַזוי ווילד די מאַשינען,
אַז אָפֿט מאָל פֿאַרגעס איך אין רויש וואָס איך בין;
איך ווער אין דעם שרעקלעכן טומל פֿאַרלאָרן,
מײַן איך ווערט דאָרט בטל, איך ווער אַ מאַשין;
איך אַרבעט און אַרבעט און אַרבעט אָן חשבון,
עס שאַפֿט זיך און שאַפֿט זיך און שאַפֿט זיך אָן צאָל;
פֿאַר וואָס? און פֿאַר וועמען? איך ווייס ניט, איך פֿרעג ניט —
ווי קומט אַ מאַשינע צו דענקען אַ מאָל?

נישטאָ קיין געפֿיל קיין געדאַנק, קיין פֿאַרשטאַנד גאָר:
די ביטערע, בלוטיקע אַרבעט דערשלאָגט
דאָס איידלסטע, שענסטע און בעסטע, דאָס רײַכסטע,
דאָס טיפֿסטע, דאָס העכסטע, וואָס לעבן פֿאַרמאָגט.

עס שווינדן סעקונדן, מינוטן און שטונדן,
גאַר זעגל־שנעל פֿליִען די נעכט מיט די טעג;
איך טרײַב די מאַשין גלײַך איך וויל זיי דעריאָגן,
איך יאָג אָן אַ שׂכל, איך יאָג אָן אַ ברעג.

דער זייגער אין וואָרק־שאָפּ, ער רוט ניט אַפֿילו,
ער ווײַזט אַלץ און קלאַפּט אַלץ און וועקט נאָך אַנאַנד;
געזאָגט האָט אַ מענטש מיר אַ מאָל די באַדײַטונג:
זײַן ווײַזן, זײַן וועקן, דאָרט ליגט אַ פֿאַרשטאַנד!
נאָר עטוואָס געדענקט זיך מיר, פּונקט ווי פֿון חלום —
דער זייגער, ער וועקט אין מיר לעבן און זין,
און נאָך עפּעס — איך האָב פֿאַרגעסן — ניט פֿרעגט עס!
איך ווייס ניט, איך ווייס ניט, איך בין אַ מאַשין!...

און צײַטנווײַז, ווען איך דערהער שוין דעם זייגער,
פֿאַרשטיי איך גאַנץ אַנדערש זײַן ווײַזן, זײַן שפּראַך;
מיר דאַכט, אַז עס נעקעט מיר דאָרטן דער אומרו,
כ׳זאָל אַרבעטן, אַרבעטן, מערער, אַ סך.
איך הער אין זײַן טאָן נאָר דעם באָס׳ ווילדן בייזער,
זײַן פֿינצטערן קוק אין די ווײַזער די צווײ; —
דער זייגער, מיר סקריפּעט, מיר דאַכט, אַז ער טרײַבט מיך
און רופֿט מיך „מאַשינע״! און שרײַט צו מיר „ניי״!

נאָר דאַן, ווען ס׳איז שטילער דער ווילדער געטומל,
אַוועק איז דער מײַסטער אין מיטאָגצײַט־שטונד,
דאַן פֿאַנגט אָן אין קאָפּ בײַ מיר לאַנגזאַם צו טאָגן,
אין האַרצן צו ציִען — איך פֿיל דאַן מײַן וווּנד! —
און ביטערע טרערן, און זודיקע טרערן
צעווייקן מײַן מאָגערן מיטאָג, מײַן ברויט —
עס ווערגט מיך, איך קאָן ניט מער עסן, איך קאָן ניט!
אָ, שרעקלעכע פּראַצע! אָ, ביטערע נויט!

ס׳ערשײַנט מיר דער שאָפּ אין דער מיטאָגצײַט־שטונדע
אַ בלוטיקע שלאַכטפֿעלד, ווען דאָרט ווערט גערוט;
אַרום און אַרום זע איך ליגן הרוגים,
עס ליאַרעמט פֿון דער ערד דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט...

איין ווײַלע, און באַלד ווערט געפּויקט אַ טרעוואָגע,
די טויטע ערוואַכן, עס לעבט אויף די שלאַכט,
עס קעמפֿן די טרופּעס פֿאַר פֿרעמדע, פֿאַר פֿרעמדע,
און שטרײַטן און פֿאַלן און זינקען אין נאַכט.

איך קוק אויף דעם קאַמפּפּלאַץ מיט ביטערן צאָרן,
מיט שרעק, מיט נקמה, מיט העלישן פֿײַער.
דער זייגער, איצט הער איך אים ריכטיק, ער וועקט עס:
„אַ סוף צו די קנעכטשאַפֿט, אַ סוף זאָל דאָס זײַן!"
ער מינערט אין מיר מײַן פֿאַרשטאַנד, די געפֿילן,
און ווײַזט ווי עס לויפֿן די שטונדן אַהין;
אָן עלנטער בלײַב איך, ווי לאַנג איך וועל שווײַגן
פֿאַרלאָרן, ווי לאַנג איך פֿאַרבלײַב וואָס איך בין...

דער מענטש, וועלכער שלאָפֿט אין מיר, הייבט אָן צו ערוואַכן,
דער קנעכט, וועלכער וואַרט אין מיר, שלאָפֿט, דאַכט זיך, אײַן; —
אַצינד איז די ריכטיקע שטונדע געקומען!
אַ סוף צו דער עלנט, אַ סוף זאָל עס זײַן!...
נאָר פּלוצלונג — דער „ווּיסל", (7) דער באַס — אַ טרעוואָגע!
איך ווער אָן דעם שׂכל, פֿאַרגעס ווי איך בין —
עס טומלט, מען קעמפּט, אָ, מײַן איך איז פֿאַרלאָרן, —
איך ווייס ניט, מיך אַרט ניט, איך בין אַ מאַשין...

**און אַט ווי טרויעריק און האָפֿנונגסלאָז ראָזנפֿעלד מאָלט דאָס לעבן פֿון שנײַדערס בײַ דער אַרבעט אין פֿאַבריק:**

## דער בלייכער אַפּרייטער

איך זע דאָרט אַ בלייכן אַפּרייטער,
פֿאַרקאַכט אין דער אַרבעט, אַ שרעק!
און זײַט איך געדענק אים, אַלץ נייט ער
און לייגט זײַנע קרעפֿטן אַוועק.

עס ווערן חדשים פֿאַרפֿלויגן,
עס לויפֿן די יאָרן אַהין.
און נאָך זיצט דער בלייכער געבויגן
און קעמפּט מיטן רויען מאַשין.

איך שטיי און באַטראַכט דאָרט זײַן צורה,
זײַן צורה פֿאַרשמירט און פֿאַרשוויצט,
און פֿיל, אַז דאָ אַרבעט קיין גבֿורה,
דער אימפּעט נאָר פּראַצעוועט איצט.

דאָך פֿאַלן די טראָפּנס כּסדר,
פֿון אויפֿגאַנג ביז אונטערגאַנג שפּעט,
און זאַפּן זיך אײַן אין די קליידער
און טרינקען זיך אײַן אין די נעט.

איך בעט אײַך, ווי לאַנג וועט נאָך יאָגן
דער בלייכער דעם בלוטיקן ראָד?
אָ, ווער קאָן זײַן ענדע מיר זאָגן?
ווער וויים יענעם שרעקלעכן סוד?

אָ, שווער, זייער שווער דאָס צו זאָגן,
דאָך איינס איז באַוווּסט און באַשיידט:
ווען אים וועט די אַרבעט דערשלאָגן,
זיצט תּיכּף אַ צווייטער און נייט.

**אוממיטלבאַר און מיט אַן עכטן לירײזם איז אָנגעפּילט ראָזנפֿעלדס „אַ טרער אויפֿן אײַזן״, ווו ער מאָלט זיך אַליין בײַ דער אַרבעט:**

## אַ טרער אויפֿן אײַזן

אָ, קאַלט און פֿינצטער איז די שאַפּ!
איך האַלט דעם אײַזן, שטיי און קלאַפּ! —
מײַן הערץ איז שוואַך, איך קרעכץ און הוסט;
עס הייבט זיך קוים מײַן קראַנקע ברוסט.

איך קרעכץ און הוסט און פּרעס און קלער,
מײַן אויג ווערט פֿײַכט, עס פֿאַלט אַ טרער,
דער אײַזן גליט: — דאָס טרערל מײַן,
דאָס קאָכט און קאָכט און זיצט ניט אײַן.

איך פֿיל קיין קראַפֿט, עס איז פֿאַרוועגדט,
דער אײַזן פֿאַלט מיר פֿון די הענט,
און דאָך דער טרער, דער הייסער טרער,
דער טרער, דער טרער קאָכט מער און מער.

## קאַפּיטל זעקס

עס רוישט מײַן קאָפּ, עס ברעכט מײַן הערץ;
איך פֿרעג מיט ווײ, איך פֿרעג מיט שמערץ:
יאָ, זאָג, מײַן פֿרײַנד, אין נויט און פּײַן,
אָ, טרער, פֿאַר וואָס זיצסטו ניט אײַן?

אָ, שטומער טרער, אָ, שטומע שפּראַך!
זאָג, האָב איך דײַנע נאָך אַ סך?
צו דו ביסט שוין דער לעצטער הײַנט,
פֿון אַלע מײַנע הייסע פֿרײַנד?

ביסט אפֿשר גאָר אַ קוריער,
זאָגסט אָן מיר, אַז עס קומען מער?
איך וואָלט עס וועלן וויסן, זאָג:
ווען ענדיקט זיך דער גרויסער קלאָג?

איך וואָלט געפֿרעגט נאָך מער און מער
בײַם אומרו, בײַ דעם ווילדן טרער,
דאָ האָבן זיך דערלאַנגט אַ גאָס
גאָר טרערן, טרערן אָן אַ מאָס.

און איך האָב שוין פֿאַרשטאַנען גלײַך,
אַז טיף איז נאָך דער טרערן־טײַך.

**ראָזנפֿעלד באַווײַנט די ביטערע לאַגע פֿון אַרבעטער, זײַן ליד צייכנט זיך אָבער אויס מיט באַדויער, און גיכער מיט זעלבסט־באַדויער, ווי מיט פּראָטעסט. אין דער הינזיכט איז ער אין גאַנצן ניט ענלעך צו די סאָציאַלע דיכטערס פֿון זײַן עפּאָכע. קיין איינער פֿון יענע דיכטערס וואָלט ניט געשריבן אַזעלכע „אָביעקטיווע“ און „אומפּאַרטייִשע“ פֿערזן ווי: ער טראָגט אויף קיינעם ניט קיין שינאה:**

איך זיץ און איך טרײַב די מאַשינע
און פֿיל, ווי מײַן כּוח גייט מיר אויס; —
איך טראָג ניט אויף ק י י נ ע ם  ק י י ן  ש י נ א ה,
און פֿרעמד איז מיר ראַכע און קינאה,
דער ווייטאָג אין הערץ נאָר איז גרויס.

(„אין שאָפּ אין דער היים“)

**מיטן זעלביקן פּאַטאָס, וואָס ראָזנפעלד שרייבט וועגן אַרבעטער און אַרבע־טער־לעבן, שרייבט ער אויך „געדיכטע״, נאַציאָנאַליסטישע לידער, ווו ער קלאָגט אויפן ביטערן גורל פון יידישן פאָלק און אויפן גלות:**

## אַ גלות־מאַרש

מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט,
אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד,
אָן אַ גואל, אָן אַ פריינד,
אָן אַ מאָרגן און אָן אַ היינט,
ניט געדולדעט, נאָר גענאָגט,
ווו גענעכטיקט, ניט געטאָגט,
אימער ווייַ, ווייַ, ווייַ,
אימער גיי, גיי, גיי,
אימער שפּאַן, שפּאַן, שפּאַן
כל־זמן כּוח איז פאַראַן.

אונדזער גבורה ליגט אין שטויב,
אונדזער תורה איז אַ רויב,
אונדזער נאָמען — אַ געפאַר,
אונדזער יחוס — נאָר אַ צער,
אונדזער גאונות — נאָר אַ חטא,
אונדזער פיינקייט — אַ געשפּעט.
אימער שלעכט, שלעכט, שלעכט,
אימער קנעכט, קנעכט, קנעכט,
אימער זוך, זוך, זוך.

און אַזוי־אַ, יאָר נאָך יאָר,
און אַזוי־אַ, דור נאָך דור,
אָן אַ האָפענונג, אָן אַ צוועק,
איינגעהילט אין גרויל און שרעק,
וואַנדלען מיר ווילד אויס, ווילד איין,
פון יסורים נאָר צו פּיין.
אימער טרעט, טרעט, טרעט,
אימער בעט, בעט, בעט,
אימער נויט, נויט, נויט.
און קיין גליק, זאָגאַר צום טויט...

ראָזנפעלד באַלאַנגט צו די דיכטער מיט „צוויי זעלן און איין ברוסט". זיינע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע געפילן און שטימונגען שטאַמען זיכער פון אויפריכטיקע און אוממיטלבאַרע קוואַלן. ער איז זיכער ניט געווען קיין „אַבסטראַקטער" קאָסמאָפּאָליט, ווי די מערסטע פּיאָנירן־דיכטערס דאָ אין אַמעריקע פון זיין עפּאָכע. ער איז געווען אַ דיכטער מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, און זיינע סאָציאַלע לידער און שטימונגען שטאַמען אויך ניט פון אַבסטראַהירטער און פילאָסאָפישער ליבשאַפט צום אַרבעטער. ער האָט אַליין אויף זיינע אייגענע פּלייצעס יאָרנלאַנג דורכגעטראָגן דעם שווערן יאָך פון „בלייכן אָפּערייטאָר" ביי דער אַרבעט אין שוויצשאַפּ. ראָזנפעלד האָט, ווי אַ. ליעסין, זיך געראַנגלט מיט די צוויי הויפּט־מאָטיוון, פון וועלכע ער האָט געזוכט צו שאַפן אַ האַרמאָנישע סינטעזע; דאָס איז אים אָבער זעלטן געלונגען. ער איז געווען צו טעמפּעראַמענטפול, צו פערזענלעך, און עס האָט אים געפעלט שטאַנדהאַפטיקייט, דער מיושבֿדיקער און אינטעלעקטועלער באַנעם, ער זאָל קאָנען אַלכעמיש צונויפמישן די צוויי עלעמענטן. דערפאַר בלייבן אַלע מאָל אין זיינע בעסטע לידער די צוויי מאָטיוון אָפּגעטיילט און ניט פאַראייניקט. און ווען ער פּרוווט סינטעטיזירן די צוויי מאָטיוון, איז דאָס אַלע מאָל פאַרסירט און עס שאַפט זיך אַ מין דיכטערישער ויתרוצצו. עס האָט אים געפעלט דיסציפּלין און באַוווסטזיין צו צוימען זיין נאַטירלעכע עמאָציאָנעלע צעברויזטקייט, און דערפאַר וואַקסן אַרויס ביי אים אַזעלכע שאַרפע סתירות און ווידערשפּרוכן:

## צום פאָלק

מיין פאָלק, וואָס נאָך קאָנסטו פון מיר פאַרלאַנגען?
וואָס האָב איך נאָך, וואָס איך זאָל דיר געבן?
איך שענק דיר מיינע הערצלעכסטע געזאַנגען,
מיין קראַפט און מיין נשמה, ריינעם לעבן.
וואָס אין מיין אויג איז אָפט אַרומגעשוווּמען,
וואָס אין מיין האַרץ האָט אָפט געברענט ווי גלוטן,
דאָס האָב איך אין באַגייסטערטע מינוטן
צונויפגעוואַכט אין לעבעדיקע בלומען,
מיין פאָלק, דיין קאָפּ דיר צו באַקראַנצן,
דיין מידע קאָפּ, וואָס קאָן קיין רו געפינען,
און איין געדאַנק נאָר האָט באַהערשט מיין זינען:
פאַר דיר צו זיין, פאַר דיר אַליין אין גאַנצן.
וואָס קאָן איך נאָך? ווו האָב איך מער קרבנות,
אויב ליבע איז דיר קנאַפּ און קאַרג רחמנות?

און מיט אַ מאָל דערציילט ער אונדז, אַז ער זינגט זײַן ליד פֿאַר קיינעם מער אַחוץ פֿאַר זײַן געליבטער:

איך זינג ניט פֿאַר קיינעם, איך זינג נאָר פֿאַר איר,
פֿאַר איר, מײַן געליבטע, די טײַערסטע מיר.
וואָס אַרט מיך די וועלט מיט איר כּבֿוד און גאָלד?
מײַן ליד איז פֿאַר דער, וואָס מײַן האַרץ האָט איר האָלד.

זי איינע נאָר ווייס, וואָס עס ברענט אין מײַן ברוסט,
זי קאָן מײַנע פּלאַמען, מײַן פֿרייד און מײַן לוסט,
איך זינג פֿאַר איר אָוונטס, איך זינג פֿאַר איר פֿרי,
פֿאַר איר, מײַנע הימלישע — מײַן פּאָעזי.

זי זיצט לעבן מיר מיט אַ צערטלעך געפֿיל
און הערט מײַנע לידער און זיפֿצט אין דער שטיל,
די זיפֿצן צעקלינגען, און יעטווידער קלאַנג
ערוועקט אין מײַן זעלע אַ נײַעם געזאַנג.

איך זינג ניט פֿאַר קיינעם, איך זינג נאָר פֿאַר איר,
פֿאַר איר, מײַן געליבטע, די טײַערסטע מיר.
וואָס אַרט מיך די וועלט מיט איר כּבֿוד און גאָלד,
מײַן ליד איז פֿאַר דער, וואָס מײַן האַרץ האָט איר האָלד.

ראָזנפֿעלדס פּאָפּולאַריטעט איז געוואַקסן. זײַנע לידער זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן און זײַן נאָמען איז אַריבער די גרענעצן פֿון דער יידישער „געטאָ". ראָזנפֿעלד איז אָבער פֿאַרבליבן דער זעלביקער טריבער און פֿרײַנדלאָזער דיכטער. ער האָט אין ערגעץ ניט געקאָנט לאַנג פֿאַרבלײַבן און שלאָגן טיפֿע וואָרצלען.

ער איז לײַכט איבערגעגאַנגען פֿון ראַדיקאַלן לאַגער צום קליינבירגערלעך־נאַציאָנאַלן לאַגער, און אין ביידע לאַגערן האָט ער געפּרוווט ווערן דאָס פּאָעטישע קול פֿון זייערע אידעאָלאָגיעס. און אָט די איבערוואַנדלונגען האָבן אים דיכטעריש פֿיל שאָדן געטאָן, ווײַל ראָזנפֿעלד האָט בלויז דעמאָלט געקאָנט אָנשלאָגן אַ שטאַרקן דראַמאַטישן טאָן אין זײַן דיכטונג, ווען ער האָט געשריבן פֿון און וועגן זײַן אייגענער טראַגיק. אַז ניט, איז ער אָפֿט מאָל געוואָרן אַ קרבן פֿון באַנאַליטעטן און פּוסטע גראַמען:

## דאָס בענקען

ווו איך זאָל זוכן גיין רו און גליק,
אימער אין ציון פֿאַרבלאָנדזשעט מײַן בליק.

## קאַפּיטל זעקס

אימער אַהין, נאָך דעם הייליקן לאַנד
ציַיגט מיר דעם וועג אַ פֿאַרבאָרגענע האַנט.
אימער אַהין ציַיגט זי, אימער אַהין,
דאָרט, ווו די פּאַלמע די שלאַנקע איז גרין,
דאָרט, ווו דער צעדער זיַין שאָטן צעשפּרייט,
דאָרט, ווו דער אָראַנזש מיט גאָלד איז באַנייט,
דאָרט, ווו די זון שיַינט מיט דאָפּלטן פּראַכט,
דאָרט, ווו דער הימל דער טויטערער לאַכט, —
דאָרט אַהין ציט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט נאָך מיַין ציון, אָט ווו נאָר איך בין.

אָפֿט, ווען דאָס האַרץ וויל מיר ברעכן פֿאַר וויי,
שׂונאים פֿאַרפֿאָלגן מיך ווו נאָר איך גיי,
טויזנטע שרעקן פֿאַרווירן מיַין זין, —
טראָגט אַ געדאַנק מיך נאָך ציון אַהין.
דאָרט טרוים איך איבער מיַין טרוים פֿון דאָס נײַ,
דאָרט גיי איך ווידער מיַין יוגנט פֿאַרבײַ,
דאָרט זע איך ווידער מיַין היים, ווי זי לעבט,
אויך ווען דער צויבער, דער זיסער, פֿאַרשוועבט;
דאָרט אַהין ציט מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט נאָך מיַין ציון, אָט ווו נאָר איך בין.
דאָרטן נאָך ציון נאָר גאָר איך און שטרעב,
דאָרטן נאָך ציון — זאָ לאַנג ווי איך לעב,
דאָרטן נאָך ציון — די הייליקע שטאָט,
ווו איך האָב רויק געווינט מיט מיַין גאָט,
ווו מיך האָט ליבלעך דער שיקזאַל געגלעט,
דאָרטן, ווו איך האָב מיַין שפּראַכע גערעדט,
דאָרטן, ווו זיסע מוזיק פֿון מיַין כאָר
פֿלעגט מיך באַגיַיסטערן דריַי מאָל אין יאָר.
דאָרט, ווו עס זיצט נאָך און וואַרט ביַי מיַין טיר
אימער די ליבע די אַלטע אויף מיר —
דאָרט אַהין ציט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט נאָך ציון, — אָט ווו נאָר איך בין.

**די נאַציאָנאַלע טעמפּעראַטור אין ראָזנפֿעלדס לידער איז אָפֿט מאָל א געקינצלטע, אַ פֿאַלש אַרויפֿגעשרויפֿטע און שטויסט אָפּ מיט דעם שמעלצנדיקן געדרוך פֿון ווײַרויך:**

## די ייִדישע פּאָעזיע

עס זײַנען געדעכט זײַנע שכנים די גוים,
די ייִדישע שׂונאים, זיי זײַנען גערעכט.
יאָ, גרויס זײַנען זייער דעם ייִדנס חטאים;
אַ, ייִד, ביסט אַ זינדיקער, ייִד, דו ביסט שלעכט!
ביסט ווערט, דו זאָלסט ווערן באַרויבט און באַריסן,
דײַן זינד האָט קיין גלײַכן, דײַן זינד האָט קיין שיעור;
אַ ייִד טאָר ניט זינגען, אַ ייִד טאָר ניט וויסן,
אַ דיכטער, אַ דענקער, ווי קומט עס צו דיר?

אַ ייִדישער דאָקטאָר, אַ ייִד אַ פּראָפֿעסאָר,
אַ ייִד אַ פּולקאָווניק, אַ ייִד אַ יוריסט!
פֿאַר סאַשקען, פֿאַר וואַסקען, פֿאַר זיי פּאַסט עס בעסער!
שלימזל, ווּ קריכסטו, פֿאַרגעסט וואָס דו ביסט?
גערעכט זײַנען דײַנע פֿאַרפֿאָלגער, די דריקער!
אויף זיי אַ מזל — זיי ווײַסן, פֿאַרשטיי,
ווען דו ביסט קיין מערדער, קיין הולטײַ, קיין שיכּור,
אַ ניכטערער מוח — ווי קומסטו צו זיי?

אָט האָסטו דיר שבת! ער זינגט גאָר אַ לידל,
דאָס ווײַב מיט די קינדער באַגלייטן אים שוין —
וואָס דענקסטו זיך עפּעס, וואָס דענקסטו זיך, ייִדל,
אַזאַ מין סקאַנדאַל אין אַ לאַנד צו באַגיין?
פֿון דײַנטוועגן מעג זיך נאָר פֿאַליען און קרענקען
דער ווירט פֿון די קאָרטן, דער ווירט פֿון דעם קלוב,
דו שפּילסט ניט, דו טרינקסט ניט, דו זיצסט אין קיין שענק,
געמיינער פֿאַרברעכער, דו זיצסט גאָר אין שטוב!

און ווילסט נאָך, פּאַרשיווער זשידאָווניק, זיך מעסטן
צו וואַנקען, צו וואַסקען, זיך גלײַכן צום קריסט?
און זוכסט נאָך אַ מונדיר, אַ טשין, און דעם גרעסטן?
„נאַ וואָט טיעביע ראַזז!“ און פֿאַרשטיי ווער דו ביסט!
נאַ, וואָט, און זײַ וויסן, וואָס הייסט עס זײַן ניכטער,
זיך זינגען „מה יפית“, זיך זיצן באַרוט,
אום שבת אַרומגיין מיט גאַנצע געזיכטער,
אַ האָר ניט צעדראָפּעט, קיין סימן פֿון בלוט!

באַטראַכט נאָר סטעפּאַנען, אַ, זעסט? דאָרט גייט סאַשקע!
ס׳קוועלט פּראָסט ס׳האַרץ, ווען מען קוקט נאָר אויף זיי!

דאָס פּנים צעדראַפּעט, דער קאָפּ פֿול מיט משקה,
די ווײַב צעקאַליעטשעט, לויפֿט נאָך מיט געשריי,
די קינדער צעשלאָגן, געלאָזן אין קרעצים,
אי באָרוועס, אי נאַקעט, צעציטערט פֿון קעלט ;
דער טאַטע איז שיכּור, כאַטש נעם און פֿאַרזעץ אים.
פֿאַרשטייסטו, זאָג ,ייִד, ווי מען לעבט אויף דער וועלט

(„ייִדישע חטאים״)

ראָזנפֿעלד איז געווען אַ טראַגישער מענטש און אַ טראַגישער דיכטער. ער איז זיכער איינער פֿון אונדזערע גאָר גרויסע דיכטערס. ראָזנפֿעלד האָט אָבער געלעבט אין אַ צײַט, ווען גײַסטיקע ווערטן זײַנען ערשט געווען אין מיטן פּראָצעס פֿון אויסלײַטערונג און קריסטאַליזירונג, און זײַן טעמפּעראַמענט איז ניט געווען פֿון דעם סאָרט, וואָס איז בכּוח צו סינטעטיזירן שטרעמונגען. אָבער אין זײַנע גוטע לידער, דער הויפּט אין זײַנע ריין פּערזענלעכע לידער, האָט ער אַלע מאָל אָנגעשלאָגן אַ ליריש־דראַמאַטישן טאָן, וואָס ווירקט און רײַסט מיט דעם לייענער מיט דעם כּוח פֿון דער אוממיטלבאַרער עכטקייט. זעלטן ווען איז אַ ליד געווען מער פּאָפּולער צווישן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע, ווי מאָריס ראָזנפֿעלדס „מײַן ייִנגעלע״. מיט אַלע זײַנע דיכטערישע דורכפֿאַלן איז ער זיכער געווען איינער פֿון די וויכטיקסטע דיכטערס אין דער ייִדיש־אַמעריקאַנישער פּאָעזיע. ווער נאָך ווי ער האָט געקאָנט אַזוי אוממיטלבאַר מיטרײַסן מיט זײַן ליד ווי ער:

איך האָב אַ קליינעם ייִנגעלע,
אַ זונעלע גאָר פֿײַן!
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מײַן.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מײַן שיינעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף אים אימער שלאָפֿנדיק.
איך זע אים נאָר בײַ נאַכט.

די אַרבעט טרײַבט מיך פֿרי אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק.
אָ, פֿרעמד איז מיר מײַן אייגן לײַב!
אָ, פֿרעמד מײַן קינדס בליק!

## די יידישע פּאָעזיע

איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים,
אין פינצטערניש געהילט, —
מײַן בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פײַן דאָס קינד זיך שפּילט,

ווי זיס עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פּאַ?

איך הער עס צו און אײַל: עס מוז —
יאָ, יאָ, עס מוז געשען!
די פֿאָטער־ליבע פלאַקערט אויף:
עס מוז מײַן קינד מיך זען!...

איך שטיי בײַ זײַן געלעגרל
און זע, און הער, און שאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„יאָ, וווּ איז, וווּ איז פּאַ?“

איך קוש די בלויע אייגעלעך;
זיי עפענען זיך. — „אָ, קינדו!“
זיי זעען מיך, זיי זעען מיך
און שליסן זיך געשווינד.

„דאָ שטייט דײַן פּאַפּאַ, טײַערער,
אַ פּענעלע דיר, נאַ!“
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וווּ איז, וווּ איז פּאַ?“

איך בלײַב צעווייטאָגט און צעקלעמט,
פאַרביטערט, און איך קלער:
„ווען דו ערוואַכסט אַ מאָל, מײַן קינד,
געפינסטו מיך ניט מער“...

**איינער פון די באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע יידישע דיכטערס אין אַמע־
ריקע איז געווען** דוד עדעלשטאַט **(1866—1892). אין דער אַמעריקאַניש־**

## קאַפּיטל זעקס

יידישער פּיאָנירן־דיכטונג פאַרנעמען עדעלשטאַטס רעוואָלוציאָנערע לידער אַ וויכטיק אָרט. עדעלשטאַט איז איינער פון די ווייניקע דיכטערס, וואָס האָבן אויסגעדריקט אויף אַ פּרימיטיוון, נאָר העכסט רירנדיקן אופן דעם פּײַן, די לײַדן, די צרות, די האָפענונגען און די שטימונגען פון דעם ערשטן דור מיזרח־אייראָפּעיִשע יידישע אימיגראַנטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עדעלשטאַטן האָבן הויפּטזאַכלעך אינטערעסירט דער קאַמף פאַר פרײַהייט און די רעוואָלוציע — און זיי האָט ער געווידמעט זײַן דיכטערישן טאַלאַנט. די דאָזיקע מאָטיוון דאָמינירן אין זײַן שרײַבן. ער איז ווי פאַרליבט אין דער רעוואָלוציע און אין סאָציאַלן קאַמף, און ער ווערט ניט מיד איבערצוחזרן דאָס זעלביקע אין צענדליגער וואַריאַציעס. אַז מען לייענט זײַנע לידער נאָך אַנאַנד, דערפילט מען אַ געוויסע מאָנאָטאָנקייט, ווײַל ער שרײַבט נאָך אַנאַנד אויף דעם זעלביקן מאָטיוו, אָן קינסטלערישער וואַריִירונג און אָן שפּראַך־לײַטערונג:

ברידער, מיר מוזן די לײַדנדע ערד
פון קייטן, פון טרערן באַפרײַען!
שולטער אָן שולטער, מיט פאַנצער און שווערד,
פאָרווערטס אין די קעמפנדע רייען!
וואָס שווערער דער קריג, אַלץ זיסער דער זיג,
אַלץ פראַכטפולער זײַנען די פירות!
און ווער עס פאַלט אין פרײַהייטס־קריג,
דער לעבט אין די קומענדע דורות!
וואָס טויג אונדז דאָס לעבן, אָן פרײַהייט, אָן רעכט
אונטערן בײַטש פון טיראַנען?
ביז וואַנען וועלן מיר בלײַבן נאָך קנעכט,
היימלאָזע שקלאַפן — ביז וואַנען?!
ברידער, שווערט:
די פאַרבלוטיקטע ערד,
דאָס פאָלק פון טיראַנען באַפרײַען!
שולטער אָן שולטער, מיט פאַנצער און שווערד,
פאָרווערטס אין די קומענדע רייען!

(„צום יידישן פּראָלעטאַריער“)

דוד עדעלשטאַט איז געבוירן געוואָרן אין 1866 אין טיף רוסלאַנד, אין קאַלוגע, און איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1882. רוסיש איז געווען זײַן מאַמע־לשון און ער איז געווען, ווי די מערסטע ראַדיקאַלע עמיגראַנטן פון זײַן דור — אַ קאָסמאָפּאָליט. ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן יידיש אין אַמעריקע, ווו ער איז געוואָרן אַקטיוו אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג.

ער איז געווען, לויט ווי עס גיבן איבער די אַלע, וואָס האָבן אים געקאַנט אין יענע יאָרן, „אַ זעלטענע, ריינע און אידעאַליסטישע פּערזענלעכקייט״. דורך די קורצע יאָרן פון זיין לעבן אין אַמעריקע אַרבעט ער ביי אַלערליי שווערע אַר־בעטן, ליידט הונגער, דחקות און שטאַרבט אַוועק פון שווינדזוכט אין אַ סאַניטאַ־ריום אין דענווער, קאָלאָראַדאָ.

זיין גאַנצן לעבן איז עדעלשטאַט געווען ווי פאַרשיכּורט פון דעם „הייליקן״ באַרוף צו דינען מיט לייב און לעבן דער רעוואָלוציע. און עס איז מסתּמא די דאָזיקע עכטקייט פון געפיל, וואָס רייסט זיך דורך דורך די רויע, זשורנאַליסטישע קאָמפּרופן אין זיינע לידער און רייסט אונדז דאָך מיט און ווירקט אויף אונדז אויב ניט מיט דער ריינקייט פון פּאָעזיע, איז מיט דער ריינקייט פון דיכטערס געפיל:

צו דער אַרבעט, פאָרווערטס, ברידער,<br>
אַלע, אַלע, קומט מיט מוט!<br>
פרייע אַרבעט שטאַרקט די גלידער<br>
און זי רייניקט אונדזער בלוט!<br>
פוילט זיך ניט! אַ שאַנדע, כ׳לעבן —<br>
שלאָפן אין אַ צייט פון קריג!<br>
ווילט איר וויסן וואָס הייסט לעבן —<br>
קעמפט פאַר אַלגעמיינעם גליק!<br>
פאָרווערטס שטופּט די פרייהייטס־רעדער<br>
מיטן שווערד און מיטן פען,<br>
לאָז זיין אַרבעט טאָן איעדער —<br>
ווי ער קאָן און וואָס ער קאָן.

לערנט זיך און אויך דעם צווייטן —<br>
צייגט דעם וויסנס ריינעם קוואַל!<br>
און צוגליט די שקלאַפן־קייטן<br>
מיט דער וואָרהייטס הייסן שטראַל.<br>
וואַרפט אַריין אין אַלע קלאַסן<br>
פונקען פון דעם פרייען גייסט!<br>
לערנט דענקען, קעמפן, האַסן,<br>
אַז איר מענטשן זייט, באַווייזט!<br>
און ניט ציטערט פאַר די הענקער!<br>
שטאַרבן ווי אַ פרייער מאַן<br>
איז דאָך ליבער פאַרן דענקער,<br>
ווי זיך בוקן צום טיראַן!<br>
נאָך די שטורמען, פרעסט און שנייען

קומען וועט דער שיינער מיי;
וואָס מיר ווילן איצט פאַרזייען,
וועט דאַן בליִען פראַנק און פריי!
און אַ יעדער וועט געניסן
פון דעם ריינעם פרייהייטס־בוים —
זיסע פירות, וואָס פאַרזיסן
יעדעס האַרץ און יעדע היים!
פאָרווערטס שטופּט די פרייהייטס־רעדער!
אַרבעט ערנצט, פול מיט גייסט!
מיטן שווערד און מיטן פעדער —
אַז איר מענטשן זייט, באַווייזט.

**עדעלשטאַט׳ס לידער זײַנען געווען זייער פּאָפּולער צווישן די רעוואָלוציאָנערע יידישע מאַסן אין אַמעריקע. מען האָט זיי אַ סך געלייענט און פאָרגעלייענט, און אַ סך פון זיי זײַנען געבליבן אין רעפּערטואַר פון יידישע קאָמפּלידער, ווײַל צו אַ סך פון זײַנע לידער איז געשאַפן געוואָרן מוזיק:**

ערוואַכט זיך די פרייהייט מיט קאַמף־באַריקאַדן,
ערקלערט די טיראַנען אַ קריג!
מוט און אַנטשלאָסנקייט, בראַווע קאַמעראַדן,
וועלן אייך פירן צום זיג!
קייטן און טראַנען, אָ, אַלעס מוז פאַלן,
אונטער דעם אַרבעטערס שווערד!
מיט דופּטנדע בלומען, מיט גאָלדענע שטראַל
וועט פרייהייט באַצירן די ערד!
און אַלעס וועט לעבן, ליבן און בליִען
אין פרייהייטס־גאָלדענעם מיי!
ברידער, גענוג פאַר טיראַנען צו קניִען!
שווערט, דאָס איר מוזט ווערן פריי!
קלינגט איבעראַל אין די פרייהייטס־גלאָקן!
פאַרזאַמלט די לײַדנדע קנעכט!
און קעמפט באַגײַסטערט, קעמפט אומדערשראָקן
פאַר אײַערע הייליקע רעכט!

(„וואַכט אויף״)

**עדעלשטאַט גלייבט אַלע מאָל אין דעם אָנקום פון דער רעוואָלוציע און אין איר ענדגילטיקן זיג. די גרעסטע שוועריקייטן טאָרן ניט אָפּשרעקן די עכטע און אויפריכטיקע רעוואָלוציאָנערן:**

דומע טיראַנען! די אינקוויזיציאָן
מיט אירע גראַטן און פינצטערן טורם
וועלן ניט טויטן די רעוואָלוציאָן —
איר זייט די וואָלקנס, זי איז די שטורם!
זי קומט, די טאָכטער פון ראַכע און צאָרן,
עס האָבן די טרערן פון פאָלק זי געבאָרן,
אין דעם אַרבעטערס ברענענדע ווונדן
איר רויטן פאַקל אָנגעצונדן.

(„שפּאַניע")

עס וועט קומען אַ צייט, ווען פון אונדזערע זאָרגן
וועט זיך דערהייבן אַ מעכטיקער קול,
שטאַרקער פון דעם, וואָס איר ווילט איצט דערוואָ
מעכטיקער, שלאָגנדער טויזנטער מאָל!

— — — — — — — — — —

עס קומט דער פרייער, דער ליכטיקער מאָרגן,
ווען עס וועט זיך דערהייבן אַ מעכטיקער קול —
שטאַרקער פון דעם, וואָס איר האָט איצט דערוואָרגן,
מעכטיקער, שלאָגנדער טויזנטער מאָל!

(„אויגוסט שפּיז")

**ווי אַזוי וועט די רעוואָלוציע קומען און זיגן? עדעלשטאַט איז געווען אַן אַנאַרכיסט און איז געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. ער האָט ניט געגלייבט אין וואַלן און אין רעפאָרמען. אין עטלעכע לידער, ווי אין זיין „צו די פילאָסאָפישע רעוואָלוציאָנערן" אָדער אין „וואָס זאָגט איר צו אים?", האָט ער זיך אויסגעטענהט מיט די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס האָבן געגלייבט אין וואַלן און וואַלקאַמף און אין דער הדרגהדיקער אַנטוויקלונג צום סאָציאַליזם. און אין די דאָזיקע שוואַכע און רעטאָרישע לידער קומט צום אויסדרוק זיין רעוואָלוציאָנערער אַני־מאמין:**

איך זאָג אייך אָפן: איך גלייב אין קראַפט,
אין קראַפט פון די אַרבעטער־רייען;
גוואַלד האָט אונדזער וועלט פאַרשקלאַפט
און גוואַלד וועט זי באַפרייען!

אויף אײַערע בלוטיקע מאָרד־קאַנאָנען
וועלן מיר ענטפֿערן מיט דינאַמיט!
מיר וועלן פֿאַרניכטן די קייטן און טראָנען
מיט אונדזער גיגאַנטישן שריט.

(„לוּיִס לינג״)

**עדעלשטאַט חזרט איבער די זעלביקע אידעע אין אַן אַנדער ליד:**

ניט קיין ווערטער און פּאַראַדן,
פּויקן, שאַלן און מוזיק;
ברידער! שווערדן, באַריקאַדן
פֿירן אונדז צום פֿרײַהייט־זיג!
אין קאַמף זײַנען טײַער אויך מינוטן!
זאָל יעדער טאָן זײַן קעמפֿער־פֿליכט!
מיר זײַנען שטאָלץ פֿאַר פֿרײַהייט־בלוטן
און שטאַרבן אין איר זונען־ליכט.

(„כמאַרע און זונענשײַן״)

איר זאָגט, דער מענטש קאָן ווערן פֿרײַ
נאָר דורך וויסנשאַפֿט, —
מיר זאָגן, אַז מען דאַרף דערבײַ
אויך מוט און העלדנקראַפֿט!

(„ווּ איז דער אונטערשייד?״)

**דער זעלביקער עדעלשטאַט, וואָס האָט אַזוי מוטיק גערופֿן צום קאַמף, צו באַריקאַדן און צו רעוואָלוציע, ציטערט פֿאַרן טויט פֿון אַ מענטשלעכן לעבן. ער באַדויערט, וואָס מענטשן וועלן אומקומען בשעת דער רעוואָלוציע:**

איך בין אַ הייסער רעוואָלוציאָנער,
פֿאַרהאַסט איז מיר געלט־זאַך און טראָן,
דאָך בליצט אין מײַנע אויגן אַ טרער,
ווען איך קלער פֿון רעוואָלוציאָן.
איך באַזינג זיי ניט מיט טראָמפּייטן־קלאַנג, —
איך באַדויער מיט טרערן די צײַט,
אין וועלכער דער מענטש, דער פֿאַרשקלאַפֿטער געדאַנק,
קען זײַן דורכן שווערד נאָר באַפֿרײַט!

— — — — — — — — — —

פֿרײַנד! איך באַווײַן אירע יונגע אַלמנות,
איר רוישנדן, בלוטיקן מער;
ווער ס'פֿאַרמאָגט נאָר אַ פֿונק פֿון רחמנות,
קאָן ניט דענקען פֿון איר אָן אַ טרער.

**אָבער דאָך דערשרעקט זיך ניט עדעלשטאַט פֿאַר די טרערן און פֿאַר די קרבנות, און אין דעם זעלביקן ליד רופֿט ער אויס:**

דאָך, דער שטורם מוז קומען — עס העלפֿן קיין טרערן!
אים פֿאַרהאַלטן האָט קיינער ניט קיין מאַכט!
ער וועט מיט זײַן אײַזערנער קראַפֿט צעשטערן
די, וואָס האָבן אויף דער וועלט איר געבראַכט.

**(„דער קומענדער שטורם")**

**עדעלשטאַט ווערט ניט מיד צו שרײַבן וועגן דער רעוואָלוציע; ער באַזינגט רעוואָלוציאָנערן און רעוואָלוציע־געשעענישן. ער דריקט אָפּט מאָל אויס דעם באַגער און פֿאַרלאַנג צו שטאַרבן ווי אַ העלד, אַ קעמפֿער אויף די באַריקאַדן.**

**דאָך, די מאָמענטן פֿון פֿאַרצווייפֿלונג זײַנען ניט כאַראַקטעריסטיש פֿאַר עדעלשטאַטס געמיט. זײַן רעוואָלוציאָנערער גײַסט איז אַלע מאָל גובֿר אין אים דעם פּעסימיזם און די האָפֿענונגלאָזיקייט; און מיר געפֿינען דאָס אַזוי שאַרף און קלאָר אויסגעדריקט אין דעם באַרימטן ליד „מײַן צוואה":**

אָ, גוטע פֿרײַנד! ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מײַן קבֿר אונדזער פֿאָן —
די פֿרײַע פֿאָן מיט די רויטע פֿאַרבן,
באַשפּריצט מיט בלוט פֿון אַרבעטסמאַן!
און דאָרט אונטער דעם פֿלאַג דעם רויטן
זינגט מיר מײַן ליד, מײַן פֿרײַעס ליד!
מײַן ליד „אין קאַמף", וואָס קלינגט ווי קייטן
פֿון דעם פֿאַרשקלאַפֿטן קריסט און ייִד.
אויך אין מײַן קבֿר וועל איך הערן
מײַן פֿרײַעס ליד, מײַן שטורם־ליד;
אויך דאָרט וועל איך פֿאַרגיסן טרערן
פֿאַר דעם פֿאַרשקלאַפֿטן קריסט און ייִד.
און ווען איך הער די שווערדן קלינגען
אין לעצטן קאַמף פֿון בלוט און שמערץ —
צום פֿאָלק וועל איך פֿון קבֿר זינגען
און וועל באַגײַסטערן זײַן האַרץ.

## קאַפּיטל זעקס

דוד עדעלשטאַט איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיקער. ער האָט פֿאַרמאָגט מער אויפֿריכטיקן סענטימענט ווי קינסטלערישן אויסדרוק פֿאַרן סענטימענט. זײַנע לידער זײַנען גיכער לירישע אויסגוסן, ווי עכטע, טיפֿע פּאָעזיע. זײַן שפּראַך־אינסטרומענט איז ווײַט פֿון ראַפֿינירטקייט און פֿון פּרעציזן, דיכטערישן וואָרט. דורך דער רעטאָריק פֿון זײַן רעוואָלוציאָנער־זשורנאַליסטישער דיכטונג רײַסט זיך אָבער אָפֿט מאָל דורך דאָס עכטע און אויפֿריכטיקע רעוואָלוציאָנערע געפֿיל, און אָט דער אימפּולסיווער אימפּעט, און אָט די ערלעכקייט און ריינקייט פֿון געפֿיל מאַנען פֿאַר אים אַן אָרט אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער פּיאָנירן־דיכטונג אין אַמעריקע.

דוד עדעלשטאַט האָט אויך געשריבן פּראָזע. זײַנע דערציילונגען אונטערשיידן זיך אָבער שטאַרק פֿון זײַן דיכטונג מיט דעם וואָס אין די דערציילונגען איז כמעט ניטאָ קיין פֿונק פֿון ליכט אָדער האָפֿענונג. אַלץ איז דאָרט גרוי, אומעטיק און מעלאַנכאָליש. אָבער אָפּגעזען דערפֿון, זײַנען די דערציילונגען פֿון קנאַפּן קינסטלערישן ווערט.

אויך זײַנע אַרטיקלען איבער אַקטועלע פֿראַגעס זײַנען אויף אַזוי פֿיל ווערטפֿול, אויף וויפֿל זיי העלפֿן אונדז קלאָר מאַכן עדעלשטאַטס פּאָליטישע פֿיזיאָנאָמיע.

י. באָוושאָווער (1873—1915) האָט געהאַט אין מער ווי איין הינזיכט אַ נאָענטע שײַכות מיט זײַן חבֿר דוד עדעלשטאַט. זיי זײַנען ביידע געווען רעוואָלוציאָנערע דיכטערס, און ביידע זײַנען זיי געווען פֿאַרבונדן מיט דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג דאָ אין לאַנד. קורץ איז אויך געווען דער שאַפֿונג־פּעריאָד פֿון באָוושאָווערן. ער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנלעבן אין דער נײַער כאַאָטישער סבֿיבֿה. די רויע אַטמאָספֿערע האָט שלעכט געווירקט אויף דעם צאַרט מיסטישן און גלײַכצייטיק רעוואָלוציאָנערן דיכטער. דער סענסיטיווער און קאָמפּליצירטער דיכטער יוסף באָוושאָווער האָט זיך ניט געקאָנט צופּאַסן צום רויש און טומל. ער איז געוואָרן גײַסטיק קראַנק און איז לאַנגע יאָרן — ביז זײַן טויט — פֿאַרבליבן אין אַן אַנשטאַלט פֿאַר גײַסטיק קראַנקע.

י. באָוושאָווער האָט געשריבן לידער אויף די זעלביקע מאָטיוון, וואָס עס האָט געשריבן זײַן פֿרײַנד דוד עדעלשטאַט. ווי זײַן פֿרײַנד, איז ער אויך געווען דורכגענומען מיטן גײַסט פֿון רעוואָלוציע. באָוושאָווער איז אָבער געווען אַ דיכטער פֿון אַן אַנדער שניט. באָוושאָווער איז שוין געווען אַ קאָמפּליצירטער דיכטער. ער האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז מיט רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון — ער האָט אויך געשריבן אויף אַנדערע מאָטיוון. ער האָט אַרײַנגעבראַכט די נאַטור אין דער אַמעריקאַניש־ייִדישער דיכטונג, און אין אַ צאָל פֿון זײַנע לידער פֿילט זיך אַ מיסטישער טאָן. און כאָטש זײַנע לידער לײַדן נאָך פֿון אַ סך

**דײַטשמעריזמען, פֿילט זיך אָבער פּאַטאָס און שווונג אין זײַנע שורות. ער איז באַווירקט פֿון וואָלט וויטמאַן און פֿון שעלין:**

צעטראָג, אָ ווינט, אויף דײַנע פֿליגל
די הייסע ווערטער פֿון מײַן פּען,
וואָס זײַנען שוואַרץ, ווי זשאַר פֿון אויוון,
דאָך אונטן קען מען פֿײַער זען.
און ווו דו הערסט אַ האַרץ נאָר שלאָגן,
אויב שלעכט, פֿאַרדאַרבן אָדער פֿײַן —
זאָ ברענג אַהיים די פֿלאַמען־ווערטער
און בלאָז זיי טיף אין האַרץ אַרײַן.
און אויב דאָס בלוט איז דאָרט פֿאַרפֿראָרן,
זאָ וועק עס, ווי דו וועקסט דעם ים;
און מאַך עס זידן, מאַך עס קאָכן,
און וועק דאָרט אויף דעם פֿרײַהייטס־פֿלאַם.

**(„צום ווינט״)**

**מיט זײַן הייסן, פֿלאַמיקן וואָרט האָט ער גערופֿן צום קאַמף און געצילט אין דער רשעות און אין די עוולות פֿון דער אומגערעכטער געזעלשאַפֿט און גע־חלומט פֿון אַ פֿרײַער און באַפֿרײַטער וועלט:**

פֿעלקער, אין שמערץ זײַט פֿולע יאָרן געבונדן,
דענקט פֿון דערלייזונג און פֿון פֿרײַערע שטונדן,
ברעכט אײַן די מויערן פֿון דער אומבאַזינונג
און קעמפֿט מיט מענער־מוט פֿאַר אײַער אַנטרינונג!
רײַסט זיך ווי שטראָמען פֿון די בערג, די ענגע,
און נעמט די וועלט מיט קאַמף און שטורם־געזענגע.
טויטעט דאָס פֿאַלשע און פֿאַרניכטעט דאָס שלעכטע,
באַפֿרײַט דאָס איידעלע, דאָס ריין גערעכטע.
זײַט ווי די לייבן אין דער מדבר מעכטיק
און אין שטיקער רײַסט, וואָס איז נידערטרעכטיק!
זײַט ווי די וועלדער שטאַרק אין נײַעם בליִען,
און ווי די זון זאָל אײַער לעבן גליִען.
באַפֿרײַט די אָרעמע, שטיצט די באַרויבטע,
לערנט די פֿאַרבלענדעטע, די יאָך־באַטויבטע!
ווערט דורך די לײַדן אײַערע שטאַרקער, קליגער
און שטייט אין לעבן ווי באַקרענצטע זיגער!

## קאַפּיטל זעקס

אַ וועלט זאָל אויפשטיין פון דער וועלטסרוינען,
קיין מענטש־ טרער זאָל מער אומזיסט ניט רינען.
קיין אָרעמאַן זאָל אויף דער ערד ניט קלאָגן,
קיין מענטש זײַן ברודער־מענטש צום טויט ניט שלאָגן.
גערעכטיקייט זאָל אײַער גליק באַקרוינען,
פרײַהייט — זי וועט אין אײַער זײַן באַשײַנען.

(„פרילינג־געוויטער״)

**באָװשאָװער האָט, װי די מערסטע דיכטער פון זײַן עפּאָכע, געזונגען פון דער נויט פון אָרבעטער, וואָס ווערט אונטערדריקט און פאַריאָכט:**

ווען כ׳זע דײַנע הערשער, וואָס טרינקען דײַן בלוט,
דײַן בלוט — וואָס בײַ מיר איז זי זאָ טײַער,
דאַן צינדט זיך אין האַרצן בײַ מיר אַן אַ גלוט,
עס פלאַקערט באַלד אויף דאָרטן פײַער...
אַ ווונדער פײַער פון צאָרן און האַס,
מײַן יעטווידער נערוו שרײַט נאָך ראַכע,
איך וויל דאַן צערײַבן, צעמאָלן אויף אַש
די אַלע, וואָס דריקן די שוואַכע...

**באָװשאָװער איז אָבער פון די ערשטע, וואָס וואָגט שוין אַרויסצוטרעטן און צו פּראָטעסטירן ניט נאָר קעגן די פאַרשקלאָפער, נאָר אויך קעגן די שקלאַפן:**

נאָר שקלאַף, ווען איך זע, אַז דו גיסט זיך קיין ריר
און ווילסט זיך גאָר בעסער ניט מאַכן —
אָ, דאַן ווערט דאָס האַרץ שיעור צעשפרונגען אין מיר,
איך הייב אָן פאַר ווייטאָג צו לאַכן...

(„צום שקלאַף״)

**בײַ באָװשאָװערן זײַנען שוין פאַראַן שטימונגען פון שווערן געמיט, ווען ער איז אַנטוישט און קאָן מער ניט צוזען די האָפענונגלאָזע לאַגע פון פאַריאָכטן אַר־בעטער, וואָס גייט אַרום „הונגעריק אין קאָרן־פעלדער״ און וואָס בלײַבט „דור־שטיק בײַ די מאַרמאָרנע פאָנטאַנען״:**

— — — — — — — — — —

יאָ, ליבער אין אַ מדבר וואָלט איך שטאַרבן,
אַלס וואַנדלען אין אַ וועלט פון פראַכט און שײַנקייט,

## די ייִדישע פּאָעזיע

אומרוישט פונם הייסן, טויזנטפאַכן לעבן,
אומרוישט פון גליק, פון פריידע און ענציקן.
די זיסקייט פילנדיק פון קורצן דאַזייַן,
און פילנדיק די הייסטע פאַרלאַנגען,
און דאָך פאַרברענט, פאַרצערט זייַן און פאַרשמאַכטעט,
און אומגיין הונגעריק אין קאָרן־פעלדער
און דורשטיק בייַ די מאַרמאָרנע פאָנטאַנען,
פאַר יענעם שאַפנדיק אַ גליקלעך לעבן,
און זעלבסט, ניט שרייַענדיק, צום טויט פאַרוועלקן,
אַ גן־עדן זעענדיק און ניט קיין וויסטע —
אָ, ליבער אין אַ מדבר וואָלט איך וואַנדלען!

(„אומרו״)

באָוושאָווערס רעוואָלוציאָנערישקייט איז ניט גראַדליניק. בייַ אים זייַנען שוין פאַראַן ווידערשפּרוכן און וואַקלעניש. אין באָוושאָווערס דיכטונג זייַנען שוין אָפּט מאָל פאַרן אָנזאָגן פון דער שפּעטערדיקער, אינדיווידועלער, „איכיס־טישער״ ליריק אין דער ייִדישער דיכטונג אין אַמעריקע:

אָ, צאָרן ניט, ברודער, אויף מיר פאַר מייַן לידל,
וואָס רירט אָן זאָ טרויעריק דייַן שמאַכטנדע הערץ!
איך קאָן זיך ניט העלפן — עס כליפּעט מייַן פידל,
די יאָמערט, זי וויינט אויף דייַן צו גרויסן שמערץ...
איך פיל עס, אָ, ברודערל, גלייב מיר, בייַם זינגען,
אַז דו וועסט עס הערן מיט ביטערן ווי —
אָבער, וואָס האָב איך שולד, ווען איך הער אימער קלינגען
דייַן אייגענעם שרעקלעכן ליידנס־געשריי?...
איך וואָלט זייער וועלן דיר זינגען פון פריידן,
די סטרונעס באַרירן אין שטונדן פון לוסט —
דען דאָס איז דאָס בעטן, דאָס וויינען, דאָס ריידן
זייַט לאַנג פון מייַן האַרץ, וועלכע זיפּצט אין מייַן ברוסט.
דאָך, ברודער, זאָ לאַנג דו וועסט טראָגן געדולדיק
די שענדלעכע קייט, דעם טיראַנישן יאָך,
זאָ לאַנג וועל איך וועקן, אָ, מאַך מיך ניט שולדיק!
און טוסטו עס יאָ, אָ, דאַן... זינג איך דיר נאָך...

(„צום אַרבעטער״)

## קאַפּיטל זעקס

**אין אַן אַנדער ליד רעדט דער דיכטער אַפּילו אָפֿן וועגן דער „דומהייט" און „בלינדקייט" פֿון פֿאָלק, — אַן אַפּיקורסות, וואָס איז ניט צו טרעפֿן בײַ זײַנע צײַט־חבֿרים. אין קריטישע מאָמענטן רופֿט ער צוריק צו דער גוטער, אַלץ היילנדיקער נאַטור. אַ מין אויסדרוק, אַ רעאַקציע צום גאַנצן מענטשלעכן אויפֿטו און זײַן באַרימערײַ. באָוושאָווער גיט דאָ אַן אַנאַרכיסטיש־ניהיליסטישן ענטפֿער אויף אַלע זײַנע שווערע שטימונגען:**

איר זיצט געדריקט אין רײַכע, גרויסע שטעט,
ווו יעדע הויז איז ווי אַ פֿעסטונג הויך.
האָט איר דען מורא, דאָס די פֿרישע לופֿט,
וואָס ווייעט צו אײַך פֿון וואַלד און פֿעלד און טאָל,
וועט אײַך דערשטיקן ווי אַ בייזער פֿײַנד?
איז אײַך די ענגקייט און דער טומל ליב?
איז אײַך דער דלות און דער עלנט זיס?
איז אײַך די וועלט ניט ליב אָן שטויב, אָן שמוץ?
צעשטערט די טורעמס, ווו איר זײַט געדריקט!
לאָזט הינטער זיך דעם רעש און די זינד
און קערט זיך אום צו דער נאַטור צוריק.

**(**„צום פֿאָלק"**)**

**דער רוף צוריק צו דער נאַטור, דער רוף ווי אַן ענטפֿער אויף די אָנשטייענדיקע עקאָנאָמישע און גײַסטיקע קאַטאַסטראָפֿעס, ווערט נאָך הײַנט פֿאַרשריבן ווי אַ ווירקזאַם מיטל פֿון אַ סך פֿון די גרעסטע קינסטלערס און שרײַפֿטשטעלערס פֿון אונדזער צײַט. אין דעם זינען זײַנען די דאָזיקע לידער באָוושאָווערס זייער אַקטועל און „מאָדערן":**

ווען כ'האָב פֿאַרצווייפֿלט אין דער גרויסער וועלט,
האָב איך אַ טרייסט געזוכט אין דער נאַטור:
איר יונגע שיינקייט אין דער פֿרילינגס־צײַט;

איר זיסער טרויער אין דער צײַט פֿון האַרבסט;
איר שטילעס אַלטער אין דער ווינטער־צײַט —
זיי האָבן מיך באַרויִקט און געשטאַרקט;
מײַן ברוסט ערפֿילט מיט פֿרישער ענערגיע,
מיט יוגנטלעכער קראַפֿט און לעבנס־מוט.

**(**„נאַטור־לידער"**)**

## די יידישע פּאָעזיע

**די שווערע צײַט האָט „אין צווייען צעשניטן" דאָס געמיט פון דיכטער, כאָטש ניט אַלע מאָל האָט ער זיך אונטערגעגעבן די שווערע שטימונגען און די שווערע ספקות:**

די יעצטיקע צײַט איז אַ שאַרף פון אַ מעסער
פאַר דעם, וועלכער קעמפט קעגן איר:
זײַן לעבן קאָן ווערן אין צווייען צעשניטן,
פאַרניכטעט בײַ יעטווידן ריר.

דער פינצטערער שׂטן האָט פילע געשטאַלטן,
וואָס שטייען דעם קעמפער אין וועג,
און יעדע באַזונדער פאַרשטעלט אים דעם אויסגאַנג
און גאָזט אים ניט זען קיין ברעג...

דערום הער מײַן עצה, דו איידעלער קעמפער,
ניט לאָז זיך פאַרפירן, ניט לאָז!
זאָל שטורעמען, בליצן, זאָל דונערן, קראַכן,
זײַ שטאַרק, ווען דער ווינט גיט אַ בלאָז!...

דײַן פילנדע האַרץ זאָלסטו, ברודער, פאַרבינדן
גאַנץ פעסט מיט דער קומענדער צײַט,
פאַרקניפּלען מיט צוקונפטס גאָלדענע פעדעם,
וואָס ציִען צו דיר זיך פון ווײַט...

דײַן אויג אָבער, פרײַנד, זאָלסטו יעצט האַלטן אָפן,
פאַרהיטן געפאַר אויפן שטעל,
דײַן ריינער פאַרשטאַנד זאָל דיר דינען אַלס פאַקל —
די אויג זעט נאָר דאַן, ווען ס'איז העל.

**י. באָװשאָװער האָט אין אַ ריי לידער געשילדערט דאָס שווערע אַרבעטער־לעבן. ער האָט אונדז געוויזן דעם עלנט פון אַרבעטער אין דער גרויסער אינ־דוסטריעלער שטאָט. די אומבאַגרענעצטע עקספּלואַטאַציע און די ליידן פון אַרבעטער האָבן געפונען זייער אָפּקלאַנג אין באָװשאָװערס טרויעריקע לידער:**

דער טאָג איז געקומען דער גליקלעכער,
אויף וועלכן דו האָסט לאַנג מיך געזוכט און געוואַרט,
דער טאָג, וואָס באַפרײַט דיך פון פינצטערן שאַפ,
וווּ דו ביסט געוועזן פיל יאָרן פאַרשפּאַרט.

דו זעסט דורכן פֿענצטער די זאַנגע מיט פֿרייד,
עס שײַנט דיר הײַנט ליכטיקער, שענער איר שטראַל,
ווערסט מער זי ניט זען אַזוי ווי ביז הײַנט,
דורך די טונקעלע שויבן, מיט שמערץ און מיט קוואַל.
דער טאָג איז אַוועק — די זון גייט אַראָפּ
און וואַרפֿט אויף דײַן אַרבעט אַ גאָלדענעם פֿונק.
דו הייבסט אויף די אויגן און קוקסט זי אָן לאַנג
און, דאַכט זיך, זי זאָגט דיר גאַנץ שטיל מיט אַ ווונק:
„לייג נידער די אַרבעט, די גליקלעכע קינד,
די נאָדל, מיט וועלכער דו האָסט לאַנג געשאַפֿט —
די שטאָלענע נאָדל, וואָס ז׳האָט ווי מאַגנעט
געצויגן ביז איצטער דײַן קראַפֿט און דײַן מאַכט.

**אָבער באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז אײַגנטלעך האָט ער אויך איצט פֿאַר איר ניט קיין טרייסטוואָרט. אַז עס איז ניטאָ פֿאַר איר קיין שום אויסוועג:**

דאָך האַלט! איצט האָב איך דיר צו זאָגן אַ וואָרט:
אומזיסט איז דײַן שׂימחה, אומזיסט איז דײַן פֿרייד!
ווערסט איצטער נאָך ווערן אַ שקלאַף בײַ אַ שקלאַף,
ווערסט האָבן נאָך גרעסערע צרות און לײַד!
אַן אַרבעטסמאַן נעמסטו, אַ פֿינצטערן קנעכט,
אַ, מיידל! ווערסט ווערן פֿאַרפֿינצטערט, פֿאַרשוואַרצט,
דײַן רוקן וועט בייגן זיך יונג פֿאַר דער צײַט!...

(„דער אָפּשייד״)

**אַ שטאַרקן אײַנדרוק מאַכט באַוואוסטע שילדערונג וועגן טויט פֿון אַן אַרבעטער. דאָס בילד נעמט אונדז דורך מיט שרעק, און כאָטש די שפּראַך איז אומבאַהאָלפֿן, פֿאַרגיטיקט אָבער דער אוממיטלבאַרער טראַגיזם וואָס ווייעט פֿון די אויפֿריכטיקע שורות:**

— — — — — — — — — —

אויפֿן פּלאַץ, אין אַ זײַט, אויף אַ זאַק אויסגעצויגן,
מיט שמאַטעס באַדעקט, ליגט אַ מענטשן־סקעלעט,
ס׳איז געל זײַן געזיכט, אײַנגעשרומפּן די אויגן,
ער מורמלט גאַנץ שטיל זײַן לעצטעס געבעט.

גאַנץ לויזע, פּאַמעלעך, עס קלאַפּט אין זײַן הערצן,
אין האַלדז אָבער כריפּעט אַזוי ווי אַ זעג...

נאָך איין סעקונדע — עס זיגן די שמערצן,
ער ענדיקט זײַן לעבן — ער קומט צו אַ בּרעג...

— — — — — — — — — —

„אָ, פֿאָטערל, שטאַרב ניט!“ — דאָרט יאָמערט מיט גרוילן
אַ קליינינקער יינגעלע, פֿיר יאָר ערשט אַלט —
יאָ, גיי בעסער ברענג אונדז פֿון סטריט ברויט און קוילן,
איך וויל דאָך זייער עסן, עס איז דאָך זאָ קאַלט;

אָ, פֿאָטערל, שטאַרב ניט! אויף אונדז האָב רחמנות
און לאָז אונדז ניט איבער גאַנץ עלנט אַליין.
עס שטייט אונדזער לעבן אָן דיר אין סכּנות,
מיר וועלן דאָך אַלע פֿון הונגער אויסגיין“.

— — — — — — — — — —

„אָ, הערט אויף צו וויינען, אָ, הערט אויף צו קלאָגן
און לאָזט מיך גאַנץ רויק באַגעגענען דעם טויט!
וואָס העלפֿט אײַער וויינען? איך קאָן מער ניט טראָגן
די לײַדן, די שמערצן, דעם הונגער און נויט.

מען האָט מיך געבויגן, געמאַטערט, געפּײַניקט
געזויגן מײַן בלוט אָן אויפֿהער אין שאָפּ,
מען האָט מיך פֿאַרווונדעט, מען האָט מיך געבלוטיקט
יעצט בין איך געפֿאַלן פֿון צו שווערן קלאַפּ“...

— — — — — — — — — —

(„אויפֿן שטערבע־בעט“)

**אָבער מיט אַלע ווידערשפּרוכן איז דאָך באָוושאָווער געבליבן געטרײַ דער רעוואָלוציאָנערער שטרעמונג פֿון זײַן צײַט. ער קערט זיך אַלע מאָל אום צו דער טעמע, ווי צו אַ געליבטער. און קלאָר און מעכטיק קלינגט באָוושאָווערס קול, ווען ער זינגט זײַן ליד „די רעוואָלוציאָן“:**

איך קום ווי אַ שטאָלצער קאָמעט, ווי די זון,
ווען עס הייבט אָן צו טאָגן;
איך קום ווי אַ בייזער געוויטער פֿון בליץ און פֿון
דונערן געטראָגן.

איך קום ווי אַ גלוטיקע לאַווע פֿון וואַלקן באַדעקטע
וווּלקאַנען;
איך קום ווי דער שטורם פֿון צפֿון, וואָס וועקט
און ערשרעקט אָקעאַנען.

— — — — — — — — — —

און מעגט איר מיך ווערגן, און שיסן און הענגען —
אומזאָנסט אײַער מיע!
מיך שרעקט ניט קיין קערקער, מיך שרעקט קיין שאַפֿאָט
ניט, מיך שרעקט ניט קיין תּליה!
אַרויסוואַקסן וועל איך פֿון דר׳ערד און איך וועל זי
מיט וואָפֿן באַדעקן.
ביז איר וועט אויף אייביק פֿאַרזונקען, ביז אײַך וועט
דער קבֿר פֿאַרמעקן!

**י. באָווּשאָווער איז אַ באַגאַבטער דיכטער. ער איז איינער פֿון די געצייל־טע, עכטע, לירישע דיכטער פֿון דער פּיאָנירן־עפּאָכע אין אַמעריקע. און וואָלט ער געווען מער אָפּגעהיט אין זײַן שפּראַך־אינסטרומענט און אויסגעמיטן דעם פּלאָג פֿון זײַן צײַט — דעם דײַטשמעריש, — וואָלט זײַן דיכטונג געווען אַ סך ווערט־פֿולער. ווײַל אין ליריזם און אין עכטקייט פֿון געפֿילן שטײַגט ער אַריבער אַ סך פֿון זײַנע צײַט־דיכטערס.**

**י. באָווּשאָווער איז אָבער אין יעדער הינזיכט אַ קינד פֿון זײַן צײַט. אַפֿילו די אַנטי־רעליגיעזע טענדענץ פֿון יענע יאָרן האָט אים אויך ניט אויסגעמיטן. אויך ער, בטבֿע אַ מיסטיקער, האָט געשריבן אַנטי־רעליגיעזע לידער און געצאָלט צינז צו די פֿאָדערונגען פֿון זײַן דור און זײַן צײַט. אויך אין די אַנטי־רעליגיעזע לידער איז ער ניט קיין פּאָעט, נאָר אַ מוסר־זאָגער, אַ פּריידיקער. מיר ברענגען דאָ אַ מוסטער פֿון דעם סאָרט לידער:**

— — — — — — — — — —

און ציסטו דורך דעם גאַנצן וועלטן־רוים,
פֿון אים, דײַן גאָט, געפֿינסטו קיין שפּור;
דער „גאָרניט״ האָט קיין פּלאַץ אין דער נאַטור,
און ער, דײַן אַלעס, איז אַ פּוסטער טרוים...

אַ שלעכטער טרוים, אַ בייזער טרוים, אַ, מענטש!
אַנטשטאַנדן פֿון דער דומהייט און פֿאַרשטאַרקט דורך שרעק.
דיך צווינגט די קנוטע: „וואַרף דײַן איך אַוועק״,
און אָפּפֿער זיך פֿאַר אים און לויב אים, בענטש.

## די ייִדישע פּאָעזיע

אונ ווייסטו, ווער דער ער איז, בעסטער פֿרײַנד?
דאָס איז די הערשער־מאַכט, די שטריק, די קייט,
וואָס בינדט דיך, קוועלט און שענקט דיר נאָכן טויט
די שוואַרצע גרוב, אַנשטאָט דעם שיינעם הײַנט.

(„צום גלייביקן״)

י. באָוושאָווער האָט אויך געשריבן פּראָזע, און אין די מערסטע פּראָזע־פּרוּוון זײַנע חזרט ער איבער די מאָטיוון פֿון זײַן דיכטונג. זײַנע סקיצן זײַנען גרוי, פּאַרבלאָז, און עס פֿעלט זיי די קינסטלערישע אוממיטלבאַרקייט, וואָס עס פֿאַרמאָגן זײַנע לידער.

אין זײַנע עסייען וועגן דיכטערס און דיכטונג ווײַזט ער אַרויס באַקאָנטשאַפֿט מיט דער ייִדישער און וועלטלעכער פּאָעזיע, באַזונדער מיט דער ענגלישער פּאָעזיע. עס געלונגט אים אָפֿט מאָל אַרויסצוברענגען די סאָציאַלע מאָמענטן אין די שאַפֿונגען פֿון די עטלעכע דיכטערס און שרײַבערס, וועלכע ער אַנאַליזירט מיט אַ פֿײַנעם קריטישן חוש.

*

סוף 19טן יאָרהונדערט שליסט זיך אָפּ די ערשטע עפּאָכע פֿון דער ייִדישער דיכטונג אין אַמעריקע. דורך די יאָרן 1881—1900 איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פֿאַר דער ייִדישער דיכטונג אין דער נײַער וועלט. מען קאָן די דאָזיקע עפּאָכע מיט רעכט באַצייכענען אַלס „שטורם־ און דראַנג־פּעריאָד״ פֿון דער ייִדיש־אַמעריקאַנישער דיכטונג. מען האָט אָנגעהויבן אין די ערשטע פֿאָרמאַציע־יאָרן מיט גראַמען, מיט פּרימיטיווער בדחנות, און מען איז דערגאַנגען ביז דער דיכטונג פֿון אַ באָוושאָווער און אַ ראָזנפֿעלד.

די פּיאָנירישע שטרויכלונגען און דערגרייכונגען פֿון סוף 19טן יאָרהונדערט און אָנהייב 20טן יאָרהונדערט האָבן דערמעגלעכט די ראַפֿינירטע דיכטונג פֿון יהואָש, וואָס הייבט אָן אַ נײַ קאַפּיטל אין דער אַמעריקאַניש־ייִדישער פּאָעזיע. יהואָש האָט נאָך פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע ערשטע לידער אין אייראָפּע סוף די אַכציקער יאָרן. געקומען איז ער קיין אַמעריקע אין 1890. די סבֿיבֿה איז נאָך אָבער דעמאָלט געווען דאָ צו רוי, זי זאָל קאָנען אויפֿנעמען אינטעלעקטועלע און ראַפֿינירטע דיכטונג. ווערט יהואָש אויף אַ צײַט אין גאַנצן אַנטשוויגן. די נײַע עפּאָכע האָט זיך נאָך ניט געהאָט אָנגעהויבן; און אַזאַ דיכטער ווערט אָוועקגעשטעלט אין אַ שווערער און פֿאַראַנטוואָרטלעכער פּאָזיציע. דערפֿאַר טאַקע איז יהואָשס דיכטונגוועג ניט געווען לײַכט און גראָדליניק. יהואָש איז דורך די דאָזיקע יאָרן אַנטשוויגן געוואָרן, און דערפֿאַר גייט אין דער ראַם פֿון דער אַרבעט ניט אַרײַן קיין דעטאַלער אַנאַליז פֿון זײַן דיכטונג.

## קאַפּיטל זעקס

כמעט אַלע דיכטערס, וואָס זײַנען געווען אַקטיוו אין די 90ער יאָרן, פֿאַר־שווינדן אָנהייב 20טן יאָרהונדערט. ב. עדעלשטאַט, ראָזענבלום, לעמפּערט און באַבאַד זײַנען שוין געווען טויט. באָוושאָווער איז געוואָרן גײַסטיק קראַנק, און די וואָס זײַנען געבליבן לעבן האָבן ווי דערפֿילט, אַז זיי האָבן ניט מער וואָס צו זאָגן, און זיי ציִען זיך ביסלעכווײַז צוריק פֿון דער ליטעראַטור. אַפֿילו מאָריס ראָזנפֿעלד האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן זײַנע בעסטע לידער און האָט זיך איצט בלויז איבערגעחזרט. מאָריס ווינטשעווסקי שרײַבט אַצינד בלויז פּראָזע.

דאָס ייִדישע לעבן האָט זיך דאָ ביסלעכווײַז סטאַביליזירט און דער זודיקער שוים איז פֿאַרשוווּנדן. די סבֿיבֿה איז געוואָרן מיושבֿדיקער, ראַפֿינירטער, און כאָטש מיט דעם אַלעם איז אויך פֿאַרלוירן געגאַנגען אַ היפּש ביסל פֿון דעם פּיאָנירישן אידעאַליזם און אויפֿריכטיקער רעוואָלוציאָנערישקייט — האָט זיך אָבער אין דער לופֿטן שוין געטראָגן דער אָנזאָג פֿון אַ נײַער דיכטונג. מען האָט געפֿילט דאָס אָנקומען פֿון נײַע פֿייגל מיט נײַע לידער, און איינער פֿון זיי איז געווען דער אינטעלעקטועלער דיכטער יהואָש, דער שפּעטערדיקער איבערזעצער פֿון דער ביבל אויף ייִדיש.

---

(1) געגוי ווען סאַבעל איז געקומען קיין אַמעריקע איז ניט באַקאַנט. זיכער איז, אַז ער איז געקומען אין די יאָרן צווישן 1871 און 1875. זע קלמן מרמר: „צוויי יובילייען", פּינקס, ניו־יאָרק 1927—28, ערשטער באַנד, זז' 46, 47.

(2) פֿאַרעפֿנטלעכט אין שמרס דאָס פֿאַמיליען־בלאַט, 18טן יולי 1897.

(3) מאָריס ווינטשעווסקי, לידער און געדיכטע, אין פֿיר ליפֿערונגען; אַרויסגעגעבן פֿון דער גרופּע „יהי אור", ניו־יאָרק.

(4) אָט איז אַ מוסטער פֿון לעמפּערטס אַ צײַט־לידל:

ווען איך וואָלט געווען אין דער אָפּאָזיציאָן —
ערשטנס אַ „פֿאָרווערטס" סענטן־קלײַבער,
צווייטנס אַ פֿאָלקס־טריבונע שרײַבער,
דריטנס אַ רעדאַקטאָר אויף אַ שעה,
פֿערטנס אַ קוקער דאָרט און דאָ,
פֿינפֿטנס אַ מענעדזשער פֿון אַ בלאַט,
זעקסטנס אַסעמבלי־קאַנדידאַט,
זיבעטנס צום טײַוול מיט אַלץ מיט אַ מאָל —
איך ווער אַ מאַכער אין טעמעני האָל.

(„אַרבעטער־צײַטונג", 16טן אָקטאָבער 1898)

(5) ציטירט לויט משה שטאַרקמאַן, „מאָריס ראָזנפֿעלדס אָנהייב", דער פּינקס, ניו־יאָרק, העפֿט 1־2, יולי־דעצעמבער 1927.

(6) ציטירט לויטן פֿריִער דערמאָנטן אַרטיקל פֿון משה שטאַרקמאַן.

(7) סירענע.

# קאַפּיטל זיבן

# די ייִדישע דראַמע

גלײַכצײַטיק מיט דער אַנטשטייונג פֿון דער ייִדישער פּרעסע און פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, קומט אויך אויף דער ייִדישער טעאַטער און די ייִדישע דראַמע. די זעלביקע סבֿיבֿה, די זעלביקע מענטשן וואָס האָבן גורם געווען, עס זאָל אויפֿקומען אַ ייִדישע ליטעראַטור אין דער נײַער וועלט, האָבן אויך גורם געווען, אַז עס זאָל אויפֿקומען דער ייִדישער טעאַטער.

דאָס טעאַטער, ווי מיר ווייסן, איז נאָך מער ווי די ליטעראַטור אָפּהענגיק פֿונעם געשמאַק פֿון גרויסן עולם. כּדי אַ טעאַטער זאָל קאָנען פֿונקציאָנירן און נאָרמאַל זיך אַנטוויקלען, מוז עס שוין פֿון אָנהייב האָבן טויזנטער באַזוכערס. אַ דיכטער קאָן זיך נאָך דערלויבן דעם לוקסוס ניט אַלע מאָל זיך צו רעכענען מיטן געשמאַק פֿון פּובליקום, און שרײַבן ווי ער וויל און וואָס ער וויל. אַן אומאָפּהענגיקער שרײַבער באַדאַרף זיך ניט אַלע מאָל רעכענען מיטן געשמאַק פֿון די אומקולטיווירטע לייענערס. ער קאָן זיך שטעלן דעם ציל זיי ביסלעכווײַז צו דערציִען און ביסלעכווײַז צו פֿאַרפֿײַנערן זייער געשמאַק. ער קאָן אָפּט מאָל שרײַבן פֿאַר דעם צוקונפֿטיקן לייענער. אָבער אַ טעאַטער קאָן ניט איגנאָרירן דעם עולם. ער מוז זיך תּיכּף רעכענען מיט אים, ער מוז באַלד האָבן אַן אויִדיענץ, און אויך דאָס אויפֿפֿירן אַ דראַמע איז פֿאַרבונדן מיט גרויסע אויסגאַבעס. דאָס ייִדישע טעאַטער אין אַמעריקע, אין די ערשטע יאָרן פֿון זײַן עקסיסטענץ, האָט דערפֿאַר אָפּגעשפּיגלט דעם פּרימיטיוון געשמאַק פֿונעם ייִדישן אימיגראַנט.

דער קולטור־ניוואָ פֿון דער ייִדישער סבֿיבֿה אין אַמעריקע אין די יאָרן 1870—1900 איז אונדז שוין פֿון פֿריִער באַקאַנט. פֿון די פֿריִערדיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער אַנטשטייונג פֿון דער פּרעסע און דער ליטעראַטור קאָן מען זען, אַז אויף אַן אידעאַלער הייך איז זי דעמאָלט ניט געשטאַנען. נאָר אויב די ליטעראַטור און די פּרעסע זײַנען ניט אַלע מאָל געווען דער העכסטער אויסדרוק פֿון קינסטלערישקייט, — איז דער טעאַטער אין יענע יאָרן דאָס זיכער ניט געווען.

דאָס טעאַטער, וואָס איז באַלד געקומען אין דירעקטן קאָנטאַקט מיט דער אימיגראַנטישער מאַסע, איז תּיכּף געוואָרן אַ גרויסע קאָמערציעלע אונטערנעמונג, וואָס האָט אין תּוך ניט געהאַט קיין שום אידעאַליסטישע פּרעטענזיעס און צוזאָגן, ווי די ליטעראַטור און די פּרעסע. דאָס וואָס ווערט דאָ געשריבן איז ניט קיין געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער, און מיר וועלן זיך דאָ ניט אַרײַנלאָזן אין דעטאַלן וועגן דער אַנטשטייונג פֿון ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע, וועגן די פֿאַרשיידענע

טרופּעס וואָס זײַנען דאָ אויפֿגעקומען, וועגן די קריגערײַען און רײַסעניש צווישן אַקטיאָרן און טעאַטערס. מיר וועלן זיך בלויז אָפּשטעלן פֿאַרבײַגייענדיק אויף עטלעכע וויכטיקע פֿיגורן און עטלעכע וויכטיקע דאַטעס, וואָס האָבן צושטאַנד געבראַכט און אַנטשיידט דעם גורל פֿון ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע.

די גענויע דאַטע פֿון דער ערשטער ייִדישער טעאַטער־פֿאָרשטעלונג אין אַמעריקע איז ניט באַקאַנט. אָבער אַ סטאַבילער ייִדישער טעאַטער איז אַנט־שטאַנען אין אָנהייב פֿון די אַכציקער יאָרן. אין יענע יאָרן איז געלייגט געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿאַר אַ פּערמאַנענטן ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע.

אין די ערשטע צײַטן האָט מען דאָ אויפֿגעפֿירט גאָלדפֿאַדנס פּיעסעס. אָבער דער אָפּגעשטאַנענער ייִדישער אימיגראַנט פֿון יענער צײַט האָט נאָך אַפֿילו דעמאָלט ניט געקאָנט באַנעמען גאָלדפֿאַדנס מוזיקאַלישע קאָמעדיעס. גאָלדפֿאַדן איז געווען צו ראַפֿינירט פֿאַרן ייִדישן טעאַטער־עולם. משה הורוויטש און יוסף לאַטײַנער האָבן פֿיל בעסער אויסגעדריקט דעם פּרימיטיוון געשמאַק פֿור־נעם עולם, און אין יענע יאָרן וועלן זיי טאַקע די דאָמינירנדיקע דראַמאַטורגן אין ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע. אויפֿן קינסטלערישן ווערט פֿון זייערע דראַמען לוינט זיך אַפֿילו ניט אָפּצושטעלן דאָ. די דאָזיקע „טעאַטער־ווערקע" פֿאַר־מאָגן ניט קיין אינהאַלט, קיין פֿאָרעם און קיין זינען. אין די מערסטע פֿאַלן איז דער אינהאַלט, וואָס איז גענומען געוואָרן בײַ פֿרעמדשפּראַכיקע דראַמאַטורגן, אַזוי „באַאַרבעט" און פֿאַרדרייט געוואָרן, אַז עס האָט זיך באַקומען אַן אַבסורד, ניט קיין דראַמע. משה הורוויטש האָט געשריבן היסטאָרישע אָפּערעטן, ווו ס׳האָט געפֿעלט אי געשיכטע אי טעאַטראַלישקייט. לאַטײַנער האָט פֿאַבריצירט אָפּערעטעס אויף דעם זעלביקן אופֿן און לויט דעם זעלביקן זשאַנר, און עס איז בײַ אים אַרויסגעקומען דער זעלביקער שאַבלאָן. אַפֿילו אַזוינע מענטשן ווי משה זייפֿערט און אַ. מ. שאַרקאַנסקי, מענטשן וואָס האָבן פֿאַרמאָגט טאַלאַנט, האָבן זיך אַזוי צוגעפּאַסט צום ייִדישן טעאַטער פֿון יענער עפּאָכע, אַז זיי האָבן צוגע־שטעלט דעם זעלביקן סאָרט דראַמאַטורגישן מאַטעריאַל. סײַ זייפֿערטס סײַ שאַרקאַנסקיס טעאַטער־שטיק פֿאַרמאָגן געשמאַקלאָזע פֿראַזעס, נאַיִווע רייד און ביליקע סאַטירע. נ. מ. שײַקעוויטש (שמר) האָט צוגעשטעלט דראַמעס אויפֿן זעלביקן ביליקן אופֿן ווי ער האָט צוגעשטעלט ראָמאַנען, און ער האָט זיך גוט צוגעפּאַסט צום ייִדישן טעאַטער פֿון יענער צײַט.

די קליינע ציוויליזירטע מינאָריטעט, צווישן די ייִדישע אימיגראַנטן, וואָס האָט זיך ניט צופֿרידנגעשטעלט מיט דעם מין טעאַטער, איז אַרויסגעטראָטן אין דער ייִדיש־ראַדיקאַלער פּרעסע פֿון יענער צײַט קעגן דעם טעאַטער און קעגן די דראַמאַטורגן. די ראַדיקאַלע פּרעסע האָט געפֿאָדערט אַ בעסערן טעאַטער — אַ טעאַטער, ווו עס זאָלן אײַנשטודירט און אויפֿגעפֿירט ווערן עכטע פּיעסן, פּיעסן מיט אַן אינהאַלט און מיט אַ זינען. און ווען סוף אַכציקער יאָרן האָט זיך שוין

געפֿונען אַן עולם, וואָס איז געווען רייף פֿאַר אַ בעסערן טעאַטער, פֿאַר אַן ערנצטערער דראַמע, האָט זיך אויך באַוויזן דער נייטיקער דראַמאַטורג.

דער דראַמאַטורג, וואָס האָט געטאָן אַ שטויס פֿאָרויס די ייִדישע בינע און די ייִדישע דראַמע איז געווען — יעקבֿ גאָרדין. אין גאַנצן קיין אָריגינעלער דראַמאַטורג איז גאָרדין ניט געווען, אָבער מיט זײַן פֿאַרשטענדעניש, מיט זײַן ערנצטן צוגאַנג צום טעאַטער, מיט זײַן בעסערער באַציִונג צו דער דראַמע, איז אים באַשערט געווען צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פֿון בעסערן ייִדישן טעאַטער אין אַמעריקע. ניט אַלע צענדליגער און צענדליגער דראַמעס, וואָס גאָרדין האָט געשריבן, האָבן אַ ליטעראַרישן ווערט. זײַנע מערסטע פּיעסעס זײַנען ווײַט פֿון עכטער דראַמאַטישער קונסט. עס פֿילט זיך אָבער אין זיי אַן ערנצטער פֿאַרמעסט, אַן אויפֿריכטיקע אָנשטרענגונג פֿון וועלן צוקומען צו דער קינסטלערישער פּיעסע, — און דאָס איז זײַן גרויסער בײַטראָג און פֿאַרדינסט. ער האָט געהאָלפֿן אָפּרייניקן די ייִדישע בינע און צוגרייטן אַן אָרט פֿאַר די טאַלאַנטפֿולע דראַמאַטורגן, וואָס זײַנען אָנגעקומען שפּעטער — נאָך אים. יעקבֿ גאָרדין איז געווען זייער פּראָדוקטיוו און האָט געשריבן אַ סך מיטלמעסיקע און מעלאָדראַמאַטישע פּיעסעס, אָבער אַפֿילו זײַנע דורכשניטלעכע פּיעסעס שטייען אַ סך העכער ווי די פּיעסעס פֿון זײַנע מיטצײַטלערס. אין עטלעכע פּיעסעס צייכנט ער זיך אויס מיט אַן עכטן דראַמאַטישן טאַלאַנט, — אין זיי וואַקסן אַרויס אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן לעבעדיקע געשטאַלטן, און זייערע דראַמאַטישע קאָנפֿליקטן קלינגען נאַטירלעך און איבערצײַגנדיק.

גאָרדין האָט געשריבן זייער ווייניק אָריגינעלע פּיעסעס. די מערסטע פֿון זײַנע דראַמעס זײַנען אַדאָפּטירטע פֿון פֿרעמדשפּראַכיקע דראַמעס. גאָרדין איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער וועלט־ליטעראַטור און ער האָט גענומען זײַנע מוסטערן פֿון רוסישע, דײַטשע און ענגלישע מאָדעלן. ער האָט די סוזשעטן פֿאַרייִדישט; ער האָט ניט נאָר געגעבן זײַנע העלדן ייִדישע נעמען, נאָר ער האָט זיי אַרײַנגעבראַכט אין אַ ייִדישער סבֿיבֿה, אין אַ ייִדישן לעבנס־שטייגער. גאָרדין איז געווען, ווי באַוווּסט, אַ ראַדיקאַל, און ער האָט געפּרוּווט אין זײַנע דראַמעס דורכפֿירן זײַנע ראַדיקאַלע און פּראָגרעסיווע אידעען. גאָרדין האָט געוואָלט פֿאַרשטעלן און אָפּשפּיגלען אויף דער בינע דעם עלנט און די נויט וואָס הערשן אין אונדזער געזעלשאַפֿט:

„די גאַנצע וועלט איז אַ שחיטה. יאָ, הכּל שוחטין ושחיטתם כּשרה... אַזעלכע שטילע, לײַדנדע, ווי איך, איז דאָ זייער פֿיל. זיי אַליין קאָנען זיך ניט העלפֿן. מען דאַרף דערציילן פֿון זיי מיט האַרצשנײַדנדע ווערטער, מיט יאָמער, מיט שרעק און פֿאַרצווייפֿלונג, דערציילן פֿון זיי אַזוי לאַנג, ביז די שרעקלעכע שחיטה וועט פֿאַרטריבן ווערן פֿון אונדזער לעבן! מיט וואָס זאָל איַיך די אָרעמע אסתּרקע דאַנקען? זאָגאָר מײַן דאַנקבאַר־

## קאַפּיטל זיבן

קײט קאָן איך אין פֿילע אַנדערע אונטערדריקטע און לײַדנדע אויסדריקן נאָר מיט אַ טרער; אָבער איך װײס, דײַנע טרער איז בײַ אײַך טײַערער פֿון אַ בריליאַנט, און די קרױן, װעלכע װעט אַ מאָל שײַנען אױף אײַער קאָפּ, װעט זײַן באַלױכטן נאָר פֿון אַזעלכע בריליאַנטן.״

(אײנאַקטער „די טיפֿן־גאַלערײע״ — 1901)

אַט די װערטער, װאָס גאָרדין לײגט אַרײַן אין מױל פֿון זײַנער אַ העלדין, זײַנען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אים אַלײן. ער האָט געװאָלט דערציִען און לערנען די מאַסן װי צו שאַפֿן אַ בעסערע װעלט. ער האָט געװאָלט אױפֿקלערן און אױסבעסערן די געזעלשאַפֿט. ער האָט געגלױבט, אַז אין יעדן מענטשן קעמפֿט דאָס גוטע מיטן שלעכטן, און אַז זיגן דאַרף דאָס גוטע:

„װאָס? װאָס איז דער װילדער מענטש? דער װילדער מענטש זיצט טיף באַגראָבן בײַ יעדן פֿון אונדז. באַטראַכט אַלע אונדזערע באַנעמען, אונדזער אױפֿפֿירונג, זיצט ניט בײַ יעדן פֿון אונדז אַ װילדער מענטש? װען מיר בילדן זיך, װען דער גײַסט דערװאַכט אין אונדז, װען אונדזער זעלע הערשט איבערן קערפּער, דאַן שלאָפֿט אין אונדז דער װילדער מענטש, אָבער פֿאַרקערט, װען מיר שטרעבן נאָר צו מאַטעריעלע צילן, װען מיר האָבן קײנע אידעאַלן, װען אונדזער גײַסט שלאָפֿט, דאַן װאַכט אין אונדז דער װילדער מענטש, װעלכער צװינגט אונדז צו גײן קעגן ציװיליזאַציאָן, קעגן די געזעצע דער מענטשהײט? װען בײַ אונדז אַט דאָ װעט מער קײן פּלאַץ זײַן פֿאַר דעם װילדן מענטשן, דאַן װערדן קײנע װילדע מענטשן מער עקסיסטירן.״

(„דער װילדער מענטש״ — 1893)

די ערשטע דראַמע גאָרדינס, װאָס איז געשפּילט געװאָרן, איז געװען „סיביריאַ״ (1891), אַ דראַמע װאָס האָט אַ קנאַפּן קינסטלערישן װערט. אָבער אַפֿילו די דראַמע האָט אַרײַנגעבראַכט עפּעס נײַס אין יענער צײַט מיט דעם װאָס די האַנדלונג איז ניט געװען צו פֿיל פֿאַרפּלאָנטערט, מיט דעם װאָס די פּיעסע האָט פֿאַרמאָגט עפּעס אַ זין — און מיט דעם װאָס די העלדן האָבן ניט גערעדט קײן דײַטשמעריש, נאָר ייִדיש.

„דער ייִדישער קעניג ליר״ (1892) פֿאַרמאָגט ענלעכקײט צו דעם סוזשעט פֿון שעקספּירס „קעניג ליר״. די פּיעסע פֿאַרמאָגט עטלעכע השכּלה־מאָטיװן. מען רעדט דאָרטן װעגן השכּלה און פּראָגרעס. די געבילדעטע ייִדן װערן דאָרטן אַרױסגעשטעלט אַלס אידעאַליסטן און גוטע מענטשן — דאַקעגן װערן דאָרטן די פֿרומע ייִדן אַרױסגעשטעלט אַלס נידעריקע פֿאַרשװינען. די טיפּן זײַנען דאָרטן געמאָלן אָדער װי מלאכים אָדער װי טײַװאָלים. אין דער פּיעסע רעדט מען הױך פֿילאָסאָפֿישע רײד, װאָס האָבן אָפֿט מאָל ניט קײן זינען, און מען זינגט לידער װאָס האָבן ניט קײן טעם.

# די ייִדישע דראַמע

„דער ווילדער מענטש״ (1893) איז אַ שרײַענדיקע מעלאָדראַמע וועגן אַ שטיפֿמוטער וואָס ברענגט מיט זיך מיט אַ סך אומגליק אין הויז. צום סוף פֿון דער פּיעסע ווערט אַרויסגעבראַכט דער מוסר־השׂכּל, וואָס מיר האָבן שוין ציטירט — אַז אין יעדן איינעם פֿון אונדז געפֿינט זיך אַ ניצוץ פֿון אַ ווילדן מענטשן.

„די געברידער לוריע״ (1894) באַהאַנדלט אַ קריג צווישן צוויי ברידער. איינער איז אַ ווילקענער און דער צווייטער אַ פּראָסטער. דער פֿרומער און ווילקענער פֿאַרכאַפּט די גאַנצע ירושה. עס הערשט שׂינאה און קריג צווישן ביידע ברידער — ביז וואַנען זייערע ביידנס קינדער פֿאַרליבן זיך און עס ווערט ווידער שלום אין דער משפּחה.

„מעדעאַ״ (1896) איז אַדאַפּטירט פֿון פֿ. גרילפּאַרצערס אַ דראַמע „די ווילדע פּרינצעסין״ (1898), און עס ווערט באַהאַנדלט מעדעאַס יוגנט, די פּראָבלעמען פֿון ליבע, פֿאָטערלאַנד, פֿליכט צו עלטערן. און אַזוי ווי אין דער דראַמע ווערן געשילדערט קיניגן, פּרינצן און פּרינצעסינס, און יעדער רעדט אין אַ הויכן, רעטאָרישן סטיל, גיט זיך גאָרדין אַן עצה און לאָזט זײַנע העלדן רעדן דײַטשמעריש. ביידע דראַמעס פֿאַרמאָגן עטלעכע זייער שטאַרקע סצענעס וואָס לאָזן איבער אַן אײַנדרוק. אָבער דער אײַנדרוק האַלט ניט אָן לאַנג, ווײַל די קיניגן, פּרינצן און פּרינצעסינס פֿאַלן זייער אָפֿט אַרײַן אין אַ ייִדישלעכן טאָן און די גאַנצע זאַך ווערט אַ ביסל קאָמיש און לעכערלעך.

„דער רוסישער ייִד אין אַמעריקע״ (1895) פֿאַרמאָגט עטלעכע אינטערעסאַנטע מאָמענטן — ספּעציעל ווען די העלדן רעדן און טרוימען וועגן גרינדן ייִדישע קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע.

גאָרדינס בעסטע דראַמעס ביז און אײַנשליסנדיק דאָס יאָר 1900 זײַנען: „מירעלע אפֿרת״ (1898), „די שחיטה״ (1899), „גאָט, מענטש און טײַוול״ (1900) און „סאַפֿאָ״ (1900). דער מהלך צווישן אָט די דראַמעס און זײַנע ערשטע דראַמעס איז אַזאַ גרויסער, אַז עס איז שווער צו גלייבן, אַז דער זעלביקער מענטש האָט זיי געשריבן.

אין „מירעלע אפֿרת״ באַהאַנדלט גאָרדין די באַציִונגען צווישן אַ מוטער און אירע קינדער. די מוטער איז אַלץ מקריבֿ פֿאַר אירע קינדער, אָבער די קינדער שאַצן דאָס ניט אָפּ. די אייביקע טעמע פֿון אומדאַנקבאַרע קינדער ווערט דאָ באַהאַנדלט אויף אַן אינטערעסאַנטן און דראַמאַטיש־שטײַגנדיקן אופֿן. די האַנדלונג איז פּשוט, נאָרמאַל און קאָנסעקווענט. דער גוטער סוף, ווען די מוטער קערט זיך אום צו אירע קינדער, איז גאַנץ נאַטירלעך פֿאַר דער ייִדישער סבֿיבֿה, ווו ייִדישע מוטערס זײַנען תּמיד גרייט זיך מקריבֿ צו זײַן צוליב זייערע קינדער. די אַטמאָספֿערע פֿון דער דראַמע איז עכט ייִדישלעך. די כאַראַקטערן זײַנען לעבעדיק און פֿײַן געמאָלן. דאָ און דאָרט כאַפּט זיך אַרײַן

אַ דרשה וועגן דעם, אַז מענטשן דאַרפֿן אָפּשאַצן גליק, ווען זיי האָבן עס, אָדער אַז אַלע מענטשן דאַרפֿן לעבן בשלום און זיך ניט אָפּטיילן איינער פֿונעם אַנדערן. אָבער אָט די דרשות שטערן ניט צו פֿיל דעם נאַטירלעכן גאַנג פֿון דער דראַמע.

„די שחיטה" איז שוין אַ שוואַכערע דראַמע. דאָ דאָמינירט שוין דער מעלאָדראַמאַטישער עלעמענט. עלטערן מאַכן חתונה זייער יונגע טאָכטער צו אַן עלטערן ייִדן, אַ למדן און אַן עושר. די יונגע ווײַב האָט אָבער ניט ליב איר מאַן. זי האָט מורא פֿאַר אים. דער סוף איז אַ טראַגישער. גאָרדין האָט דאָ געוואָלט שאַרף קריטיקירן די עלטערן, וואָס מאַכן חתונה זייערע קינדער, ניט רעכענענדיק זיך מיטן ווילן און געשמאַק פֿון די קינדער. גאָרדינס מוסר און די מעלאָדראַמאַטישקייט דאָמינירן אין דער פּיעסע, און דאָך איז אַפֿילו די דאָזיקע מעלאָדראַמע אינטערעסאַנטער ווי זײַנע ערשטע פּיעסעס.

„גאָט, מענטש און טײַוול" איז אַ שטאַרקע פּיעסע. זי איז באַאײַנפֿלוסט פֿון געטעס „פֿאַוסט". אין אָט דער דראַמע דערגרייכט גאָרדין זײַן העכסטן דראַמאַטישן אויסדרוק. גאָרדין באַהאַנדלט דאָ די אייביקע פֿראַגעס פֿון גוט און שלעכט, פֿון עונש און שכר. גאָרדין גיט אין דער דראַמע אַ בילד פֿונעם אויפֿקום פֿון אַ ייִדישן פֿאַבריקאַנט. זײַן העלד ווערט דאָ רײַך און פֿאַר געסט אין גיכן אַלע זײַנע אַמאָליקע פֿרײַנד. ער דערווײַטערט זיך פֿון אַלעמען. ער ווערט אַן עקספּלואַטאַטאָר, וואָס שטעלט זיך פֿאַר גאָרניט אָפּ, כּדי צו ווערן נאָך רײַכער ווי ער איז. ער זינקט ווי אין אַ זומפּ, ביז איין מאָל דערוואַכט אין אים זײַן אײַנגעשלאָפֿענער געוויסן. ער דערפֿילט פּלוצלונג, אַז ווײַטער פֿירן אַזאַ לעבן קאָן ער ניט און, געפּלאָגט פֿון געוויסן, באַגייט ער זעלבסטמאָרד. דער דיאַלאָג און די האַנדלונג זײַנען קאָנסעקווענט און נאַטירלעך. די מענטשן זײַנען לעבעדיק און איבערצײַגנדיק. פֿון אַלע דראַמעס איז „גאָט, מענטש און טײַוול" גאָרדינס גרעסטע קינסטלערישע דערגרייכונג.

אין „סאַפֿאָ" באַהאַנדלט גאָרדין די פּראָבלעם פֿון פֿרײַער ליבע. סאָפֿיע, די שטאָלצע, פֿרײַע נאַטור, וואָס קעמפֿט קעגן דער אָנגענומענער געזעלשאַפֿט־לעכער מאָראַל, ווערט רעאַל געשילדערט. צום סוף גיט זי זיך טאַקע אונטער — זי קאָן מער ניט קעמפֿן, און זי ווערט באַזיגט. אויך דאָ דאָמינירט די אי־דעע, זי ווערט אָבער באַלעבט דורך דער אַקציע פֿון דער העלדין, וואָס איז אַ סימפּאַטישער טיפּ. אויך די אַנדערע העלדן און די סבֿיבֿה זײַנען לעבע־דיק געשילדערט.

קוואַנטיטאַטיוו האָט גאָרדין איבערגעלאָזט אַ גרויסע דראַמאַטישע ירושה, קוואַליטאַטיוו האָט ער אָבער איבערגעלאָזט בלויז עטלעכע דראַמעס, וואָס האָבן אַ פּערמאַנענטן קינסטלערישן ווערט. אָבער געשיכטלעך גענומען, האָט זײַן אַרבעט ביז יאָר 1900 צוגעגרייט דאָס פֿעלד פֿאַר דער בעסערער ייִדישער

דראַמע אין אַמעריקע; ער האָט אַ שטאַרקן שטויס געטאָן אויף פֿאָרויס דעם בעסערן יִדישן טעאַטער אין אַמעריקע.

לעאָן קאָברין האָט נאָך גאָרדינען — אינעם ערשטן פֿערטל פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — אָנגעשריבן עטלעכע ווערטפֿולע דראַמעס. ער האָט נאָך בײַם סוף נײַנציקער יאָרן געשאַפֿן פֿאַרן טעאַטער. זײַן דראַמע „מינע" (1898) ווײַזט שוין דעמאָלט אָן אויף קאָברינס דראַמאַטישן טאַלאַנט. אין דער דראַמע זײַנען פֿאַראַן פֿײַנע בילדער פֿונעם נײַעם יִדישן שטייגער אין אַמעריקע. דער קאַמף צווישן עלטערן און קינדער, דער פּראָטעסט פֿון עלטערן דור קעגן דעם „אַמעריקאַניזם" פֿון זייערע קינדער, קעגן דער ניט־פֿרומקייט פֿון די „יונגע", ווערט בולט און דראַמאַטיש אַרויסגעבראַכט אין דער דראַמע. קאָברינס שילדערונג פֿון די ערשטע יִדישע ראַדיקאַלן, פֿון די פּשוטע, פֿאַרגרעבטע יִדן, וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין אַמעריקע, זײַנען עכט און אמתדיק. די דראַמע איז אָבער ערטערווײַז צעצויגן און לײַדט פֿון צו פֿיל אַגיטאַציע־דרשות, וואָס די „אויפֿגעקלערטע" האַלטן. די דראַמע פֿאַרמאָגט אויך הומאָריסטישע עלעמענטן. „מינע" איז אָבער מיט דעם אַלץ ניט קיין גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונג, — די דראַמע איז אָבער וויכטיק אַלס דראַמאַטישער ערשטלינג, וואָס האָט דערמוטיקט קאָברינען אָנצוגיין ווײַטער מיט זײַן שאַפֿן אויפֿן געביט פֿון דער יִדישער דראַמע.

אויך דער שריפֿטשטעלער משה קאַטץ האָט געפּרוּווט שרײַבן דראַמעס. זײַן דראַמע „דער יִדישער דאָן קיכאָט" (1898) פֿאַרמאָגט עטלעכע פֿײַנע בילדער פֿון יִדישן שטייגער. דאָס שילדערן פֿון יום־טובֿ, שדכנות — זײַנען יִדישלעך דורך און דורך. דערפֿאַר זײַנען די געשפּרעכן וועגן יִדישע צרות, וועגן יִדישער גוטהאַרציקייט — נאַיִוו, סענטימענטאַל און קינסטלעריש ניט געלונגען.

מאָריס ווינטשעווסקי האָט שוין אין די אַכציקער יאָרן, נאָך זײַענדיק אין לאָנדאָן, אָנגעהויבן שרײַבן דראַמעס. אין די יאָרן 1900—1925 האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע דראַמאַטישע ווערק און האָט איבערגעזעצט אין יִדיש עטלעכע דראַמעס. סײַ די דראַמעס, וואָס ער האָט געשריבן אין לאָנדאָן, סײַ יענע, וואָס ער האָט געשריבן אין אַמעריקע נאָכן יאָר 1900, גייען ניט אַרײַן אין די ראַמען פֿון אונדזער אַרבעט. דאָ ווילן מיר בלויז דערמאָנען זײַן „דער שׂטן מקטרג" (1895), אַ קורצע שפּיל געשריבן אין פֿערזן. די האַנדלונג קומט פֿאָר אין הימל, ווו סײַ דער שׂטן סײַ דער מלאך מיכאל רעדן וועגן יִדן. אויפֿן ריכטער־שטול זיצט גאָט אַליין. דער שׂטן רעדט אָן אויף יִדן, אַז זיי זײַנען באַנקירערס, שווינדלערס און עקספּלואַטאָרן, וואָס פֿאַרקנעכטן די גאַנצע וועלט. דער מלאך מיכאל פֿאַרטיידיקט די יִדן, אַז זיי זײַנען די בויערס פֿון אַ נײַער וועלט און פֿון אַ גערעכטער אָרדענונג. „דער

שׂטן מקטרג" איז אָבער ניט קיין דראַמאַטיש ווערק. עס איז בלויז אַ מין וויכּוח צווישן גאָט און זײַנע מלאכים. די פּערזן זײַנען רוי, עס פעלט דראַ־מאַטישע האַנדלונג און קיין דיכטונג זײַנען די פּערזן אויך ניט.

ווי מיר זעען, איז אויפן געביט פון דער דראַמע ניט אויפגעטאָן געוואָרן פיל מער, ווי אויפן געביט פון דער נאָוועלע און דערציילונג. דאָס איז אָבער ניט מער ווי נאַטירלעך, ווײַל כּמעט די זעלביקע מענטשן, וואָס האָבן באַשאַפן די יידישע נאָוועלע אין יענעם פעריאָד, האָבן אויך באַשאַפן די יידישע דראַמע. חוץ דעם איז די סבֿיבֿה אַרום דעם יידישן טעאַטער אין יענער צײַט ניט געווען קיין גינצטיקע, וואָס זאָל קאָנען שעפּעריש דערמעגלעכן דעם אויפשטײַג פון דער גרויסער יידישער דראַמע. אָבער דאָס זײַנען די ערשטע דראַמאַטורגן, וואָס האָבן דאָ געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער יידישער דראַמע אין אַמעריקע, וואָס האָט שפּעטער באַרײַכערט אונדזער קונסט־אוצר מיט וויכטיקע דראַמאַטישע ווערק.

*

די אויבן דערמאָנטע פּיעסעס — פּונקט ווי די אויבן דערמאָנטע זשורנאַ־ליסטישע אַרבעטן, דערציילונגען, ראָמאַנען און לידער — זײַנען געווען די ערשטע זריעה־קערנער, וואָס די פּיאָנירן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע האָבן מיט גרויס אידעאַליזם פאַרזייט אויף דעם נײַעם באָדן דאָ. די פּיאָנירן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע האָבן געלייגט דעם טראָפּ אויף דעם סאָציאַלן עלעמענט אין זייערע ווערק. די ריין קינסט־לערישע פאָרעם איז זיי אָפט מאָל ווייניק אָדער גאָרניט אָנגעגאַנגען. זיי זײַנען אַלע געווען דורכגענומען און באַהערשט פון געפיל און ווילן צו דערציִען די גרויסע מאַסן אין גײַסט פון די הומאַניטאַרע און פרײַהייטלעכע שטרעמונ־גען, וואָס דער 19טער יאָרהונדערט האָט מיט אַזוי פיל ברען און צוזאָג מיט זיך אומעטום מיטגעבראַכט.

ווער פון די פּיאָנירן האָט צעאַקערט דעם באָדן דאָ מיט מער טאַלאַנט און ווער מיט ווייניקער ערנצט און אידעאַליזם, — אָבער יעדער איינער פון זיי האָט געהאָלפן צוגרייטן דעם נייטיקן באָדן דאָ אין לאַנד, ווו עס האָט זיך שפּעטער צעבליט אַ גרויסע און אַ רײַך פאַרצווײַגטע קינסט־לערישע ליטעראַטור אויף יידיש. אַ ליטעראַטור און אַ פּרעסע, וואָס האָט אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צײַט אַרויסגעגעבן דאָ אַ גרויסע צאָל וויכטיקע זשורנאַליסטן, פּובליציסטן, דערציילערס, פּאָעטן, נאָוועליסטן, דראַ־מאַטורגן און עסייאיסטן.

## CONTENTS

